שלום אַש

# דאָס שטעטל

ר׳ שלמה נגיד
דער פֿאַרבאָרגענער בחור

איקוף פארלאג
ניו־יאָרק, 1947

בלאָטיק איז דער וועג, וואָס פֿירט אין שטעטל אַריין. עס איז אַ פּאָר פּורים־טאָג, דער שניי אויף די פֿעלדער צעלאָזט זיך און צעגייט, און איבער דער אויבערדעק פֿון דער ווייסער שניי־וועלט ווייזן זיך שוין דאָ און דאָרט שוואַרצע ערד־פֿלעקן אַרוים. דער זאָמען, וואָס האָט דעם גאַנצן ווינטער הינטער דער שניי־דעק אין דער ערד זיך אויפֿגעהאַלטן, איז ווייך געוואָרן, צעשפּאָלטן און זיינע שפּראָצנדיקע וואָרצ־לען הויבן אָן נאָגן חיונה פֿון דער מאַמע־ערד. און אין די שוואַרצע ערד־פֿלעקן איז עס צו דערקענען, אַז די מאַמע ערד איז טראָגעדיק... ווייט אויף ביידע זייטן וועג, צווישן די ליפּע־ביימער, גייט אַן איינזאַ־מער וואַנדערער מיטן פּעקל אויף דער פּלייצע און מיטן שטעקן אין דער האַנט. שוואַרצע קראָען פֿליען דאָרט ווייט איבערן וועג, פֿון בוים צו בוים. און שאַרן אַפּ מיט זייערע גרויע פֿיסלעך די ווייסע, לאַנגע שניי־שנירלעך, וואָס זיינען אויף די צווייגן פֿון די ביימער. דעם וואַנדערערס וועג פֿירט אין שטעטל אַריין. קום־מיט מיט אים, און וואָס מיר וועלן זען און וואָס מיר וועלן הערן, וועלן מיר אין דעם בוך באַשרייבן:

קאַפּיטל איינס

# די שטוב

די טיר פֿון דער שטוב איז אָפֿן אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט, און ווי אין אַ גאַסט־הויז דרייט מען זיך דאָרט תּמיד אַריין און אַרויס. איזן איז עס ר׳ יחזקאל גאַמבינערס שטוב, נאָר דאָך — אַ שטאָט־שטוב, אַ רשות־הרבים, אַזוי אַז אַ ווילד־פֿרעמדער קומט אַריין און זעצט זיך אַנידער, גייט ניט אָן די קשיא: „וואָס ווילט איר זאָגן, ר׳ ייד?״ דאָ זיינען אַלע אין דער היים. פֿאַרלאָזט אַ שטאָט־באַלעבאָס זיין היים אין דער פֿרי אָן אַ גלאָז וואַרעמס, גייט ער זיך פֿראָסט מיט טלית און תּפֿילין אַריבער צו ר׳ יחזקאלן אין שטוב אַריין, און ווי אַ היימישער, הייבט ער איינער פֿון די דינסטן, אַז זי זאָל אים אַ גלאָז טיי דערלאַנגען. מער איז מסוגל די שטוב צו אַ גלעזל באַרשטש; נאָך דעם קומט מען אַריין אין אַ ווינטערדיקן נאָכן־אָנבייסן, אַז דער פֿראָסט קנאַקט, און מען וויל זיך די גלידער אָנוואַרעמען. און ווער שמועסט נאָך, אַז מען קאָכט ביי מלכּה־לען, ר׳ יחזקאלס ווייב, דעם קנאָבל־באָרשטש. צו נעמען אין שטוב איז ניט קיין חרפּה, דער מנהג איז שוין אַזוי: אַ גלעזל באָרשטש, אַ טרונק וואַסער. פֿוילט זיך נאָר אַ שטאָט־באַלעבאָסטע די הרובע אונטערצוהייצן, נעמט זי איר טעפּל און טראָגט עס צו מלכּהלעס קיך אַריבער. און אין מלכּהלעס קיך געפֿינען זיך די גאַנצע שטאָט טעפּלעך. טייל מאָל פֿאַר־טוישן זיך די באַלעבאָסטעס מיט די טעפּלעך, ווערט דאָרט אַ לעבן. מאַכט זיך אַ יונג אַ ברוגז אין דער היים, האַלט ער זיך אויף אין ר׳ יחזקאלס שטאָלן. צו זאָרגן איז נישטאָ וואָס, ברויט און זעמל ווערן ביי ר׳ יחזקאלן נישט פֿאַרשלאָסן — אַלץ איז אין דער קיך פֿריי ווי וואַסער. פּוטער און רעטעכער זיינען שטענדיק דאָ אין קעלער, דער שליסל פֿון קעלער הענגט אין קיך, ביי יענטען (דאָס דינסט־מיידל), אַ „וואוילע טאָכטער״, ברודער, אַז נישט קריגט זי קלעפּ, ר׳ יחזקאל הייטט אַליין.

*

די נאַכט האָט דאָס שטעטל אונטער איר שוץ אַרונטערגענומען, און די גאַנצע וועלט אַרום און אַרום האָט זי אין זיך באַהאַלטן. אין מיטן

דער נאַכט האָט זיך אַ רעשדיק קלאַפּן פֿון פֿערד און רעדער דערהערט אויף שטיינער. דאָס רעשן איז פֿאַרשטומט געוואָרן ביי דעם שטראָל שיין, וואָס האָט פֿון אַ לאָדן אַרויסגעדרונגען, און פֿון וואָגן איז ווער אַראָפּ... שווערע באַלעבאַטישע טריט האָבן איבערן קאָרידאָר זיך געלאָזט הערן. דאָס האָבן געמוזט קומען היימישע, וואָרעם זיי האָבן באַלד די קליאַמקע פֿון טיר געפֿונען, אויפֿגעעפֿנט, און אין שטוב אַריין.

אין דער ברייטער, לאַנגער שטוב איז קיינער ניטאָ. זי איז פֿול מיט שאָטנס; דער גרויסער ווינטער־לאָמפּ מיטן ברייטן שיין, ווי אַ באָבע אין אַ ברייטן פֿאַרטוך, ברענט זיך איינער אַליין צווישן די שאָטנס אין מיטן שטוב. די אָנגעקומענע יידן זיינען אין לאַנגע ברייטע שאָפּן־פּעלצן, די ברייטע קאָלנערס זיינען ביזן האַלבן רוקן פֿאַרוואָרפֿן און ביים האַלדז מיט אַ ברייטן, רויטן שאַל פֿאַרבונדן. צווישן די טונקעלע פֿאַלדן, וואָס פֿאַר־וואַרפֿן זיך אין די פּעלצן, האַלט זיך נאָך אויף דער טונקעלער סוד פֿון דער נאַכט, וואָס זיי האָבן פֿון דרויסן מיטגעבראַכט... אויף די קעפּ האָבן זיי שאָפּענע היטלען מיט לאַפּן איבער די אויערן פֿאַרבונדן, און אַן אייז־הויך איז איבער די היטלען און קעלנער פֿאַרפֿרוירן. דער אייז־הויך ווערט פֿון דער שטוב־וואַרעמקייט צעגאַנגען, און טראָפּן וואַסער רינען פֿון די היטלען, פֿון די פּעלצן; און ביים דרייען זיך איבער דער שטוב לאָזן זיי נאָך זיך שפּורן וואַסער איבער. זיי זיינען צו צום גרויסן אויוון, וואָס איז אין אַ ווינקל פֿון שטוב געשטאַנען. דער אויוון האָט זיין היץ פֿאַרויס פֿאַר זיך געשיקט און נישט צוגעלאָזט צו זיך. די וואַרעמקייט האָט זיי אַרומגענומען. זיי האָבן זיך די פּעלצן אויסגעטאָן און זיינען געבליבן שטיין אין די דיקע מאַנטלען, אַרומגעגאַרטלט מיט רויטע גאַרטלען. ערשט דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן די בערד צו ווייזן. טייל ווייס, טייל שוואַרץ, טייל קורצע, טייל לאַנגע. די יינגערע האָבן דעם אָרט ביים אויוון פֿאַר די אַלטע אָפּגעלאָזט און אַליין זיינען זיי געפֿאַלן ווער אויף אַ באַנק, ווער אויף אַ טיש, און האָבן אָנגעהויבן צו דרעמלען. די אַלטע זיינען שטילשווייגנדיק אַרום אויוון געזעסן, און צו מאָל האָט איינער דעם אַנדערן אַ קשיא פֿון געשעפֿט געפֿרעגט, און נאָך אַ לאַנגער ווילע האָט יענער אים אַ תּירוץ אָפּגעענטפֿערט.

די נאַכט האָט ערשט איצט אָנגעהויבן דורכן פֿענצטער אַריינצוקוקן דורך גרויע ברילן, און עס האָט זיך געדאַכט, אַזוי ווי מען וואָלט אַ פּאָר טונען ליכטיקייט אין אַ פֿינצטערן נאַכט־ים אַריינגעגאָסן. און דאָס ליכטיקייט האָט דאָס פֿינצטערניש קוים מיט עפּעס־וואָס נאָך גרויער געמאַכט. פֿון ערגעץ־וואו האָט זיך אַ לאַנגער, אויסגעצויגענער קוקורעקו פֿון אַן אויפֿגעכאַפּטן האָן געלאָזט הערן; רעדער קלאַפּן אויף שטיינער

און זיי שלאָגן אָפּ איינזאַם אין דער שטילער נאַכט. די נאַכט קוקט אַלץ מער מיט גרויע ברילן דורכן פֿענצטער אַריין, אַפּנים, מען גיסט אַלץ מער טונען ליכט אין דער פֿינצטערניש... פֿון אַ צווייטער שטוב הערט זיך אַ רודערן, אַ וואַסער־גיסן, דערנאָך טריט אויף און אָפּ. באַלד דער־הערט זיך פֿון דער צווייטער שטוב אַן אַלט קול, וואָס זאָגט מיט אַ זייער וויינענדיקן ניגון תּהילים. און דאָס קול גייט זיך פֿאַר זיך אין אַ ווייטן וועג. באַלד מישט זיך אַריין אַ דרייסט דין־יונג קולכעל, וואָס איילט זיך און ווי עפּעס מיט אַ פּרעטענציע מישט עס זיך אַריין אין דעם אַלטן טרויעריקן ניגון: „אָמר אַביי", און וויל עס פֿאַרטומלען. דאָס אַלטע ערנסטע קול, ווי פֿאַר זיך, מיידט אויס דאָס יונגע קולכל און ווייִנט אין דער וועלט אַריין. די יידן ביים אויוון אין דער שטוב, דערהערנדיק קול־תּורה, כאַפּן זיך אויף, רייבן זיך די אויגן. איינער וואַשט זיך די הענט אַן פֿענצטער, מען נעמט באַלד אַרויס אַ סידורל פֿון קעשענע, און מען ענטפֿערט אָפּ מיט אַ שאַרפֿן, האַלב־ליטווישן אַקצענט: „למה רגשו גויים", און עס דאַכט זיך, אַז די קולות גיבן זיך אָפּ איינער דעם צווייטן אַ שלום־עליכם איידער מען זעט זיך נאָך...

און גרויער קוקט אַלץ די נאַכט אַריין דורכן פֿענצטער, אַזוי אַז מען הייבט שוין אָן צווייפֿלען אויב עס איז פֿאַר טאָג, אָדער פֿאַר נאַכט...

פֿון דער קיך הערט זיך אַ האַקן פֿון האָלץ, אַ קנאַקן פֿון פֿייער, מען גיסט עפּעס איבער פֿון איין כּלי אין דער צווייטער. די טיר עפֿנט זיך, מענטשן דרייען זיך, מען קומט אַריין, מען גיסט עפּעס אָן, אָדער מען לייגט עפּעס אַנידער און מען גייט זיך זיין וועג... פֿון אַ ווייטער שטוב הערט זיך אַ קינד וויינען... און עס דאַכט זיך, אַז די קולות מישן זיך אַלע צוזאַמען: דעם יידנס טרויעריק תּהילים־זאָגן, דאָס דינע גמרא־ניגונדל, דער דינסטס האָלץ־האַקן, דאָס קנאַקן פֿון פֿייער און די קולות גריסן און זאָגן דעם ניי־געבוירענעם טאָג, וואָס קוקט דורכן פֿענצטער אַריין: גוט מאָרגן!

אין דער שטוב איז שוין האַלב ליכטיק. אויפֿן טיש זיינען אָנגעלייגט פּעלצן, קאַפּאָטעס און שאַלן. אַ הויכער יונג שלאָפֿט אויף דער קאַנאַפּע און שפּאַרט זיינע לאַנגע פֿיס אין דער וועלט אַריין...

טיר און טויערן זיינען שוין אָפֿן, און מען דרייט זיך אַריין און אַרויס. יידן קומען אָן פֿון פֿאַרשיידענעם עלטער, נידעריקע און הויכע, מיט לאַנגע און קורצע בערד. מען גיט זיך אָפּ שלום־עליכם, און תּוך כּדי דיבור איז מען שוין אין מיטן געשעפֿט. מען רעדט און מען קריגט זיך, אויף טייל פֿראַגן ענטפֿערט מען גאָרנישט און אויף טייל — צופֿיל תּירוצים. אָט האַלט שוין איין ייד דעם צווייטן אונטערן אָרעם און פֿירט

אים אין אַ ווינקל אַריין און רוימט אים עפּעס אין אויער אַריין. אַ צווייטער שטייט ביים טישל, קוקט אין אַ סידור אַריין און וואַרפּט אַן אויג דאָרט אַהין, און פּלוצלינג כאַפּט ער אויף אַ יידן אונטערן אָרעם און פירט אים אויך אין אַ ווינקל אַריין. ווי ער וואָלט יענעם די אויגן געוואָלט אויסשטעכן, ווייזט ער, אַז ער האָט אַ סוד. דערווייל כאַפּט זיך נאָך איינער אויף און טוט זיך אָן טלית־און־תּפילין און שטעלט זיך אַנידער אָפּדאַווענען. אַ צווייטער ייד גייט אים שוין אין וועג אַריין. אין דער זעלבער צייט רעכענען צוויי יידן מיט אַ שטיקל קרייד אויפן טיש, איינער, מיט אַ נאַסן פינגער, מעקט, וואָס דער צווייטער שרייבט, און דער שרייבט ווידער, וואָס דער צווייטער מעקט. אין צווייטן ווינקל שטייען צוויי יידן, און איינער, מיט אַ געל בערדל און אַ רונדיק בייכל, ציילט דעם צווייטן געלט אויפן טיש. ער ציילט ערנסט ווי איינער דאַוונט פרום: 74, 75, 76, ווי ער וואָלט וועלן דערמיט דעם אַנדערן זאָגן: זע, וואָס געלט באַטייט. אין דעם עפנט זיך די טיר, און עס קומט אַריין מיט אַ געלויף אַ הויכער ייד, אַ בלינדער אויף אַן אויג, מיט אַ לאַנגער, רויטלעכער באָרד, און ער הייבט אָן, אָן שום טענות און מענות, צו שילטן דעם געלן, וואָס ציילט דאָס געלט: „רויטער הונט, 250 רובל גיסטו? וואָס, ביסט משוגע געוואָרן?" דאָס געלע יידל ציילט ווייטער דאָס געלט — 101, 102. „וואָס האָסטו צו מיין געלט?" טענהט אַלץ דער צווייטער. נאָר קוים האָט יענער די פּאָר גילדן צוגענומען, שטייט שוין דער רויטער מיטן געלן און זיי סודן זיך, שלום געמאַכט. אויפן טיש ליגן פּראָבן ווייץ און רויטע שנופּ־טיכלעך, און יעדער ייד, וואָס קומט אַריין, כאַפּט אַ פּאָר קערנדלעך, באַקוקט זיי צוערשט, כאַפּט זיי אין מויל אַריין און פרעגט אין דער וועלט אַריין: „וויפל דער מאַרק?" ער באַקומט נישט קיין תּירוץ, קנאַקט ער די ווייצלעך און קנייטשט מיטן שטערן, אַזוי ווי ער וואָלט אַליין פון זיך טרעפן געוואָלט דעם תּירוץ, וואָס ער האָט נישט געקענט אַרויסבאַקומען פון דעם עולם.

די שטוב איז די שטאָט־בערזע. קליינע סוחרימלעך קויפן אויף ביי די פּויערים די תּבואה און מען פאַרקויפט זיי „ר' יחזקאלס שפייכלער". אין דער שטוב ווערן אָפּגעמאַכט אַלע געשעפטן, נישט דווקא די, וואָס זיינען נוגע ר' יחזקאלס געשעפט, נאָר אַפילו דאָס, וואָס איינער האָט עפּעס מיטן צווייטן; אָדער גלאַט אַזוי, אַז אַ ייד וויל זיך דרייען אין אַ געשעפט; אָדער אַז אַ יונגערמאַן גייט דעם ערשטן טריט פון קעסט אַראָפּ און וויל אַריינטרעטן אין האַנדל, דרייט מען זיך צוערשט אין שטוב. דאָס איז דאָס בית־המדרש פון האַנדל.

ביי דער שטוב איז אָפּגעזונדערט אַ שטיבל, דאָס קאַבינעטל, הייסט עס, פאַר ר' יחזקאלן אַליין. ביי אַ פיר־עקיקן שרייב־טיש זיצט ר' יחזקאל

אויף זיין פאָטער־שטול. ר׳ יחזקאל, אַ נידעריק, נאָר אַ דיק יידל מיט אַ רונדיק ווייס בערדל, האַלט זיך אָן מיט איין האַנט די ברילן ביי דער נאָז. איין גלעזל פאַלט אים אַלע מאָל אַרויס, און ר׳ יחזקאל הייבט עס אויף, רייבט עס איבער מיטן טיכל, זעצט עס ווייטער אויף דער נאָז, פרעגנדיק עפּעס אָדער אָפּענטפערנדיק ר׳ טוביהן, זיין „מענטש". ר׳ טוביה, אַ הויכער ייד, מיט אַ דאַרן געזיכט, ענטפערט־אָפּ ר׳ יחזקאלן מיט איילעניש און מיט אַ געלעכטערל, אַזוי ווי ער וואָלט זאָגן: „אַלץ איז גוט, אַלץ איז גוט".

ר׳ יחזקאל, איינגעוויקלט אין זיין לאַנגן ברייטן שלאָפראָק און אין דעם פיר־קאַנטיקן היטל, קנעטנדיק אַ שטיקל ברויט צווישן די פינגער, האָרכט אויס זיין מענטש. אַ מינוט בייזערט ער זיך, אַ מינוט ווערט ער ווייטער גוט, וועלנדיק מיט זיין מענטשן אַן עצה האַלטן.

ר׳ יחזקאל רוקט אויף אַ שופלאָדל, נעמט אַרויס אַ פּאַפּיר און זאָגט צו ר׳ טוביהן:

— וואָלף מוז נאָך דאַנציק שרייבן, אַז דער ערשטער טראַנספּאָרט איז עקספּעדירט.

עס עפנט זיך די טיר און צו ערשט שטעקט זיך אַ קאָפּ אַריין, זאָגנדיק: גוט מאָרגן! דערנאָך פאַרשווינדט דער קאָפּ און עס באַווייזט זיך אַ הויכער פויער מיט לאַנגע, פאַרבלאָטיקטע שטיוול, וואָס לאָזן נאָך זיך אַ קענטלעכן צייכן. דאָס פּנים איז ביי אים רויט פון היץ, טראָפּנס שווייס רינען פון די פייכטע האָר, און ניט אויסצורייד קיין וואָרט, קנעפּלט ער אויף זיין פּאַלטאָ, דערנאָך דעם זשילעט און שלעפּט פון דאָרט אַרויס און גיט איבער אַ בריוול ר׳ יחזקאלן.

בעת ר׳ יחזקאל לייענט, ווענדט זיך דערווייל ר׳ טוביה צום פויער. ר׳ טוביה רעדט צו אים, דער פויער ענטפערט אים אָבער נישט. ער קוקט אויף ר׳ יחזקאלן, וואַרטנדיק אויף עפּעס.

— דעם וואָגן שפּאַנען! איך אַליין פאָר קיין טריסק.

— איך האָב דעמאָלט באַלד נישט געהייסן גיין מיט וואַסער, צוויי וואָכן פאַר די ימים טובים, ווער ווייסט וואָס ס׳קען זיך מאַכן? ביי די ערשטע פרעסט, אַז עס נעמט געזונט... — זאָגט ר׳ טוביה צו ר׳ יחזקאלן מיט אַ מין ווייכן געבייזער, אַליין שוין פאַרשטייענדיק אין וואָס עס האַנדלט זיך.

— פאַרפאַלן, דאָס האָלץ שטעלן האָב איך געמוזט, די טראַטוועס זיינען געווען געבונדן גאַנץ גוט, די שטריק שטאַרק, די טעג שיין, גיי רעכן זיך! וואָס קען מען מאַכן, עס איז געווען מן־השמים, גיי רעכן, אַז פאַר חנוכה וועט זיך די ווייסל שטעלן.

— מען דאַרף אַנטעקן און סאָקאָלסקין מיטנעמען, אויפֿן בוידעם ליגן עטלעכע הונדערט שאָק פֿרישע „סטראַנקעס". די האָקעס, די שטריק — גיט אַן עצה ר' טוביה.

— דאָס איז הייבט אַן זיך רירן, שרייבט מען מיר. גאָט זאָל געבן, אַז די קראַכעס זאָלן נישט זיין גרויס, נאָר טריסק, דאַכט זיך, איז אַ שטיל אָרט, עס איז נישט שטראָמיק, און מיט גאָטס הילף, ווען דאָס איז זאָל נאָר נישט מיט אַ מאָל ברעכן, ווערט מען קענען דאָס האָלץ ראַטעווען — זאָגט צום סוף ר' יחזקאל.

— מיט גאָטס הילף.

— קיין גאָמבין דאַרף מען די גאָמבינער צוויי הונדערט רובל שיקן, און בצלאל צו ר' אַברהם פּלאָצקער, זאָל ער אין שעמעניץ קויפֿן. איך האָב מורא, אַז די שעמעניצער זאָלן נישט די שעפּסן אויסכאַפּן, לאָזן טאָר מען זיך נישט.

און ריידנדיק, זיינען זיי ביידע אין דער צווייטער שטוב אַריין.

דער עולם איז האַלבלעך געווען אין הויף ביים שפּייכלער די תּבֿואה אָפּוועגן, אין דער שטוב זיינען נאָר געווען די אורחים, וואָס זיינען גע־קומען ביי נאַכט מיט תּבֿואה אין שטוב אַריין. און נאָך צוויי שטאָטישע מעקלערס, איינער אַ ייד אין אַ גוייש היטל, מיט אַ קראַגנדל און אַ קורץ רעקל און מיט אַ שטעקן אין דער האַנט — דאָס איז געווען „קאָזעק", דער פּריצישער מעקלער, ער איז געווען געשיקט פֿון דער צוקערניע פֿון אַ פּריץ צו ר' יחזקאלן. ביי יעדן וואָרט, וואָס ער האָט געזאָגט, האָט ער דערמאָנט דעם פּריץ מיט דער צוקערניע. דער צווייטער איז געווען ר' כאַצקל עפּשטיין, אַ ייד אַ חסיד, אַ מאָל אַליין אַ סוחר, היינט אַן אָפּגע־קומענער, אַ מעקלער איז ער געוואָרן נאָר איבערן נאָמען עפּשטיין: עפּעס דער נאָמען פּאַסט צום געשעפֿט. ער טראָגט אַ שטענדיק באַפֿלעקטע און צעריסענע קאָם־זיידענע קאַפּאָטע, וואָס האָט נאָך נישט דעם נגידישן גלאַנץ אָנגעוואָרן.

ר' יחזקאל האָט די יידן שלום־עליכם אָפּגעגעבן, און איידער זיי האָבן נאָך אָנגעהויבן אַ וואָרט אויסריידן, האָט ער זיי צום כּיון געשטופּט נאָך זיך, אַז זיי זאָלן זיך וואַשן צום עסן. דעמאָלט איז אין שטוב אַריין אַ הויכע, דיקע יידענע אין אַ ברייטער שירץ. דער דיקער באַנד פֿון אירע שליסעלעך קלינגען און זאָגן־אָן, אַז זי קומט, און די בריליאַנטענע אוירינגלעך בלאַנקען אין אירע אויערן. זי האָט אַ ריין, ווייס טישטוך איבערן פֿאַרשריבענעם טיש געלייגט, און זאָגנדיק צו די מאַנספּערשוינען מיט אַ ברייט באַלעבאַטיש קול: ר' טוביה, וואַשן, ר' נאָטע שאַבלינער, וואַשן — האָט זי צום טיש געגרייט.

די אורחים האָבן זיך געלאָזט שטופּן צום כּיור. פון הינטן איז גע־גאַנגען דער מעקלער עפּשטיין. מלכּהלע האָט ברויט אויפן טיש אויפ־געלייגט, דער עולם האָט זיך אַרום טיש געזעצט. פון דער קיך האָט זיך געטראָגן דער ריח פון געפּרעגלטע ציבעלעס און די פּאַרע פון רויטן באָרשטש, וואָס האָט דערמאָנט אָן פּסח און האָט געוועקט די תּאווה צום עסן. עפּשטיין איז געזעסן ביים טיש, ווי איינער פון די אורחים, האָט געגעסן און געזאָגט גלייכוווערטלעך. דער צווייטער מעקלער, קאָזעק, איז געזעסן אין אַ ווינקל אויף דעם אָנליין פון שטול און זיך די וואָנצעס געדרייט. ער איז געזעסן אויף אַזאַ שטייגער, אַז מען וויל האָט מען גע־קענט מיינען, אַז ער זיצט ביים טיש, און אַז מען וויל, קען מען מיינען, אַז ער זיצט נישט ביים טיש. ער האָט געקוקט אויף עפּשטיינען פון דער הייך. נאָר די דינסט, ווייזט אויס, האָט זיך טועה געווען און אים געמוזט רעכענען, אַז ער זיצט אויך ביים טיש, וואָרעם זי האָט פאַר אים אויך אַנידערגעשטעלט אַ טעלער. ער, הייסט עס, האָט זיך אויך טועה געווען און צוגערוקט זיך צום טיש, עסנדיק אויך אויף אַזאַ שטייגער, אַז מען וויל קען מען מיינען, אַז ער עסט ביים טיש, און אַז מען וויל קען מען מיינען, אַז ער פאַרזוכט נאָר...

*

אין הויף איז איצט גאָר אַן אַנדער לעבן. אַ פאַר־פּורים־טאָג. דער ווינטער איז נאָך אויף דער ערד, אָבער דער פרילינג שמייכלט שוין פון הימל אַראָפּ, און פון אַלע פיר זייטן וועלט. דער לאַנג־געפרוירענער שניי, וואָס איז דורכן ווינטער אַ צווייטע ערד געוואָרן, צערינט און צעגייט ווי שניי אין וואַסער. דער זונס ליכטיקע טעכעטר — די שטראַלן — בלאַנ־דזשען אין דער בלאָטע אַרום. אין הויף איבער די קעפּ פליען טויבן אַהין און צוריק, קומען אויף דער ערד אַראָפּ, כאַפּן אַ קערנדל האָבער און מיט אַ גדולה פאַרשפּרייטן זיי זייערע ווייסע פליגל און מאַכן פּליטה. אין הויף זיינען קערנער האָבער פאַרוואָרפן, דער הויף איז אין שפּע איינגעטונקט... און הינער דרייען זיך, פּיקן די קערנדלעך און וואַרפן זיך יעדערן פאַר די פיס. ביי דער שטאַל אויף אַ קייט, אונטער אַ ביידל ליגט בורעק, אַ גרויסער קודלוואַטער הונט. ער שטעקט זיין דיקן קאָפּ אַרויס און וואַרט אויף אַ באַפעל. אין הויף, ווי אין ישעיהו הנביאס צייטן, דרייען זיך אַרום אַ ווייסע ציג מיט געדרייטע הערנער און אַ נידעריקער שעפּס, וואָס זיי האָבן צוזאַמען שותּפות געמאַכט און ציפּן צוזאַמען פון די בינטלעך היי, וואָס ליגן אויף דער פור אין מיטן הויף.

אויף דער צווייטער זייט הויף ליגן איינגעפרוירענע ברעטער און קלעצער, האַלב איינגעזונקען אין שניי. יונגען קריכן איבער די קלעצער,

דערגרייכן ביזן שפּייכלער. די טירן פון שפייכלער שטייען אָפן, און פאַר די טירן שטייט אַ גרויסע וואָג. איינער לייגט אַרויף געוויכט אויף דער וואָג, און דער „שרייבער״ (אַ יונגערמאַן אין אַ פעלצל און אין אַ פוטערנעם קאַלנער) האַלט אַ ביכל אין דער האַנט און שרייבט דאָס געוויכט אין ביכל אַריין. דורך דער אָפענער פאַרטקע קומען אַריין צו פאָרן איין פור נאָך דער צווייטער, מען נעמט זעקלעך אַראָפּ, מען וועגט אָפּ, און מען טראָגט זיי אין שפּייכלער אַריין.

נאָטע דער יונג ביי די פערד, אַ הויכער ברייט־ביינִיקער, פון ר׳ יחזקאלס „גוואַרדיע״, מיט אַ שוואַרץ, אָפּגעבערענט געזיכט, מיט ליכטיקע צוויי גרויסע אויגן, וואָס קוקן פון דער ווייטנס ווי צוויי שטורקאַצן, פירט אַרויס פון שטאַל צוויי הויכע פערד, בולאַנעס. איינס פון די פערד האָט אויפן שטערן אַ שוואַרצן רונדיקן פלעק, וואָס האָט פון צווישן זיין גרויען שאָקאָלאַד־קאָליר ווי אַ שוואַרץ אויג געשיינט. די האָר ביים האַלדז זיינען ביי ביידע פערד געווען צעקעמט און איינגעפלאָכטן אין פלעכט־לעך. די האָבער־קינדער זיינען געווען ר׳ יחזקאלס ליבלינגען. זיי האָבן אים פאַרשטאַנען, האָבן געוואוסט, ווען דער וועג איז נייטיק. די בייטש האָט מען נאָר פאַר פאַראַד געהאַלטן. עס איז נאָך נישט געווען דער פאַל, אַז זיי זאָלן אים שבת אין וועג איבערלאָזן. זיי האָבן עפּעס ווי געפילט, ווען עס איז פרייטאָג און מען דאַרף זיך אויף שבת אַהיים איילן. ער האָט זיך געקענט אויף זיי פאַרלאָזן. און ווען זיי פלעגן אַזאַ שטיקל ווייזן, האָט ער זיי אַליין מיט זיין האַנט געגלעט...

געזאָגט האָט מען, אַז ר׳ יחזקאלס פערד זיינען נשמות פון אַלטע בעלי־חובות, וואָס זייערע וועקסלען ליגן נאָך ביי אים אין שאַנק, און זיי קענען נישט קיין רו אין קבר האָבן, ביז זיי וועלן אים דעם חוב נישט אָפּצאָלן...

נאָטע האָט געטראָגן זיין ווינטערדיק קורץ פעלצל מיט לאַנגע לע־דערנע שטיוול און אויפן קאָפּ דאָס זעלנערישע רונדיקע פוטערן היטל, אויף וועלכן עס האָט נאָר דאָס בלעכל געפעלט. און מיט אַ מין רחבותדיקייט האָט ער זיינע חברים צוגעפירט צום וואָגן, זיי די כאָמעטעס מיט די מעשענע קאַנטן אויף די העלדזער אַנגעטאָן, און מיט דעם נייעם געשפּאַן אויסגעצירט. דערנאָך האָט ער די בלויע בענדערנע לייצעס ביים דישל פאַרבונדן און ער האָט זיך גענומען צום געזעס. אָנטעק האָט פון בוידעם די האָקעס מיט די שטריק אַראָפּגענומען און זיי אונטערן געזעס פאַרפאַקט. אַריינגייענדיק אין שטאַל, האָט דערווייל נאָטע אין פענצטער פון דער קיך אַן אויג געוואָרפן, זיין אויג האָט זיין שליחות דערפילט, און באַלד נאָך אים האָט זיך נאָכגעלאָזט יענטע דאָס דינסט־מיידל. דאָס

רויטע, געזונטע בלוט, וואָס האָט אין אירע דיקע, פליישיקע הענט גערונען, האָט דורך דעם צעריסענעם קאַפטן אַרויסגעשפּראָצט. אירע שוואַרצע לאָקן איבערן רויטן געזיכט און די שוואַרצע אויגן מיט די שוואַרצע, שאַרפע ברעמען אין איר יונג־בלוטיק געזיכט האָבן ווערטער גערעדט — פייער און פלאַם. זי איז פלינק אַריין אין שטאַל נאָך נאַטען, און נישט ריידנדיק קיין וואָרט, האָט זי פון אונטערן קאַפטן אַ האַלבע געקאַכטע הון אַרויסגענומען און אים דערלאַנגט.

נאַטע האָט עס צוגענומען, עפּעס ווי עס קומט אים דאָס.

זי האָט נאָך געוואַרט...

ער האָט געוואוסט אויף וואָס...

און ווייל זי האָט געוואָלט, וויל ער דווקא נישט. זי הייבט אויף אַ שטרוי און מאַכט זיך אַרויסגייענדיק.

איצט וויל ער. ער כאַפּט זי אָן, נעמט זי פעסט אַרום מיט ביידע הענט, און האַלטנדיק אין די אָרעמס די בייטש, זאָגט ער איר אָן אַ גראָבן קוש אויף דער באַק.

— נו, זאָלסט אַזוי לעבן, אויב דו וועסט מיט מיר חתונה האָבן — זאָגט זי צו אים, אַוועקנעמענדיק איר געזיכט.

— פלינקער, די באַלעבאָסטע גייט, כאַפּ... — מאַכט ער צו איר און שטופּט זי אַרויס.

זי דערשרעקט זיך, כאַפּט זיך אויף, אָבער באַלד איבערצייגט זי זיך, אַז ער האָט זי אָפּגענאַרט, בלייבט זי שטיין ביי דער שוועל פון שטאַל:

— צעברעכן זאָלסטו די הענט און די פיס אויפן וועג! —זאָגט זי מיט אַ שעלמיש געלעכטערל אַרויסלויפנדיק.

— דו, טוקע איינע — לאָזט ער זיך נאָך איר.

דאָס שרייבערל ביי דער וואָג, באַמערקנדיק ווי זי לויפט אַרויס פון שטאַל, ווינקט ער צו אַנטעקן דעם הויף־וועכטער.

— פשאַ קרעוו — לאָזט זיך אַנטעק נאָך איר.

זי שטעקט אַרויס אויף זיי די צונג און ווערט פאַרשוואונדן אין פירהויז פון דער קיך.

אַ קנאַק פון נאַטעס בייטש און אַן עזותדיק רעשן פון רעדער האָבן צו וויסן געגעבן, אַז די פור שטייט שוין פאַר דער טיר געשפּאַנט.

און באַלד האָט מען אָנגעהויבן טראָגן פון שטוב אויפן וואָגן פעקלעך און פעקלעך. ר׳ יחזקאל רירט זיך נישט אין וועג אַריין אָן צדה־לדרך. ר׳ יחזקאל האָט זיך געוויזן אין גרויסן, ברייטן שאָפּן־פעלץ, דעם ווינטער־דיקן פאַלטאָ מיט די ברייטע אַרבל האָט מען איבערן געזעס געלייגט (וואָרעם אַ טאָג איז געווען אַ שיינער, דער פראָסט האָט געלאָזט, און די

זון האָט אין הימל געלאַכט), נאָך אים זיין ווייב מלכהלע — מיט אַ ברכה אויף די ליפּן, און חברה קינדערלעך, קליינע און גרויסע, טייל האַלטנדיק אין די הענט גמרות — מיטגענומען אין חדר אַריין נאָכן אָנבייסן, קלע־נערע — בייגל מיט פּוטער, נאָך טייל האָט דער באַהעלפער אונטער־געשטופּט: „אין חדר אַריין". די קינדער אָבער, מערסטנטייל אין פּעלצלעך אָנגעטאָן, וואַרטן אַרום דער פור.

— זיידעשי, זאָל דער זיידעשי פאָרן געזונטערהייט!

— בלייבט געזונט און לערנט מיט חשק! — האָט זי׳ דער זיידע איטלעכן באַזונדער די האַנט געגעבן, פון דער הויזן־קעשענע אַ גרויסן בייטל אַרויסגענומען און די קינדער לעצט־געלט געטיילט.

פון דעם פענצטער פון צווישן די צוויי געהאָפּטענע גאַרדינען האָט אַ מיידלס געזיכט אַרויסגעשיינט. דאָס האַלבע געזיכט, אַן איידל גע־רייטלטע באַק מיט אַ שוואַרצן זיידענעם לאָק און מיט אַ בלויען באַנד פאַרבונדן, האָט איידל און אַריסטאָקראַטיש פון דער ווייטן צום פאָטער אַהין געשאָקלט:

— פאָר געזונטערהייט, טאַטעשי!

ר׳ יחזקאל איז אויפן וואָגן אַרויף. זיצנדיק אויפן וואָגן, האָט ער נאָך עפּעס מיט ר׳ טוביהן, זיין מענטש, גערעדט, געזעגנט זיך, און אַהין געשאָקלט צו מלכהלען: בלייב געזונט, בלייב געזונט! דערנאָך צום מיידלס ליכטיקן געזיכט: בלייב געזונט, לאהלע! און צו די אייניקלעך פון וואָגן אָנגעזאָגט:

— איר זאָלט באַגערן צו לערנען!

אין אַ ווינקל איז יענטע געשטאַנען. אירע הענט האָט זי אויפן האַרץ פאַרלייגט און געקוקט אויף באָטען, ווי ער זיצט זיך שטייף און שטאַרק אויף דעם קאַרשל אין זיין קורץ פּעלצל, און דאָס ממזרישע וואוילייגערישע היטעלע ווינקט אַראָפּ צו איר. ער האַלט די לייצעס אין דער האַנט, גרייט אין דער וועלט זיך צו לאָזן, ווי זיינע פערד, די חברים, וואָס קענען נישט איינשטיין און האַקן מיט די פאָדקאָוועס אויף די שטיינער.

יענטע האָט געשמייכלט.

נאָטעס אַ קנאַל פון דער בייטש האָט איר אַ גרוס אָפּגעגעבן: בלייב געזונט, יענטע!

די סאָפּנדיקע פערד האָבן זיך אין דער וועלט געלאָזט, אויסמיידנ־דיק דאָס שטילע, רואיקע, פרימאָרגנדיקע שטאָט־געסל — און באָטע מיטן זעלנערישן היטל איז ערגעץ־וואו פאַרשוואונדן געוואָרן...

*

אין דער שטוב ביי ר׳ יחזקאלן איז איצט שטיל. דער עולם האָט די געשעפֿטן אָפּגעמאַכט. די פֿרעמדע, וואָס זיינען ביי נאַכט געקומען, האָבן זייערס פֿאַרקויפֿט, איינגעשפּאַנט און אָפּגעלאָזט זייער אָרט אַנדערע סוחרים, וואָס וועלן קומען ביי דער נאַכט. די גרויסע קאַנאַפּע זעט זיך ערשט איצט אַרויס מיט איר לעדערנעם, אַלט־מאָדישן איבערציער און מיט אַלע אירע גריבער און בערגער, וואָס זיינען אין איר. דער לאַנגער טיש אין מיטן שטוב איז באַשריבן מיט קרייד, דער שוואַרצער אויוון איז באַשריבן, די הויכע שאַנק איז באַשריבן און אַלע שטולן און בענק זיינען „אָנגערעכנט״, און די רעכענונגען אויף טיש און בענק, אויף שראַנקען און ווענט זעען אויס ווי כּלי־זיין, וואָס די זעלנער האָבן זיי איבערגעלאָזט אויפֿן שלאַכט־פֿעלד און זיינען אַנטלאָפֿן פֿון זיי. און די רעכענונגען קוקן איינע די צווייטע אָן, און קריגן זיך, און שטעכן איינע דער צווייטער די אויגן אויס...

באַלד זיינען אַריינגעקומען צוויי נידעריקע, פּעטע יונגעמאַנטשיקלעך: כאַצקל און בערל, מיט נידעריקע, רונדיקע בייכלעך. די משפּחה־גריבעלעך ביי זייערע נאָז־ווינקלען זאָגן אויס, אַז זיי זיינען ברידער. זיי זיינען ר׳ יחזקאלס שוועסטער־קינדער. אַ מאָל זיינען זיי צוויי יונגע לייטלעך אויף קעסט געווען — היינט זיינען זיי אויך נאָך קעסט־יונגע־לייטלעך — נאָר זיי דרייען זיך שוין אין שטוב אַרום. משפּחה מיט דער שטוב, קומען זיי נאָכן אָנבייסן צולייגן זיך אויף דער קאַנאַפּע, פֿאַר מיטאָג.

ביידע מיט אַ מאָל, ווי עס פּאַסט פֿאַר צוויי ברידער, האָבן זיי זיך ביינאַנד אויף דער קאַנאַפּע אַרויפֿגעלייגט. די פּאַלטנס אויסגעטאָן, קונציק זיי פֿאַר קישעלעך געמאַכט און אונטער די קעפּ זיך אַרונטערגעלייגט. צו ערשט האָבן זיי אין דער שטיל, אַזוי ווי עס וואָלט זיי אַ שאָד זיין אויף דעם אַ וואָרט אויסצוגיצן: געשטופּט זיך, געשטויסן זיך. יעדערער האָט פֿאַר זיך דעם אָנלעגנער געוואָלט. נאָר ווי זיי האָבן אָן ווערטער זיך גע־קריגט, אַזוי האָבן זיי אויך אָן ווערטער צווישן זיך שלום געמאַכט. איינער האָט דעם אָנלעגנער גענומען, און דער צווייטער האָט זיך צופֿוסנס געלייגט.

כאַצקל, דער עלטערער ברודער, האָט קונציק זיך געקראַצט מיט איין פֿינגער אין זיין געל בערדל און האָט זיך פֿאַרטראַכט אויף אַ רעכענונג, וואָס איז אים קעגנאיבער פֿאַר די אויגן געשטאַנען:

7 מאָל 38 וויפֿל האָבן מיר, הא, בערל?

נאָר בערל האָט אים מיט דער נאָז אָפּגעענטפֿערט. האָט זיך כאַצקל מישב געווען, זיך צו דער וואַנט אויסגעדרייט, און עפּעס ווי וועלנדיק אָפּטאָן בערלען, האָט ער אויך דאָס זעלבע געטאָן...

# אַ הייזל ביי דער ווייסל

איינס אַליין און פֿאַר זיך אַליין שטייט זיך אַ הייזל אין טאָל צווישן צוויי הויכע בערג, וואָס לאָזן זיך הויך און ווייט אין דער וועלט אַריין,ביים ברעג פֿון טייך ווייסל. ווינטער איז עס. גאָטס וועלט איז אין גאַנצן אין שניי פֿאַרטרונקען. אונדזער הייזל, ווי אַן אַלטער באַלעבאָס אין תּכריכים, שטייט זיך ביים ברעג, קוקט זיך צו צום פֿאַרפֿרוירענעם טייך, זיין שכן, און עס שוויגט, ביז דער טייך וועט צו תּחית־המתים אויפֿשטיין. דערווייל איז דער טייך געשטאָרבן, געפֿרוירן און אין אַ ווייסן קיטל איינגעהילט. ראָבן פֿליען אויף זיין ברייט און לענג, שטעלן זיך אויף דעם טייכס רוקן און לעכערן זיין אָפּגעטאָקטע דעק. טייל מאָל גייט אַ מענטש איבערן טייך, און דעם מענטשנס פֿיס טוקן אין דעם ווייסן, טיפֿן שניי. און פֿון ביידע זייטן הייזל זעען אויס די הויכע בערג, ווי שטיקער געפֿאַלענע פֿליגל פֿון אַן אָדלער, וואָס ליגן איינער אויפֿן צווייטן, אָדער ווי שטיקער געפֿרוירענע וואָלקן וואָלטן געפֿאַלן איינס אויפֿס צווייטע. אויף די רוקנס בערג קריכן נידעריקע שניי־ביימלעך; איין ביימל, באַדעקט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס אין שניי, האָט זיך אויפֿן שפּיץ באַרג אַרויפֿגעכאַפּט. עס שטייט איינס אַליין אין דער הייך און עס קוקט זיך ווייט און ברייט אין דער ווייסער וועלט... ביים ברעג טייך, צופֿוסנס דעם באַרג און צו־קאָפּנס דעם טייך, שטייט אַ שרענגע ביימער, איינס נאָכן אַנדערן מיט שניי באַדעקט, וואָס זיי זעען אויס ווי ווייסע עדות, וואָס שטייען און היטן דעם ריזיקן מת, דעם טייך...

אין דעם הייזל זיצט אַ משפּחה פֿון יאָרנלאַנג. דאָרט לעבט מען מיט זיך און מיטן טייך, דעם שכן. „חיים איבערפֿירערס" הייסט דאָס הייזל היינט. אַמאָל מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק האָט עס געהייסן „משה איבער־פֿירערס", און אפֿשר אין צוואַנציק יאָר אַרום וועט עס גאָר הייסן „דוד איבערפֿירערס". נאָר עס איז נישט קיין חילוק, דער נאָמען טוישט זיך נאָר מיט די יאָרן. אָבער דאָס הייזל, דאָס וואַסער און דער נאָמען „איבער־פֿירער" בלייבן ביז איצט. דער היינטיקער „איבערפֿירער" הייסט חיים און איז אַ ייד פֿון אַ יאָר פֿופֿציק, אַ הויכער און אַ דאַרער. דאָס פּנים

אויסגעצויגן און די ווייסע באָרד אויסגעצויגן, און דער הויכער געקנייטשטער שטערן איז אויסגעצויגן. אַ וואַסער־קינד, אויפֿגעצויגן געוואָרן ביים וואַסער, און ווער ווייסט. אויב זיין קבר וועט נישט זיין אין וואַסער. נו, וועט עס אין וואַסער גופֿא נישט זיין, על־כל־פּנים וועט עס זיין ביים וואַסער. און וועט אַ געוויטער קומען, וועט אים דאָס וואַסער פֿון קבר אַרויסנעמען און מיטפֿירן אים מיט זיך קיין דאַנציג, אַזוי ווי עס האָט מיט זיין פֿאָטער און מיט זיין זיידן געטאָן... און וואָס איז דער אונטערשייד, צי מיט דער ערד, אָדער מיטן וואַסער אויסגעמישט צו ווערן? די ערד איז טויט, זי שווייגט תּמיד און שטייט תּמיד אויף איין אָרט, דאָס וואַסער לויפֿט, איילט זיך אין דער וועלט אַריין, עס לעבט כאָטש...

משפּחה מיטן וואַסער איז ער שוין פֿון לאַנג. דאָס וואַסער דאַרף יעדן יאָר אַ מענטשן, און זיין משהלע איז שוין פֿון לאַנג מיטן וואַסער געוואָרן אויסגעמישט, און דרעמלט דער „איבערפֿירער" אַ מאָל שבת נאָכן מיטאָג ביים ברעג איין, און אַ כוואַליע קומט צו לויפֿן און רוישט, דאַכט זיך אים, אַז משהלע מיט זיינע חברים, די כוואַליעס, זיינען אים געקומען וועקן...

זומער ציט ער די פּרנסה פֿון וואַסער, אַ גאַנצע וואָך איז ער אויף דעם שיפֿל, און זיין לייוונט שפּאַלט און שיידט אָפּ איין הימל פֿון צווייטן... שבת. דאָס וואַסער פֿירט זיך יידישלעך. עס האַלט מיט שבתים און ימים־טובים, שטיל איז עס, עס קושט איין כוואַליע די צווייטע, און ער מיטן ווייב זיצן פֿאַר דער טיר. ער זאָגט פּרק, דאָס ווייב לייענט אין „צאינה וראינה", און זיי דערציילן די כוואַליעס גאָטס וואונדער, און יעדער כוואַליע כאַפּט אַ וואָרט און מאַכט פּליטה. ווינטער איז דער טייך געפֿרוירן, צוגעדעקט אין זיין שייד. דאָס הייזל איז פֿאַרשנייט, פֿאַרשאָטן פֿון קאָפּ ביז צו די פּיס. פֿון דעם בלומען־פֿאַרקאָוועטן פֿענצטערל שטאַרט אַרויס דעם איבערפֿירערס אַן אויג און באַטראַכט דעם שותּף, דעם טייך, ווי ער איז צוגעדעקט, געפֿרוירן. דער איבערפֿירער קוקט און קרעכצט. צוויי זיינען פֿאַרפֿרוירן: דער טייך אונטערן אייז און דער איבערפֿירער אין זיין הייזל. און ווען דאָס וואַסער רייסט זיך פֿון הינטער זיין דעק אַרויס און לעבט אויף, דעמאָלט קריכט פֿון זיין ווינטערדיקן קבר אויך דער איבערפֿירער אַרויס, האָט הנאה פֿון זיין שותּף, וואָס איז צו תּחית־המתים אויפֿגעשטאַנען, און ער שמידט אויס זיין שיפֿל מיט סמאָלע.

ביי נאַכט. די געגנט איז אַרום שטיל. דער הימל קוקט מיט ליבשאַפֿט אויף דער וועלט, ווי אַ טאַטע אויף זיין הויז־געזינט. די פֿעלדער זיינען מיט שניי באַדעקט, און די בערג זיינען ווי טויטע ריזן אין זייערע תּכריכים. דעמאָלט שימערט פֿון איבערפֿירערס פֿאַרקאָוועטן פֿענצטערל אַ שטראַל

ליכטיקייט אַרויס און דרינגט ערגעץ־וואו אין דער וועלט אַריין. ווייט ערגעץ בלאָנדזשעט אַ פּוסגייער, ער דערזעט דעם שטראַל, וועלכער פירט אים גלייך צום פענצטער פון הייזל די נאַכט איבערצונעכטיקן.

*

עס איז נאָך ווינטער. מיט שניי אַרום איז אַלץ נאָך באַדעקט, נאָר דאָך קוקט שוין גאָט פון דער הייך מיט קלאָרע אויגן אַראָפּ. די זון איז איבער די גרויע ווינטערדיקע וואָלקנס פאַרשפּרייט, און אירע שטראַלן לעכערן די ווינטערדיקע דעק. אויף די אַרומיקע בערג צעגייט דער שניי קלאָר, ריין; קיין מענטשנס פוס האָט נאָך נישט זייער ריינע ווייסקייט באַרירט, און גאַנצע שטראָמען צעגאַנגענער שניי לאָזן זיך גלעטנדיק פון די בערג אַראָפּ און פאַלן אין דעם האַלב־געפרוירענעם טייך אַריין. דאָס אייז איבערן וואַסער איז ריין און דורכזיכטיק, און דאָס וואַסער קוקט דורך אים, ווי דורך אַ קלאָרער שויב אַרויס. טייל מאָל וואַרפט זיך אַ פיש אַרויף, האַקט אויף די שויב מיטן וויידל, וואַרפט אַ בליק אויף גאָטס פרייער וועלט און פאַר גרויס גדולה, אַז די מאַמע, דאָס וואַסער, וועט באַלד פון זיך די שויב אַראָפּוואַרפן, לאָזט ער זיך טיף־נאָרקענדיק אין וואַסער אַריין די בשורה די חברים אָנצוזאָגן. און אַלץ אַרום איז באַהאַלטן איינס מיטן צווייטן, אַלץ האָט דער שניי צוזאַמענגעגאָסן. קלאָר, ריין, העל, נאָר איין שוואַרצער פלעק שטערט די ווייסע שניי־וועלט — דאָס הייזל, וואָס עס שטייט זיך איינס אַליין אין טאָל.

די חיימטע גייט מיטן עמער צום ברונעם, וואָס איז הינטער דעם הייזל, מיט אַ מאָל דערזעט זי פון דער ווייטנס ר׳ יחזקאלס פור. זי האָט באַלד די פערד דערקענט, און זי האָט צום מאָן דורכן פענצטער אַריינ־געקלאַפּט.

— חיים, דער סוחר פון די טראַטעוועס פאָרט.

— געמאַכט ווי אַ חכם, אין אַ פּאָר שעה אַרום וואָלט פונעם האָלץ קיין לעק ניט געבליבן — האָט חיים אָפּגעענטפערט, אַרויסגייענדיק אויף דער שוועל פון דער טיר.

און וואָר איז עס. צווישן די ווייסע פעלדער שוואַרצט זיך דער וועג און אויפן וועג לויפן צוויי פערד, וואָס קומען וואָס אַ מאָל נעענטער.

באַלד איז נאָטע מיט אַ קנאַל פון דער בייטש צום הייזל צוגעפאָרן. די פערד זיינען געווען צעהיצט, פאַרסאַפּעט. ר׳ יחזקאל, אָנגעטאָן אין זיין דיקן שאָפן־פעלץ, איז פון דער פור אַראָפּ פרעגנדיק:

— נו, וואָס מאַכן דאָרט מיינע העלצלעך?

— מיר האָבן געטאָן וואָס מיר האָבן געקאָנט. מען האָט נאָך אַ מאָל מיט שטריקאָוועס געבונדן, מיט ברעטער צוזאַמענגעקלאַפּט און מיט גראָבע שטריק צום ברעג פֿאַרפֿעסטיקט, אָבער ווער ווייסט? שפּיל דיך מיט איר — האָט חיים אויסגעלאָזט מאַכנדיק מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט געבן צו פֿאַרשטיין די גבורות פֿון איר, פֿון זיין וויסל.

ר׳ חיים איז צוגעגאַנגען צו ר׳ יחזקאלן און האָט אים אָפּגעשטעקט שלום־עליכם, און ר׳ יחזקאל איז מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ אין שטיבל אַריין.

אין דעם קליינעם רואיקן שטיבל זיינען געשטאַנען צוויי הויכע בעטן, פֿול אָנגעלייגט ביז אין האַלבן באַלקן מיט דעקן, אין וועלכע עס האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן די פֿעדערן פֿון די אַלע גענדז און קאַטשקעס, וואָס די יידענע האָט צייט נאָך איר חתונה יעדן פֿרייטאָג געשאָכטן — אויף אויס־שטייער פֿאַר שוועסטערקינדער אויף חתונה. פֿון דעם קליינעם שויבן־שענקל, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל שטוב, האָבן רויטע עפּל אַרויסגעקוקט, געשפּרייט אַן עפּל־געשמאַק אין דעם קליינעם דאָרפֿישן שטיבל.

ר׳ יחזקאל האָט זיךביים טיש אַוועקגעזעצט. פֿאַר עגמת־נפֿש האָט ער דעם שאַפּן־פּעלץ נישט אויסגעטאָן און האָט צום פֿענצטערל אַרויסגעקוקט. אַרום איז נאָך שטיל, נאָר פֿון גאַנץ וויט הערט זיך אַ מין גיסן. דאָס זאָגט קיין גוטס נישט אָן, און פֿון ר׳ יחזקאלס ברוסט האָט זיך אויס גע־וואוינהייט אַ „רבונו־של־עולם״ אַרויסגעריסן.

נאָטע איז אַריין אין שטוב און האָט עפּעס דאָרט ביי דער טיר געזוכט. די חיימטע האָט זיך מיט אים געקריגט, וועגן האַלץ האַקן. באַלד האָט אַ פּייערל געקנאַקט אין קיך — אַ יאַיכל פֿאַרן סוחר אָפּצוקאָכן. די חיימטע ביי דער קיך זעט, אַז דער סוחר זיצט פֿאַרקלערט ביים טיש, הייבט זי אים אָן טרייסטן:

— זאָרגט נישט, סוחר, וועגן די טראַטוועס, גאָט וועט העלפֿן און וועט אייער סחורה פֿון וואַסער ראַטעווען.

ר׳ יחזקאל האָט זיך אומגעקוקט און דערזען די חיימטע. זי, אַ יידענע, טרייסט אים, האָט ער זיך פֿאַר זיך אַליין פֿאַרשעמט, און איז אַרויס אין הויף.

— פֿירט מיך, ר׳ חיים, צום געהילץ — האָט ער צו חיימען געזאָגט, טרעפֿנדיק יענעם צוויי עמער וואַסער טראָגן. — נאָטע, קום מיט.

חיים האָט די עמער אין שטאַל געטראָגן. אַלע דריי זיינען הינטערן הייזל צום געהילץ אַרונטער.

אַז מען האָט נישט געוואוסט, האָט מען נישט געקענט באַמערקן, אַז דאָרט ליגט האָלץ. האַלבלעך איז עס אין אייז איינגעפֿרוירן, און פֿון אויבן איז עס מיט וואָס צוגעדעקט. נאָר לאַנגע ברעטער זעען זיך וואו־ניט־וואו אַרויס, און לאַנגע דיקע שטריק זיינען אָנגעבונדן אָן דיקע ביימער, וואָס שטייען ביים ברעג.

— אַ שלעכט, אַ שלעכט געשעפֿט — ברומט ר׳ יחזקאל פֿאַר זיך און מעסט מיט דעם שטעקן אין דער לופֿט לויט דעם אויג, וויפֿל אייל ווייט קען דאָס געהילץ ליגן פֿון ברעג.

— מען מוז קיין יאַנאָשעץ גיין פּויערים שאַפֿן, וואָס מער פּויערים, און אַזוי ווי דאָס אייז וועט נאָר אָנהייבן זיך רירן, מוז מען דאָס געהילץ פֿון וואַסער אַרויסנעמען. וויפֿיל עס זאָל קאָסטן, פֿאַרפֿאַלן.

— וואָס דען? אַז דאָס אייז וועט אָנהייבן זיך רירן, וועט עס דאָס געהילץ ווי אַ פֿעדערל מיטנעמען — שטימט ר׳ חיים מיט מיט אַ מין באַהאַלטענער גאווה אויף זיין וואַסער.

— עס ליגט ניט ווייט פֿון ברעג. אין גאַנצן אָן אייל־צוויי, דריי.

— מען מוז זיך צואיילן. פֿון אויבן קומט דאָס אייז אָן אין אַ ליאַדע מינוט — זאָגט ר׳ חיים שוין גייענדיק.

ר׳ יחזקאל האָט אים אַ פֿינף־רובלדיקן געגעבן, אַז ער זאָל פֿון דאָרף אַקעוויט מיטברענגען און אַליין איז ער צוריק אין ר׳ חיימס שטיבל אַריין.

אין שטיבל ביי ר׳ חיימען האָט זיך געטראָגן אין דער לופֿט אַ ריח פֿון קאַרטאָפֿלעס מיט באָב (די חיימטע ווייסט שוין פֿון לאַנג, אַז פֿון אירע באָב לעקן די סוחרים די פֿינגער); די חיימטע איז אין גאַנצן אין דער קיך געווען פֿאַרטאָן. נאָטע איז געזעסן אין אַ ווינקל ביי דער קיך, די שטיוול אויסגעטאָן, און האָט זיך די אָניצעס געטריקנט, שמועסנדיק דערווייל מיט דער חיימטע וועגן אַ כלה. — די חיימטע האָט אים אַ שידוך אָנגעשלאָגן מיט אירס אַ שוועסטער־קינד פֿון יאַנאָשעץ, זייער אַ שיין, געזונט מיידל מיט אַ פּאָר הונדערט גילדן. און וועט דער סוחר איבער שבת איבערבלייבן, וועט זי איר שוועסטערקינד אַהער ברענגען.

נאָטע איז געזעסן און האָט דעם שמועס ערנסט אויסגעהאָרכט און מיטן קאָפּ צוגעשאָקלט; געוואָלט האָט ער דערווייל ביי דער אַלטער אַ גוטן מיטאָג אויסנאַרן. ער האָט זיין עסק פֿאַרשטאַנען. די אַלטע איז באַלד צו אים משפּחהדיק געוואָרן. ר׳ יחזקאל איז אַריינגעקומען, איז דער שמועס איבערגעהאַקט געוואָרן.

ר׳ יחזקאל האָט שוין געפֿונען דעם טיש געדעקט מיט עפּעס אַ מין מאָדנער צוועל, וואָס זעט אויס צו זיין אַ קאָלדרע אויף די בעטן, מיט

אַ בלעכענעם אויסגעריבענעם לעפֿל, מיט אַ קלינגל פֿון אַ מעסער און אַ גאָפּל, אַ היימיש־געבאַקן ראַזעוואַנע ברויט און אַ זאַלץ־מעסטל. ר׳ יחזקאל האָט זיך געוואַשן, אַ המוציא געמאַכט, און די חיימטע האָט אַ טעלער דערלאַנגט, וואָס די פּאַרע דערפֿון האָט די שטוב איינגענומען. ר׳ יחזקאל האָט קנאַפּ פֿאַרזוכט, אָוועקגערוקט פֿון זיך דעם טעלער, די שיריים איז פֿאַר נאַטען געווען...

ר׳ יחזקאל האָט פֿלינק אָפּגעבענטשט און איז צום געהילץ אַרויס. ער האָט זיך ביים ברעג אַנידערגעשטעלט און געוואַרט.

און איבער דער ווייט און איבער דער ברייט פֿון דער ווייסער וועלט האָט זיך זיין אויג פֿאַרוואָרפֿן. דאָס וואַסער לויפֿט פֿון די ברעג און עס גיסט זיך איבערן אייז. פֿון דער ווייטנס הערט זיך אַ קנאַק. אַ שטיק אייז, אַ האַלבער טייך קומט אָן און רייסט זיך וויטער, דאָס וואַסער רוישט שטראָמענדיק אין אַ רינג פֿון צווישן צוויי שטיקער אייז, און מיט אַ רעש שטראָמט עס פֿון דער רינע אַרויס און עס לעכערט דאָס אייז, אויף וועלכן עס פֿלייצט אַרויף. אַ כוואַליע וואַסער קומט אָן צו לויפֿן און גיט זיך אַ גאָס איבערן אייז, באַלד נאָך דער כוואַליע הערט זיך אַ קנאַק; דאָס אייז שפּאַלט זיך און אַ ריזיק שטיק דערפֿון שטעלט זיך קאַפּויר און ווערט די רגע צעשמעטערט אויף שטיקלעך. דאָס וואַסער לאָזט זיך אין אַ שטאַר־קערן שטראָם אַרויס פֿון זיין געפֿרוירענער דעק, מיטשלעפּנדיק מיט זיך די הרוגים, די צעבראָכענע שטיקער אייז, און מאַכנדיק מיט זיי אַ שפּי־לעכל, אַ דריידל אין קאָן, צווישן צוויי כוואַליעס, וואָס איינע וויל די צווייטע כאַפּן.

אָט שווימט שוין דאָס וואַסער און עס ברעכט דאָס אייז ביים ברעג, וואו דאָס האָלץ ליגט. ר׳ יחזקאל הערט שוין דעם קנאַק. דאָס שטיק אייז איז געפּלאַצט, נאָר עס רירט זיך נאָך נישט. דער באַלוואַן איז צו גרויס און צו ריזיק, אַז דאָס וואַסער זאָל אים קענען באַוועגן. דאָס וואַסער האַלט דערמיט מלחמה, עס שיקט נאָך אַ כוואַליע און נאָך אַ כוואַליע. דער באַלוואַן רירט זיך נישט. קלענערע שטיקלעך אייז ווערן אין אים צעהאַקט, צעשמעטערט און גייען אונטער, נאָר ער שטייט אָבער נאָך אַ מינוט און אונטער אים הייבט אָן בורטשען, און דאָס אייז ווערט צעטיילט אויף קליינע שטיקלעך. אָט וויזט זיך דאָס געהילץ. איין טראַטווע איז אָנגע־בונדן אָן דער צווייטער, און איינע הייבט זיך, רייסט זיך פֿון דער צווייטער. ר׳ יחזקאל קוקט אויף זיין פֿאַרמעגן. עס שטייט אין סכּנה. די שטיקער איז פֿרוואוון זיך פֿון אָרט רירן. די שטריק סקריפּן ביי דיביימער. זיי רייסן זיך. די לעצטע מינוט. ר׳ יחזקאל טרעט נעענטער צום וואַסער צו, ער שטרעקט די האַנט אויס, ער וויל אָנרירן מיט די הענט, און קוקט

זיך אום, אויב מען זעט נישט די פויערים. קיינער קומט נישט. דאָס וואַסער לויפֿט, אײַלט, דאָס אײַז פּלאַצט, — זיין פֿאַרמעגן ראַטעווען, אוי, רבונו־של־עולם, זיין פֿאַרמעגן ראַטעווען!

קומט אָנצולויפֿן ר׳ חיים מיט פויערים אַ גאַנצע מחנה. ר׳ יחזקאל דערזעט זיי פֿון דער ווייטנס, ער רופֿט צו זיי מיט די הענט. די פויערים קומען נעענטער, טייל האַלטן העק, לאָמען, קייטן און שטריק. ר׳ יחזקאל קריגט מער מוט, ער לויפֿט פֿאַרויס — ער קוקט נישט אויפֿן אײַז. דאָס וואַסער איז הינטער זיינע פֿיס, ר׳ יחזקאל קוקט נישט, — מיט גאָטס הילף, די פויערים נאָך אים, מען פֿרעגט נישט אויף קיין לויך. וואָס? ווען? מען דאַרף דאָס האָלץ ראַטעווען. מען כאַפּט העק אַרויף אויף די טראַטוועס, מען שניידט דורך די „שטריקאַוועס״, מען שניידט אָפּ איין טראַטווע פֿון דער צווייטער, דאָס איז ברעכט זיך, מען האַקט, מען ציט ביי די שטריק, ווער קוקט אויף עפּעס? מען שפּרינגט אַריבער פֿון איין קלאָץ אויף דער צווייטער, — פֿון ברעג ציט מען, וויפֿיל מען קען, ראַטעוועט מען אַרויס אויפֿן ברעג. די איינצלנע טראַטוועס בינדט מען מיט שטריק און מען פֿאַרפֿעסטיקט זיי שטאַרקער ביים ברעג.

און דאָס וואַסער האָט זיך געגאָסן אויפֿן אײַז און מלחמה געהאַלטן מיט אים אַזוי אַז דאָס אויג האָט געצווייפֿלט, וואָס איז מער פֿון אויבן אויפֿן טייך: דאָס אײַז אָדער דאָס וואַסער. מיט אַ שטראָם האָט זיך גע־לאָזט און געוואָרפֿן איין שטיק אײַז אויפֿן צווייטן, און איין באַלוואַן איז מיטן קאָפּ אַריין אין צווייטן און יענעם צעשמעטערט אויף שטיקלעך; פּלוצים האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ שטיק אײַז אין דער הויך און אָפּגעהאַלטן זיינע חברים, וואָס לאָזן זיך נאָך אים; און די שטיקער אײַז זיינען אַרויף איינס אויפֿן צווייטן, איינס אויפֿן צווייטן, און אַ באַרג אײַז איז אין מיטן וואַסער שטיין געבליבן, דאָס וואַסער האָט מיט דרך־ארץ געמוזט פֿאַר זיי אָפּטרעטן. נאָר באַלד האָבן די כוואַליעס וואַסער, ווי זיי וואָלטן זיך איין האַנט געמאַכט, גענומען זיך אויף אַ מאָל אַריין אין באַרג און אים צעשמעטערט, חרוב געמאַכט, און דאָס וואַסער האָט זיי אין דער וועלט געפֿירט, היידאַ...

דאָס וואַסער ברעכט אַלץ, און די פויערים פֿליען פֿון איין שטיק אײַז אויפֿן צווייטן.

דערווייל האָט די נאַכט זיך אָנגערוקט. פֿון אויבן איז דער הימל אין אַ כמאַרע געפֿרוירן געוואָרן, נאָר דאָס וואַסער האָט זיך ווייטער דאָס זייניקע געטאָן, און די פויערים האָבן אויך דאָס זייעריקע געטאָן — שייטלעך האָלץ אין סמאָלע איינגעטונקט און אָנגעצונדן, די נאַכט באַ־לויכטן; דער עלצטער און מיט אים די פויערים — איין באַלקע נאָך דער

צווייטער אויפֿן ברעג אַרויסגעקראָגן, און דאָס וואָסער האָט גערוישט, גע־וואָרפֿן זיך און דאָס האַלץ געשלעפּט צו זיך.

דערנאָך, אַז מער ווי אַ העלפֿט האָלץ איז שוין אויפֿן ברעג געלעגן, האָט ר׳ יחזקאל זיין פֿור געשיקט אין שטעטל אַריין נאָך בראָנפֿן, אַליין איז ער צו ר׳ חיימען אין שטיבל אַריין.

ביים טיש האָט ער געטראָפֿן אַ יידן אין אַ לאַנגן פֿוטער מיט אַ לאַנגער, שוואַרצער באָרד. ער איז געזעסן האַלב אָוועקגעלייגט אויף אַ שטול און געשמועסט מיט אַ בחורל פֿון אַ יאָר פֿופֿצן — מיט אַ חנעוודיק פּנימל, וואָס זאָגט מער אויס פֿון פֿאָטערס נגידישקייט ווי פֿון פֿאָטער אַליין. ער איז געווען אין אַ סאַמעטן היטעלע מיט פּאותלעך און מיט אַ זיידן האַלדז־טיכל. אַ נגידישער חן און רואיקייט זיינען געווען אין זיין טאַקט, אין זיין מינע. ר׳ יחזקאלן איז ער באַלד געפֿעלן. ער איז צוגע־גאַנגען און די הענט אויסגעשטרעקט:

— שלום־עליכם, יידן.

— עליכם שלום.

— היגע? — האָט ווער פֿון זיי געפֿרעגט, אָדער ביידע אין איינעם.

— איך בין אַ קאַנסקע־וואָלער, מען דאַרף איבערן וואָסער — ענטפֿערט דער ייד מיט דער שוואַרצער באָרד.

— איך בין אַ קאָזמערער, טראַטוועס אין דער ווייסל שטייען — ענטפֿערט ר׳ יחזקאל.

— ווער? ר׳ יחזקאל גאַמבינער פֿון קאָזמער, אפֿשר?

— יאָ. און איר, ווער זיינט איר דאָס פֿון קאַנסקע־וואָליע?

— אָ וואָ, ר׳ יחזקאל גאַמבינער, — פֿרייט זיך יענער און הייבט זיך אויף פֿון שטול — איך בין מרדכי קאַנסקער.

— ר׳ מרדכי קאַנסקער פֿון קאַנסקע־וואָליע? — וואונדערט זיך ר׳ יחזקאל. — נו, — ער גייט צו נעענטער צו אים און שטעקט אים די האַנט אויס, — נו, נו.

— די טראַטוועס זיינען נאָך איינגעפֿרוירן אין אייז?

— יאָ, די טראַטוועס זיינען געווען איינגעפֿרוירן איבערן ווינטער. מען האָט גאָרנישט געקענט מאַכן. זיי זיינען מיט שניי געווען באַדעקט. איצט, געלויבט צו גאָט דערפֿאַר, וויפֿיל מען וועט קענען.

— אַ שיין געשעפֿט! גאָט זאָל שומר ומציל זיין — טאַטע אין הימל!

— אַ העלפֿט איז שוין אין דרויסן. מיט גאָטס הילף! די גויים אַרבעטן נישט שלעכט.

אַ מינוט זיינען זיי ביידע שטיל געבליבן, שטייענדיק אָנגעלענט ביים טיש, און האָבן געקלערט אַ רגע. אין דער שטוב איז שטיל געווען,

פֿון דרויסן האָט זיך געהערט דאָס גערויש פֿון וואַסער, ווי עס רינט אויף די שטיקער אײַז מיט אַ שטילן ערנסטן געבײַזער. פֿון דער ווײַטנס האָט זיך אָפּגעשלאָגן אַ לאַנג אויסגעצויגן קול, וואָס עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס גייט פֿון אַ פּוסטן פֿאַס; די אַרבעטער האָבן איינער דעם צווייטן עפּעס צו וויסן געגעבן, און דאָס קול האָט זיך מיטן וואַסער־גערויש צוזאַמענגעמישט, און ווי פֿון יענער זײַט וועלט אָפּגעשלאָגן.

ר׳ יחזקאל האָט זיך רואיק אַנידערגעשטעלט אין אַ ווינקל און האָט אָנגעהויבן מעריב דאַווענען.

און באַלד האָט ר׳ מרדכי מיטן בחורל דאָס זעלבע געטאָן. זיי האָבן אַלע דרײַ אָנגעהויבן אַרויף און אַראָפּ איבער דער שטוב זיך צו דרייען. ר׳ יחזקאל האָט פֿון צײַט־צו־צײַט „רבונו־של־עולם״ געקרעכצט, באַלד האָבן זיי זיך בײַ דער וואַנט אַנידערגעשטעלט, שטיל געשאָקלט זיך, און שטיל געדאַוונט. אין שטוב איז שטיל געוואָרן, נאָר נאָטעס שנאָרכן איז אויפֿגעגאַנגען פֿון אַ באַהאַלטן ווינקל און האָט זיך איבער דער שטוב אויף־און־אָפּ געטראָגן. די היימטע איז געזעסן בײַ דער קיך, שפּענדלעך אונטערגעלייגט, די שפּענדלעך האָבן אין פֿייער געקנאַקט. די היימטע האָט געקוקט אויף די סוחרים און האָט פֿאַר זיי דרך־ארץ געקראָגן. אַזעלכע גרויסע סוחרים דאַווענען אין איר אָרעם אײַנגעפֿאַלן שטיבל, מוז גאָט אַוודאי זײַן בײַ איר אין שטיבל, און זי — אַ חורבן נאָך איר! — זי לייגט גאָר העלצלעך אונטער אונטערן פֿייער. און זי האָט זיך די האָר אונטערן טיכל אַרונטערגערוקט...

פּלוצלינג ווען עס איז אַזוי שטיל און מען שטייט שמונה־עשרה און אַלץ אַרום שטייט שמונה־עשרה, דערהערט זיך פֿון דרויסן אַ גאָס, ווי אַ ים וואָלט אונטערגעגאַנגען אין אַ ים... דערנאָך אַ לאַנגע ווײַלע אַ שטילעניש.

„האַלטן! האַלטן!״ — שרײַט מען.

דאָס קול האָט מיט רעש אָפּגעשלאָגן, אַזוי ווי מען וואָלט מיט דער פֿויסט אין פֿענצטער אַרײַנגעקלאַפּט. די היימטע איז שוין אין דרויסן געווען. נאָטע האָט זיך פֿון שלאָף אויפֿגעכאַפּט, אַ מינוט האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אויב עס ברענט נישט. באַלד האָט ער זיך אָן עפּעס דערמאָנט און איז אַרויסגעלאָפֿן. די דרײַ זײַנען געשטאַנען און געדאַוונט. דאָס ייִנגל האָט זיך נישט געקענט אײַנהאַלטן און איז אין שמונה־עשרה אויסגעטרעטן, ער האָט געוואָלט אַרויס פֿון שטוב, נאָר דערזעענדיק, ווי די צוויי ייִדן שטייען און רירן זיך נישט פֿון אָרט, האָט עס אים זייער באַנג געטאָן. ער האָט געוואָלט ווײַטער זיך שמונה־עשרה שטעלן, נאָר ער האָט זיך געשעמט פֿאַר גאָט, האָט ער נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. עס עפֿנט זיך די טיר, עס קומט אַרײַן צו לויפֿן חיים אָן אָטעם.

— פאַניע, די דריטע טראַטווע איז אַוועקגעשוואומען.

די יידן שטייען שמונה־עשרה.

אַ מינוט קוקט זיך דאָס בחורל אָן מיט ר׳ חיימען און זיי שווייגן.

די יידן גייען אויס שמונה־עשרה.

— וואָס איז? — פרעגט ר׳ יחזקאל.

— שייגאַץ! — הערט זיך אַ קנאַל פון אַ פּאַטש, וואָס ר׳ מרדכי האָט אָנגעמאָסטן זיין זון. — אין מיטן שמונה־עשרה אויסגעטרעטן?!

— עס איז אָנגעקומען, אַוועקגעשוואומען.

— אַוועקגעשוואומען!

— מען האָט אָנגעהויבן נעמען „שוועלן" פון דער דריטער טראַטווע, איז אָנגעקומען אַ גרויס שטיק אייז, ווי אַ חיה, און הײדאַ, אַוועק קיין דאַנציג...

— אַ סך אַרויסגעראַטעוועט?

— אַ 40־50 שוועלן.

— געלויבט איז גאָט דערפאַר! — ער דערמאָנט זיך פּלוצלינג, גייט אַרויף און אַראָפּ איבער דער שטוב, זאָגט עלינו... שפּייט אויס, די האַנט זוכט שוין דאָס ביכל אין בוזעם־קעשענע.

קוים אָפּגעזאָגט „עלינו", האָט ער זיך אין פּעלץ אָנגעטאָן און איז אַרויס.

אין דרויסן איז די נאַכט פינצטער אַזוי, אַז עס איז שווער צו גלייבן, אַז אויבן איז אַ הימל דאָ, און אויפן הימל זאָל נאָך אַ גאָט זיין...

דאָס וואַסער שטראָמט. מען זעט נישט, מען הערט נאָר די קראַפט פון כּעס, ווי עפּעס אומגעהייערס וואָלט געקומען די גאַנצע וועלט איינצושלינגען. ר׳ יחזקאל דערשרעקט זיך. ער הייסט אויפהערן אַרבעטן, מען זאָל נישט די טראַטוועס צענעמען. איבער נאַכט זאָל מען זיך אויף גאָטס חסד פאַרלאָזן און איבערלאָזן די טראַטוועס ביים ברעג אָנגעבונדן, און ער איז בטוח, גאָט וועט אים ניט פאַרלאָזן.

און מיט אַ רואיק האַרץ, מיט בטחון אויף גאָטס חסד גייט ער אַוועק צוריק צו חיימען אין שטוב אַריין עסן וועטשערע און מיט אַ מזומן בענטשן.

די סוחרים זיינען געזעסן שטיל ביים עסן, יעדערער פאַרטאָן אין זיינע חשבונות. פון דרויסן הערט זיך דעם ווינטס קלאַגן און דאָס גערויש פון וואַסער. ר׳ יחזקאל איז גלייכגילטיק.

— ווי האַלט עס ביי אייך מיט קאָרן? — פרעגט ער ר׳ מרדכין, כּדי די געדאַנקען צו פאַריאָגן.

— ביי אונדז קאָרן? קיין קערנדל אין די אויגן צו זען. ווער האָט? און נאָך אַ ווײלע שטילשווייגן:

— כ׳האָב אַפילו אַ ביסל ליגן.
— ווי טייער?
— צוויי און דרייסיק גילדן, 240 פּאָלניש.
— צוויי און דרייסיק, טייער, אין אונדזערע סביבות אַ סך ביליקער.
און אַזוי ווי זיי וואָלטן שוין געהאַט זיך אָפּגערעדט, נעמט ר׳ מרדכי אַ זעקל אַרויס און בינדט עס אויף. ר׳ יחזקאל, ריידנדיק, שטעקט די הענט אין זעקל אַריין, נעמט אַרויס אַ פּאָר קערנדלעך, כאַפּט איינס אין מויל אַריין, שפּאַלט עס, כאַפּט עס ווייטער אויף די צוויי פינגער און קנעט עס און לעקט עס.
— דאָס מעל נישקשה. דאָס טייגל, ע (ער קנייטשט מיט דער נאָז).
— ווייט פון וואַסער?
— אַ וויאָרסט דריי. אַ צוויי הונדערט זעקלעך באַלד ביים וואַסער.
— ביז ווען?
— חצי אייר.
— צו טייער, אַ פינפערל אַרונטער.
ר׳ מרדכי קנייטשט דעם שטערן, אַ צייכן, אַז ער קען ניט.
ר׳ יחזקאל שניידט זיך אָפּ אַ שטיקל ברויט, ניט אַזוי צום עסן ווי אַבי עפּעס צו טאָן.
נאָכן ביים אויוון הוסט, אַפּנים, מען האָט פאַרגעסן אָן אים, און ער וויל דערמאָנען.
די חיימטע דערלאַנגט מים־אַחרונים־וואַסער.
אַ מינוט שווייגן זיי. דערנאָך הייבט איינער צום צווייטן מיט די אויגן אָן צו ווינקען: „נו, ר׳ יחזקאל", „ר׳ מרדכי, נו". צום סוף איז איינער מסכים און ער הייבט אָן:
— רבותי, מיר וועלן בענטשן.
דער עולם בענטשט אָפּ. ר׳ יחזקאל הייבט זיך דער ערשטער אויף פון טיש און פרעגט מיט אַ געלעכטערל:
— נו, בחורל, קענסט עפּעס לערנען?
— פאַר וואָס ניט? — ענטפערט דער בחור.
דער טאַטע האָט הנאה און שמייכלט.
— ער פאָרט פון דער ישיבה — מאַכט אַ באַמערקונג דער פאָטער.
— וואָס פאַר אַ שיעור לערנסטו?
— דבר וחצי דבר.
— אָ, אַ וואוילער שיעור. עפּעס מיט מפרשים? און ניט אויסהערנדיק דעם בחורלס ענטפער, ווענדט ער זיך צום פאָטער אין דער שטיל:
— דער קליינער געפעלט מיר.

— אַ וואוילן קאָפּ — ענטפֿערט ר׳ מרדכי מיט אַ וואונק.

— נו, איך וואָלט דאָך געוואָלט קויפֿן דעם קאָרן. איר מיינט, אַז איך דאַרף אים, גאָרנישט, נאָר גלאָט אַז איך בין שוין דאָ. מיט האָלץ וועל איך אַ געשעפֿט מאַכן? וואָס? דאַרף מען עפּעס קויפֿן, אַז עס טרעפֿט זיך צו קויפֿן.

— נו, אַדרבה.

— דאָס פֿינפֿערל אַפּפּיר־געלט.

— אַז איך קען נישט.

ר׳ יחזקאל נעמט אַרויס אַ גרויסן פּאַק פֿון אַ הינטער־קעשענע, עפֿנט אים אויף, נעמט אַרויס אַ פּאָר איינצלנע הונדערטער, און איז זיי מוסר ר׳ מרדכין.

— וואָס זאָל מען טאָן אַז מען קען נישט, — קרעכצט ר׳ מרדכי און נעמט דאָס געלט.

און דאָס געשעפֿט איז געמאַכט.

ווער ווייס, וועמעס תּבֿואה פֿון וועמעס פֿעלדער זיינען איצט איבער־געגאַנגען פֿון איין רשות אין צווייטן...

און גאָט האָט געהאָלפֿן. דאָס איז האָט עפּעס ווי דורך אַ געהיימען באַפֿעל די טראָטואַס געמיטן, ווי שוועמלעך קליינע, ווי שפּענדלעך האָלץ האָבן זיי אין אַ זודיקן וואַסער זיך געטוקט, געוואָרפֿן און געטרייסלט, און פֿון אָרט זיך נישט גערירט. ר׳ יחזקאל איז ביים ברעג געשטאַנען און צו־געזען גאָטס וואונדער, וואָס ער טוט מיט אים און פֿאַרלאָזט אים נישט. צוויי טעג האָבן די פּויערים געאַרבעט און דאָס האָלץ אויפֿן ברעג אַרויפֿגעבראַכט, און ר׳ יחזקאל האָט באַשיימפּערלעך געזען גאָטס הילף.

דאַנערשטיק האָט זיך ר׳ יחזקאל מיט ר׳ מרדכין געזעגנט. ר׳ מרדכי האָט נעבעך געמוזט איבערבלייבן איבער שבת ביי חיימען, ער האָט איבערן וואַסער נישט געקענט אַריבער.

און ווען נאָטע איז מיטן קורצן פּעלצל אויפֿן וואָגן געזעסן, דאָס זעלנע־רישע היטל אויפֿן קאָפּ, וואַרטנדיק אויפֿן באַלעבאָס, איז די חיימטע אַרויס אויף די טרעפּלעך. זי האָט געקוקט אויף נאָטען און האָט מיט איר אַלטן גרויען קאָפּ, וואָס איז אין איר גרויען טיכל געווען איינגעפּאַסט, צוגע־שאָקלט. אין מוח איז איר עפּעס אַ געדאַנק קלאָר געוואָרן: אַזאַ יונג איז נאָטע, אָפּגעגעסן ביי איר (זי האָט אים מיט דעם בעסטן געפֿיטערט), געמיינט, אַז ער וועט מיט איר, מיט איר שוועסטערקינד משפּחה ווערן, און ער זיצט זיך גאָר אויף דער פֿור, און די פֿערד ווילן אים אַוועקטראָגן. אַזאַ יינג איז דאָס... ער האָט זי אָפּגענאַרט און קיין רעכטע פּרעטענציע קאָן זי דאָך נישט האָבן צו אים. וואָס טוט ער דען? ער פֿאָרט

אַוועק מיט זיין באַלעבאָס, נו, וואָס דען זאָל ער טאָן, ביי איר איבערבלייבן? אָבער שאָקלען מיטן קאָפּ האָט זי געהאַט אויף וואָס — און זי איז אויף די טרעפּלעך געשטאַנען, האָט געקוקט אויף נאָטען און מיט דער גאָמבע צוגעשאָקלט.

— אַזאַ יונג איז דאָס! אָ, וואָס אַזאַ יונג קאָן!

— נאָטע האָט דעם קאָפּ אַוועקגענומען און געקוקט ערגעץ אין דער וועלט אַריין, אַפּנים, געמאַכט זיך נישט זען, און געפּייפּט צו די פּערד.

— ווי ער זיצט זיך דאָ שטייף אויף דער פּור —— האָט זי געזאָגט מער מיטן קאָפּ ווי מיטן מויל.

— וואָס? האָ? — פרעגט נאָטע און שטעלט אויס פרום די אויגן.

— וואָס? וואָס? האָ? און אָנגעפרעסן האָסטו דיך? און אָנגעזויפּן האָסטו דיך? האָ? וואָס? — האָט די אַלטע געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אָ ווארילער יונג, נאָטע, אָ וואוילער יונג, כ׳לעבן. אָנגעגעסן זיך, אָפּגעגאַרט די אַלטע, כ׳לעבן. אָ שידוך וויל זי? — זאָגט ר׳ חיים אַנקו־מענדיק, און קלאַפּט נאָטען אויף דער פּלייצע.

— נו, וואָס דען, ר׳ חיים? — מאַכט נאָטע מיט די אויגן און מיט די פּלייצעס — אַז מען גיט, נעמט מען.

— און האָסטו ניט צוגעזאָגט אָ חתן ווערן, פרעסנדיק און זויפנדיק?

— איז די חיימטע געוואָרן דרייסטער.

— אַלטער נאַר, זאָלסט אַזוי לעבן! — און די חיימטע כאַפּט זיך אויף און לויפט אַריין אין שטוב.

באַלד איז ר׳ יחזקאל אין שאַפּן־פּעלץ אַרויס און אַרויף אויפן וואָגן.

— בלייבט מיר געזונט — האָט נאָטע אַריינגעשריגן דורכן פּענצטער, ווען די פּערד האָבן אָנגעהויבן זיך רירן.

— פאַר געזונטערהייט און צעברעך הענט און פיס — האָט אים די אַלטע נאָכגעשאָלטן, פילנדיק עפּעס אין האַרץ, אַז ער האָט איר אַן עוולה געטאָן.

נאָטע האָט איר מיט אָ קנאַל פון דער בייטש אָפּגעענטפערט.

# די רעכענונג

ר׳ יחזקאלס האָלץ־געשעפֿט האָבן שותּפֿות פֿיר שותּפֿים, „קעפּ״ אָבער נאָר דריי: ר׳ יחזקאל אַן עיקר־שותּף; דער מחותּן, ר׳ חיים ראָזנקראַנץ, אַ צווייטער עיקר־שותּף, און מאָטעלע, ר׳ יחזקאלס אַן אויסגעגעבענער זון, טאַקע ר׳ חיימס איידעם, און עוזרל, ר׳ חיימס אַן אויסגעגעבענער זון, טאַקע ר׳ יחזקאלס אַן איידעם, — זיי ביידע — אַ דריטער „קאָפּ״.

די רעכנמייסטערס זיינען דער יונגער דור, מאָטעלע און עוזר. זיי רעכענען היינט־מאָדיש אויף פּאַפּיר מיט טינט און פֿעדער. יעדערער רעכנט באַזונדער, לויפֿן זיך אַלע ווילע צוזאַמען און לויפֿן זיך ווייטער, און קיין מאָל קומט די רעכענונג נישט אויס ביי זיי גלייך, ביז די אַלטע נעמען צו שטיקלעך קרייד און הייבן אָן רעכענען אויף זייער אופֿן נאָך — מיט גלייכע און קרומע פּאַסעקלעך און די רעכענונג ווערט געמאַכט.

דאָס איז פּראָסטע שבת־צו־נאַכט־רעכענונג. אַז עס קומט די יאָר־רעכענונג (דאָס איז סוף ווינטער און סוף זומער), דעמאָלט שיקט מען נאָך ר׳ וואָלף דעם שרייבער, דעם באַוואוסטן חידה־טרעפֿער; און אויב עס איז נאָך דאָ עפּעס שווערערס קומט שערעצקע דער „אַדוואָקאַט״ אַליין, דער וואָס שרייבט אַלע קאָנטראַקטן מיט די שררות.

די אַלטע, אין אמתן, ווייסן נישט, צו וואָס מען דאַרף די אַלע רעכענונגען. פֿון אַ רעכענונג פֿאַרדינט מען נישט, און צו קיין רעכענונג לייגט מען נישט צו. און וואָס איז דער אונטערשייד צו וויסן וויפֿל. ווייסט מען נישט, קומט די ברכה אַריין, און ווידער אַרום, זיי ווייסן די גאַנצע רעכענונג אויפֿן קאָפּ, ווייסן אין וועלכן געשעפֿט מען האָט צוגעלייגט און אין וועלכן פֿאַרדינט. זיי האָבן אָפּגעלעבט זייער ביסל יאָרן און האָבן פֿון קיין רעכענונג נישט געוואוסט, איז אויפֿגעשטאַנען דער יונגער דור און האָט איינגעפֿירט רעכענען — רעכנט מען, כאָטש נאָך יעדער רע־כענונג, ווייסט מען שוין פֿריער, מוז אַרויסקומען אַ מחלוקת. — „אין אמתן — טענהן די אַלטע — וואָס איז דער חילוק: מאָטעלע איז נישט

מיין קינד ווי עוזרל? מאַכט איינער אַ ברית, אַ בר־מצווה, איז עס נישט מיין שמחה פּונקט אַזוי ווי דיינע?"

דער יונגער דור זאָגט, אַז מען דאַרף וויסן פון אַ רעכענונג, אַז דאָס געשעפט „פאַרלאַנגט" צו וויסן פון אַ רעכענונג — נו, מילא, רעכנט מען, קומען אַרויס מחלוקות, זאָל גאָט אויסהיטן.

די יונגע קריגן זיך, די שנור מיט דער טאָכטער. צווישן איטען, מאַטעלעס ווייב, און גאָלדען, עוזרס ווייב, איז אַ באַשטענדיקע מחלוקת. גאָלדע, ר' יחזקאלס טאָכטער, וואָס איז עוזרס ווייב, זאָגט, אַז צווישן די צוויי מויערן, וואָס איר שווער ר' חיים האָט, שטעקט פיל פון איר פאָטערס געלט. און איטע זאָגט פאַרקערט, אַז צווישן די הייזער, וואָס איר שווער, ר' יחזקאל, האָט, שטעקט פיל פון איר פאָטערס געלט. די אַלטע טענהן, וואָס איז דער חילוק, צי פון דער מאַמען, אָדער פון טאַטען, נאָכן טויט וועט איר זיך גלייך טיילן, — זיינען עס דאָך אָבער יונגע מענטשן.

גאָלדע, ר' יחזקאלס טאָכטער, איז אַ הויכע יידענע מיט אַ שייטל פון דריי לאָקן, וואָס פאַרוואַרפן זיך אויף איר גלאַנצעדיקן שטערן, מיט אַ געשליפן ציינגל, פאַר וועלכן אַלע ציטערן. מען איז זי תמיד געוואוינט צו זען אין גאַס מיט יינגלעך פון פאָרענט און מיט יינגלעך פון הינטן, וואָס צופּן זי ביי דער ברייטער שירץ: „מאַמע, אַ צווייער"! זי איז אַ שונא אויפּס לעבן און טויט דער שוועגערין איטע — און די שוועסטער רעדט אויס אויף איר פאַרן ברודער מאָטל, איר מאַן:

— אוי, אוי, מאָטעלע ביסטו אַריינגעפאַלן, אַ רחמנות, נעבען, אויף דיר, ווי זעסטו היינט אויס. פאַר דער חתונה האָסטו אויך אַזוי אויסגעזען? יאָ? — הייבט זי אָן באַדויערן דעם ברודער, ווען ער קומט אַריין צו איר מאַן אין אַ וואָכעדיקן טאָג און טרעפט אים נישט אין דער היים.

מאָטל איז שוין געוואוינט, אַז די שוועסטער זאָל אים באַדויערן, כאָטש ער ווייסט נישט, פאַר וואָס און פאַר ווען. פלעגט ער איר אַ וואָרט צו־וואַרפן: „נו", שווייג, שווייג, איך בעט דיך", און פאַרלאָזן די שטוב. טייל מאָל אָבער, אַז זי הייבט אָן אויף זיין ווייב אויסצוריידן, שטעכט דאָס אים: זי איז דאָך זיין ווייב, פאַלט ער אָן אויף איר:

— וואָס איז עס דיין געשעפט? דאָס איז מיין ווייב, מיט מיר האָט זי חתונה געהאַט, נישט מיט דיר.

— זיין ווייב... גיט נאָר אַ קוק, ווי ער האַלט פון איר שטאָל און אייזן. ר' יחזקאל גאַמבינערס שנור איז זי? אַ מכה! חיים „סטשערבס" טאָכטער איז זי, דיין טאַטנס פערד־יונגס טאָכטער.

— און דיין טאַטנס פֿערד־יונגס זון איז דײַן מאַן, און ווי דו ווילסט? — רייצט זיך מיט איר דער ברודער.

— מיין מאַן — חיים „טשערבס" זון! (און פֿון כּעס ווערט איר גאַנץ פּנים רויט). — גיט נאָר אַ קוק, צו וואָס איטעלע קען ברענגען, זי וועט דיך נאָך ברענגען אין דר׳ערד אַריין לעבעדיקערהייט. — און זי הייבט אָן וויינען.

אין שטוב געפֿינט זיך אַ רעשטל קינדער, און זיי, הערנדיק, אַז די מאַמע וויינט, הייבן זיי אויך אָן וויינען.

מאָטל נעמט צוזאַמען די קינדערלעך און טיילט זיי צו גראָשן, אַז זיי זאָלן אויפֿהערן וויינען.

גאָלדע לייגט זיך שוין אין בעט אַריין אויף אַ גאַנצן טאָג, און דערנאָך, אַז דער מאַן קומט אַהיים, פֿאַלט זי אָן אויף אים:

— דו האַלטסט אויך אַזוי פֿון דיין ווייב ווי מאָטל? וואָלסט געזאָלט הערן אויף דיין ווייב, אָסור לדבר — וואָלסטו דיך מיט איין וואָרט נישט אָנגערופֿן. מענער, מישטיינס געזאָגט.

און עוזר און מאָטל שטייען ביידע דערנאָך אין שפּייכלער און באַקוקן דעם ווייץ און ריידן פֿון געשעפֿט, גיט עוזר אַ וואָרף אַריין אַ וואָרט צו מאָטלען אין מיטן דערינען, אַזוי פֿון דער זייט:

— וואָס האָסטו היינט געוואָלט פֿון גאָלדען?

— גאָרנישט, נאַרישקייטן.

— אויף אַ גאַנצן טאָג האָט זי זיך אין בעט געלייגט.

— וויפֿיל האָסטו פֿאַרשריבן אויף די קראָשנעוויצער? — פֿרעגט ער אים, כּדי אים פֿון שמועס אַרויסצונעמען.

און נישט איין מאָל טרעפֿט זיך די מעשה פֿאַרקערט, מיט איטעלען און מיט עוזרן.

*

דער מנהג איז, אַז יעדע שוויגער האָדעוועט אויס אינדיקעס אויף פּסח און גיט דער שנור. אַזוי פֿירט זיך שוין פֿון יאָרן לאַנג. ביי ר׳ יחזקאלן אויפֿן הויף דרייען זיך אַרום די אינדיטשקעס, באַשטימט פֿאַר איטען; ביי ר׳ חיים ראָזנקראַנץ אויפֿן הויף האָדעווען זיך ווייטער די אינדיטשקעס פֿאַר גאָלדען.

קומט גאָלדע און נעמט אַרויס די אינדיטשקעס פֿון דער מאַמעס הויף און טראָגט זיי זיך אַהיים. ווערט דאָך אַ געשריי, עס קומט איטע נאָך די אינדיטשקעס צו דער שוויגער, און זיי זיינען נישטאָ.

— זיי קערן מיר אָן פּונקט אַזוי ווי איר, מיין מאַמעס אינדיטשקעס — טענהט גאָלדע.

לויפֿט אַהיים איטע צו דער מאַמען מיט אַ געוויין: גאָלדע האָט איר די אינדיטשקעס אַוועקגענומען. נעמט די מאַמע דער שנורס אינדיטשקעס און גיט דער טאָכטער אַוועק. קומט דאָך די שנור צולויפֿן: איר חזקה — ווערט, פֿאַרשטייט זיך, אַ מחלוקת.

נעמען די שוויגערס און קויפֿן אין דער שטיל אַנדערע אינדיטשקעס און צעטיילן צווישן די שניר.

האָבן זיי טאָפּלט.

די אַלטע לייט ווערן דערפֿון געוואויר, די קינדער קריגן זיך, און האָבן דערפֿון עגמת־נפֿש.

אַ גאַנץ יאָר, הייסט עס, זיינען די שניר נישט ברוגז צווישן זיך — „נישט חבר און נישט ברוגז". מען טרעפֿט זיך אין גאַס, שאָקלט מען זיך צו פֿון דער ווייטנס מיט אויפֿגעריסענע נעז. אָבער טרעפֿט מען זיך ביי דער מאַמען (נישט קיין חילוק ביי וועלכער מאַמען), ווען מען פֿרעגלט איינגעמאַכטס, זאָגט מען זיך „גוט מאָרגן", „גוט יאָר", נישט קוקנדיק איינע אויף דער צווייטער, און מען צעטיילט זיך דאָס איינגעמאַכטס אין דער שטיל אָן ווערטער. איינע רוקט צו דער צווייטער דעם גרעסערן חלק:

— לאָז זי זיך נעמען, וועלכעס זי וויל, — און מען קוקט אויף דער וואַנט.

— וואָס איז דער חילוק, דיינע קינדער וועלן ביי איר דאָס איינגעמאַכטס מיט געזונט אויפֿעסן, און דיינע קינדער וועלן עס ביי איר מיט געזונט פֿאַרצערן — זאָגט די שוויגער אָדער די מאַמע, געבנדיק יעדערער איר חלק.

אַז עס קומט אָבער פֿאַר דער רעכענונג — נישט פֿון ווען און נישט פֿון וואו, הערט מען אויף זיך צו גריסן, און אַז מען טרעפֿט זיך ביי דער מאַמען, אָדער ביי דער שוויגער, זעצט מען זיך אַנידער איינע קעגן דער צווייטער און מען שווייגט.

די קליינע קינדער אָבער ווייסן נישט פֿון קיין חכמות, גאָלדעס אַ קינד לויפֿט צו דער מאַמען:

— מאַמע, מאַמע, די מומע רופֿט.

די מאַמע שטופּט עס אַוועק פֿון זיך מיט כּעס...

*

געווען איז עס אין דעם שבת־צו־נאַכט פֿון דער יאָר־רעכענונג.

די שטוב האָט באַקומען גאָר אַן אַנדערן חן. זי איז יום־טובדיקער, ווי אין אַן אַטלעסענער קאַפּאָטע אָנגעטאָן.

איבער דעם גרויסן, לאַנגן,ברייטן טיש צעגיסט זיך דאָס ליכטי־קייט פֿון דעם לאָמפּ. מיט מער דרך־ארץ און גאָר מיט אַן אַנדערן חן ברענט ער היינט. דער טיש איז באַלייגט מיט פּעק „פּאַפּירן" און „פּאַפּירלעך". פֿון אויבן אָן אין פּאַטער־שטול זיצט ר' יחזקאל. מיט איין האַנט האַלט ער זיך אָן פֿאַר די ברילן, און מיט דער צווייטער האַנט רעכנט ער פֿאַר זיך מיט אַ שטיקל קרייד. אויף דער צווייטער זייט טיש, אַנטקעגן ר' יחזקאלן, זיצט ר' חיים ראָזנקראַנץ דער מחותּן, אַ הויכער ייד, מיט אַ לאַנגער, געלער באָרד, וואָס צעשפּרייט זיך אין צוויי שפּיצן, און מיט אַ לאַנגער, האָר־באַוואַקסענער נאָז. גרויסע טראָפּנס שווייס טריפֿן פֿון די קנייטשן פֿון זיין ברייטן, גלאַנצעדיקן שטערן און האַלטן זיך אויף צווישן די האָר אויף דער שפּיץ נאָז. דער מחותּן רעדט ווייניק, און רעדט ער אַ וואָרט — איז עס אַ חסד, וואָס ער טוט פֿון זיין זייט. ער קוקט זיך נאָר צו. און רעדט ווער, קוקט ער אים אָן, און דאָס איז שוין גענוג...
ביי בײדע זייטן טיש זיצן עוזר און מאָטל. זיי רעכענען שוין הויך, מאָטל פֿאַר זיך:

— צוויי־און־אַכציק האַנט־געלט אין שעמעניץ.

עוזר, וואָס איז, דאַכט זיך, גאָר געווען פֿאַרטאָן אין זיין רעכענונג, כאַפּט זיך פּלוצלינג אויף, ווי עס וואָלט אים ווער אָפּגעבריט, מאַכט צו איין אויג און קוקט אויף מאָטלען:

— וואָס? ווען? וואָס פֿאַר צוויי־און־אַכציק?

— אין שעמעניץ, לייזער רבין נישט געגעבן, האַ?

— אַ—, לייזער רבין. הונדערט צוואַנציק אין גאָמבין... — רעכנט שוין עוזר פֿאַר זיך ווייטער, ווי עס וואָלט גאָרנישט געווען.

— געלער הונט — זידלט אים מאָטל אויס — „קופּיעץ" מיינער, געוואָלט מיך כאַפּן.

מען הייבט אָן צו שיטן זיך מיט שטעך־ווערטער. די אַלטע רופֿן זיך אָן: נו, נו! — און קלאַפּן אין טיש.

דער עיקר „רעכן־מייסטער" איז עוזרל. דאָס איז אַזאַ מין „צוויי־וועלטיק־יידל": אַ „חסיד" און אַ „דייטש", אַ פּראָסטער און אַ למדן. „וואו ער קומט, האַלט ער מיט"", און דערפֿאַר טאַקע איז ער דער פּערל אין דער משפּחה. אַ קיילעכיק, בידעריק יידל מיט אַ געל קיילעכיק בערדל. טראָגט שוין אַ געפּרעסט ווייס קראַגנדל מיט אַ שוואַרצן שניפּס, און רעדט, אַזוי ווי דער פֿאָטער, אָפּגעציילטע ווערטער. נאָר רעדט ער שוין אַרויס אַ וואָרט, מאַכט ער צו איין אייגל, און קוקט מיטן צווייטן אויג מיט חשד אויף יענעם, וואָס רעדט צו אים. יעדן מענטש, וועלכן ער זעט דאָס ערשטע מאָל, איז ער חושד. מיט אַלעמען לעבט ער גוט. אַליין

איז ער, הייסט עס, אַ חסיד, דאַוונט אין שטיבל און האָט ליב צו טראָגן אַן אַטלעסענע קאַפּאָטע מיט אַ ווייס קראַגנדל, — און, אַז ער רעדט, דריקט ער שאַרפער אויס די „ר״, אַזוי ווי מען רעדט אין וואַרשע. מיט מיטקאָווסקין, דעם איינציקן ליטוואַק אין שטאָט, לעבט ער אַ גוטן טאָג. און אַז דער ליטוואַק רעדט אויס אויפן רבין, שאָקלט עוזר צו מיטן קאָפּ, אַ מאַך מיט דער האַנט אַזוי, אַז ווי מען וויל, קען מען עס אָננעמען: אַז מען וויל, איז ער מסכים מיטן ליטוואַק, און אַז מען וויל, באַדויערט ער דעם ליטוואַק, דעם אַפּיקורס.

עוזר איז פאַרטאָן היינט שטאַרק אין רעכענען און זיצט מיט וואָלף „שרייבער״ ביים „ריכטיקן בוך״.

ווער איז דאָס וואָלף „שרייבער״? און וואָס איז דאָס אַזעלכעס דאָס „ריכטיקע בוך״?

וואָלף שרייבער איז אַ ייד אַ רעכנמייסטער פון די רעכנמייסטערס, אַ דאַרס, אַ קליינס, אַ מאַגערס, אַ גאָרנישט. און אין דעם גאָרנישט איז אַזוי פיל דאָ, אַ טראָפּן פון ים, און אין דעם טראָפּן אַ גאַנצער ים. טרוקן איז עס. אַ פּנים, אַ ברייטער, „אויסגעשטערנטער״, איינגעקנייטשטער שטערן, און אין שטערן צוויי אויגן מיט אַ נאָז, — אַ נידעריקס, גיי נעם שטעק דיר אים אין קעשענע אַריין. וועסטו דאַרפן אַן „אַלגעבריניק״ צו פרעגן, וועט ער דיר פון קעשענע אַרויסקריכן. וואוינען וואוינט עס — גיי פרעג גאָט! נישט קיין ווייב, נישט קיין קינד. צי האָט ער אַ מאָל יאָ געהאַט אַ פאַמיליע, צי האָט ער נישט געהאַט — קיינער ווייסט נישט. דאָס וואָלפל דרייט זיך אַרום אין שטעטל, ווי עפּעס אַ צולאָג צום שטעטל, אַ זאַך, וואָס דאָס שטעטל דאַרף עס. האָט ווער אַ שווערע רעכענונג צו פרעגן (נישט ווייל מען דאַרף דאָס וויסן, נאָר גלאַט אַזוי, ווייל עס איז טשיקאַווע), קומט מען צו וואָלפן. פרעגט מען אים, קנייטשט ער איין דעם שטערן, און דעמאָלט זעט זיין שטערן אויס, ווי אַן אַלט בלעטל פון אַן אַלט ביכל... און די קנייטשן פון שטערן — אַלטע, אָפּגעריבענע אותיות, און עס דאַכט זיך, אַז די קנייטשן פון שטערן שטעלן זיך צוזאַמען און זאָגן אים אויס דעם סוד פון דער רעכענונג.

דעם דאָזיקן וואָלף האָט עוזר צו זיי אַריינגעבראַכט די יאָר־רעכענונגען צו מאַכן. וואָלף שרייבער פרעגט נישט אויף קיין לוין — ער וואַרט נאָר אויף אַזאַ רעכענונג, אַז ער זאָל דאָ זיין גבורה קענען אַרויסווייזן.

אַלץ, וואָס די סוחרים „גיבן אויס״ און „נעמען איין״ — אַזוי האָט עוזר איינגעפירט — שרייבט מען אין אַ ביכל איין. אין יעדן ביכל מוזן אויף איין בלעטל די „הוצאות״ ווערן איינגעשריבן, אויפן צווייטן — די „הכנסה״.

מילא, עוזר פירט זיין ביכל ריין, — אַזוי זאָגט ער, נאָר מיט די אַלטע איז אַ חורבן, שטענדיק פאַרלירן זיי זייערע בליישטיפטן, און קומט צו עפּעס איינשרייבן, הייבן זיי אָן זוכן אין אַלע קעשענעס, און פאַרשילטן עוזרן אויף די „מאָדעס", וואָס ער האָט איינגעפירט, שרייבט מען דערווייל אָן אויף די שענק מיט קרייד, אָדער אויפן טיש, אָדער גלאַט אַזוי אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. דערנאָך צו דער „יאָר־רעכענונג" זוכט מען אויס די שטיקלעך פּאַפּירן, מיט די שענק און בענק, וואָס אויף זיי זיינען די רעכענונגען אָנגעשריבן, און מען שרייבט זיי איבער אין דעם „ריכטיקן בוך".

די אַלטע פאַרשרייבן דאָך פאַרצוקט, אין דעם בוך מעקן זיך די שריפטן אויס, ווערט דערנאָך אַ מחלוקה איבער די ציפערן. איינער זאָגט, אַז עס איז אַן 8, דער צווייטער: אַ 5. אָבער צום מערסטן ווייסט מען גאָרנישט, וואָס דאָס איז אַזוינס. מען פרעגט די אַלטע, ענטפערן זיי: „פאַרדרייט אייך אייער קאָפּ". שיקט מען צו לייבל זייגער־מאַכער נאָכן „שפּאַקטיוול", קוקט מען אין „שפּאַקטיוול", ווערט אָבער פון דאָס ניי די זעלבע מחלוקה, און דעמאָלט נעמט זיך שוין וואָלף שרייבער צו דער זאַך. ער מאַכט אַן אַלגעבריניק אַהין און אַן אַלגעבריניק צוריק, און ווייזט אויס, על־פּי חכמת החשבון, אַז עס מוז גאָר זיין אַ דריי, און טוט אים עפּעס!

און דאָס „ריכטיקע בוך" איז ביי וואָלף שרייבער דאָס פידעלע, אויף וועלכן ער שפּילט זיין לידל אויס. ער האַלט עס ווי אַן אויג אין קאָפּ און טראָגט זיך דערמיט אַרום.

געזעסן איז עוזר מיט וואָלף שרייבער ביי דעם „ריכטיקן בוך" און זיי האָבן ביידע טיף אין בוך אַריינגעקוקט. אין שטוב איז געווען אַ שטיל־שווייגעניש, וואָס האָט געדריקט און צוגלייך עפּעס אַ דרך־ארץ פאַר־שפּרייט... אויף דעם טיש, וואָס איז געווען פאַרוואָרפן מיט קליינע און גרויסע פּאַפּירן און פּאַפּירלעך, האָבן צוויי גרויסע זילבערנע לייכטער אַרויסגעשטאַרט און האָבן ערנסט געמאַכט די שטוב. און די טיר האָט געסקריפּעט, די דינסט האָט זיך געדרייט, איז אַריין מיט פולע גלעזער טיי און אַרויס מיט ליידיקע.

אין אַ ווינקל שטוב אויף דער קאַנאַפּע זיינען געזעסן כאַצקל און בערל, ר' יחזקאלס משפחה. זיי זיינען געזעסן שטל־שווייגנדיק, זיך נישט אַ ריר געגעבן, כּדי מען זאָל זיי נישט אָנזען, אַז זיי זאָלן דאָ גאָרנישט אויסמאַכן, און מיט גרויס הכנעה זיינען זיי יעדע מינוט גרייט געווען צו דערפילן מיט דעם גרעסטן פלייס און איילעניש דעם קלענסטן פאַר־לאַנג, וואָס איינער פון טיש וועט באַפעלן. נישט איין מאָל זיינען זיי אַליין

געגאַנגען טרעפּן, וואָס מען דאַרף, און האָבן זיך מיט אַ מאָל געגעבן אַ לאָז צו דער טיר. ביידע האָבן זיך אָנגעטראָפן און האָבן אַ גערודער גע־מאַכט. האָט זיך ווער פון טיש אומגעקוקט, האָבן זיי זיך ביידע אין דער שטיל, פאַרשעמטערהייט פון דער שטוב אַרויסגעגנבעט. נאָר אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט מען זיי שוין ווייטער אין שטוב געטראָפן זיצן אויף דער קאַנאַפּע, און איינער האָט דעם צווייטן אין דער שטיל די הענט, די פּיס געקנייפּט, געביסן, דער צווייטער האָט אים מיט אַ שטאָך פון אַ שפּילקע אָפּגעענטפערט, אָנשטאָט אַ וואָרט פון מויל אויסצונוצן.

אין מיטן דערינען דערהערט זיך פון דרויסן אַן אָנקומעניש. די טיר עפנט זיך ברייט און עס באַווייזן זיך יידן, די שטאָט־באַלעבאַטים, נאָך אין שבתדיקן אָנגעטאָן, טייל מיט ציגאַרן, טייל מיט לולקעס, און לאָזן פון די בערד אַ געדיכטן רויך אַרויס. די שבתדיקע קליידער און די וואַ־כעדיקע לולקעס האָבן ניט אין איינעם געשטימט, דאָך האָבן זיי צוזאַמען געוואָרפן אַ חול־המועדיקן חן, אַ חן פון חסידיש־נגידיש. די שטוב איז פול געוואָרן מיט רויך פון די ציגאַרן. און פון געדיכטן רויך האָבן די צוויי ליכט־פלאַמען אַרויסגעשיינט און דאָס האָט זייער באַלעבאַטיש אויס־געזען און באַחנט דעם עולם. זיי האָבן געזאָגט דעם ברייטן „גוט וואָך” און האָבן פאַרנומען, יעדערער נאָך זיין שטאַנד נאָך, פּלעצער אַרום דעם טיש. די טיר האָט איצט מער געסקריפּעט — און פון שטוב איז איצט מיט אַ מאָל אַוועקגענומען געוואָרן דער פריערדיקער דרך־ארצדיקער גייסט. וואָס האָט געהאַט די שטוב אָנגעפילט, אַזוי, אַז בערל און כאַצקל האָבן זיך מיט אַמאָל מער היימישער געפילט און פריי געלאָזט די צונגען אָנשטאָט זיך צו קנייפּן. די שטוב איז צוריק שטוב געוואָרן, מען האָט באַלד די רעכענונגען אַראָפּגענומען, וואָלף שרייבער האָט געכאַפּט דאָס „ריכטיקע בוך” און איז דערמיט ערגעץ־וואו פאַרשוואונדן.

איינער אַ הויכער ייד מיט אַ לאַנגער ברייטער באָרד, וועלכער האָט גערעדט מער מיט די הענט ווי מיטן מויל און יעדערן מיט אַן עזותקייט דאָס מויל פאַרקלאַפּט, איז געווען דער ראש־המדברים: אַזוי ווי די שטאָט, זאָגט ער, האָט קיין פּרנסה נישט, און מען דאַרף נייטיק אַ רבין אין שטאָט, אַז חסידים זאָלן האָבן וואוהין אַריינצוקומען אויף אַ יום־טוב, אויף אַ שבת, און אַז עס זאָל אַ לעבן ווערן, גיט ער אַן עצה, אַז מען זאָל דעם טריסקער רבין, וואָס האָט זיך איצט פון ברודער אָפּגעטיילט, אין שטאָט פאַרבעטן. דער טריסקער רבי וועט באַשטיין, — ער ווייסט עס אויף געוויס — נאָר מיט דעם תנאי, אַז מען זאָל אים דעם רבס בית־המדרש אָפּגעבן, און דער שטאָט־רב זאָל אים אַ קוויטל אַרויסגעבן, אַז סנדיקאות געהערן צום טריסקער רבין.

— און אונדזער רב לעבט נישט ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר ? דו, קהילה־מענטש, מן הסתם האָסטו אָן אַפּויתיקי פון דיינעם באַקומען, — האָט געשריען אַהרן־לייב שוסטער, אַ חברה־מאַן אין די „נושאי־מטה״, אַ בלינדער אויף איין אויג, שוין האַלטנדיק דעם שטעקן אין דער האַנט אַנטקעגן דעם הויכן יידן.

אַהרן־לייב שוסטער האָט געהערט צו דער „חברה־מענער״. די חברה־מענער, אָדער די חוטבי עצים ושואבי מים, ווי מען האָט זיי אין שטאָט גערופן, האָבן געהאַלטן פאַרן רב ; די טריסקער חסידים אָבער, האָבן זייער רבין געוואָלט אין שטאָט אַריינברענגען.

— מענדל ־לייב, פון ווען אָן ביסטו מיר אַזאַ מאַכער געוואָרן ? האָסט שוין קיין פּרוטה נישט און ווילסט וויטער אַ ביינדל אָפּלעקן ? הע ? — האָט צום הויכן יידן געזאָגט איינער אַ קצב, וואָס האָט אַ מאָל געלערנט מיט אים אין איין חדר.

— אומעטום זיינען זיי דאָ, די פּויערים, מען פרעגט אייך נאָך נישט קיין שאלה. אַז מען וועט אייך פּרעגן, וועט איר ענטפערן, — האָט דער הויכער ייד געזאָגט, אַרויפּרוקנדיק זיך העכער צום טיש צו.

ר׳ יחזקאל, דער דאַזאַר, דער באַלעבאָס פון שטאָט, איז זיך געזעסן און האָט אויסגעהאָרכט די מחלוקת און האָט שטיל־געשוויגן, קוקנדיק אויפן מחותן, וואָס וועט ער זאָגן.

— צווישן אונדז רעדנדיק, ווער קומט צו „אים״ היינט אַהער ? וואָס פאַר אַ נאָמען האָט ער ? און וואָס איז ער אין אמתן ? — האָט דער הויכער ייד פאַרשטיין געגעבן ר׳ יחזקאלן אין דער שטיל.

— גוט־וואָך ! — גיט מיט אַ מאָל אַ קלונג אין שטוב, און דער „גוט־וואָך״ איז עפּעס געוועזן גאָר אַ באַזונדערער, — ער איז נישט בטל געוואָרן צווישן די אַנדערע גוט־וואָכס. טייל האָבן זיך אומגעקוקט צו זען, ווער דאָס איז, און געוועזן איז עס ר׳ יצחק יודלס. ר׳ יצחק יודלס איז אַ ייד מיט אַ באַזונדערן „מיין״. איזן איז עס אַ קליין יידל, נאָר אַ ברייטס מיט אַ דיק בייכל, וואָס רעדט נישט, נאָר עס קוויטשעט זינגענדיק ; עס קוקט נישט, נאָר עס באַפּעלט מיט די אויגן. אַז עס וויל, איז עס גוט ווי אַ טייבל, און שלעכט ווי אַ שלאַנג. שטענדיק דער ציגאַר אין מויל, מעג ער זיין אָנגעצונדן, מעג ער זיין אויסגעלאָשן, און דאָס ריטשן זיינס מיט די פיס זאָגט אָן אַ פערטל שעה פריער, אַז ער קומט... יעדערן דוצט ער, מיט אַלעמען איז ער „פאַן בראַט״. ער פירט די ראָלע פון אַ גרויסן חסיד, און זאָגט אַלעמען מוסר, און אַלע האָבן מורא פאַר אים, ער האַלט גאַנץ ווינציק פון די אַלע רבנים, וואָס יידן האַלטן פון זיי, ער מאַכט זיי אַוועק מיט דער האַנט. מיט דעם שטאָט־רב איז ער אין אַ באַשטענדיקער מחלוקת.

טרעפֿט זיך אַ שאלה, פּסקנט ער אַליין. זאָגט אויפֿן רב, אַז ער איז אַ גראָבער יונג און אַלע האָרכן אויס, און וואונדערן זיך און האָבן מורא פֿאַר אים.

עוזר, וואָס איז די גאַנצע צייט געווען קאַלט און האָט זיך אויסגע־הערט רואיק, איבער וואָס מען קריגט זיך, דערזעענדיק ר׳ יצחק יודלס, וועלכער פֿלעגט אים אַלע מאָל אויף די פּלייצעס קלאַפּן אין שטיבל, איז גאָר אַן אַנדער מענטש געוואָרן, — אַ חסיד.

— וואָס איז, מען פֿרעגט אייך גאָרנישט — האָט ער געשריען צו די באַלעבאַטים.,

ר׳ יחזקאל און ר׳ חיים ראָזנקראַנץ געהערן צו די באַלעבאַטים; זיי דאַווענען און חברן זיך מיט באַלעבאַטים. זיי קענען אַפֿילו נישט לערנען, נאָר זיי זיינען יודעי־ספֿר. זיי זיינען פֿון די באַלעבאַטים, וואָס האָבן דרך־ארץ פֿאַר אַ למדן און ווערן בטל פֿאַר אים. אַ ייד אַ למדן זאָגט אַ וואָרט, כאָטש עס איז ניט אַזוי גלייך, וואָס פֿון אונדז איינער טאָר דאָס ניט זאָגן, דאָך מן הסתם ווייסט ער וואָס ער זאָגט. דערפֿאַר האָט ר׳ יחזקאל שטיל־געשוויגן כאָטש ער האָט מיטגעהאַלטן מיט די באַלעבאַטים.

ר׳ יחזקאלס האָפֿענונג איז געווען צו האָבן אַ קינד אַ למדן, אַ מענטש פֿון „יענער וועלט״, וואָס זאָל זיצן און לערנען, און ער האָט טאַקע דער־פֿאַר ר׳ יצחק יודלס פֿאַר אַ מלמד צו זיינע קינדער געהאַלטן. דער על־טערער זון איז אָבער נאָך בחורוויז אין געשעפֿט אַריין, „צוגעכאַפּט זיך״, און ביסלעכוויז די תורה פֿאַרלאָזט. איינס נאָר איז אים נאָך איבערגע־בליבן, — וואָס ער האַלט זיך פֿאַר אַ חסיד, דאַוונט אין שטיבל און חברט זיך מיט ר׳ יצחק יודלס. און איצט, זעענדיק, אַז זיין עוזר און מאָטל האַלטן־מיט מיט ר׳ יצחק יודלס, מיט די חסידים, האָט עס דעם אַלטן הנאה געטאָן; חסידים, עס איז עפּעס גאָר אַנדערש — פֿאַר זייער רבין... און ר׳ יחזקאל האָט זיך נישט אָנגערופֿן.

ר׳ יחזקאל האָט פֿאַר זיין יינגסטער טאָכטער, פֿאַר דער בת־זקונים, לאהלע, געוואָלט אַ למדן און אַ בעל־ייחוס פֿאַר אַן איידעם זיך נעמען, אַז דער איידעם זאָל קעסט עסן כל־ימיו און תורה לערנען, אַז אויף דער עלטער, ווען ר׳ יחזקאל וועט אין דער היים שוין זיצן, זאָל ער אין דער שטוב דעם קול־התורה הערן. ער האָט די זאַך איבערגעגעבן ר׳ יצחק יודלס. ר׳ יצחק יודלס „גוט־וואָך״, וואָס האָט אַזוי קלינגענדיק אין שטוב אָפּגעקנאַקט, האָט דעם אַלטן עפּעס הנאה געטאָן. אין זיין הויז — חסידים, און דער אַלטער האָט שוין גענומען פֿאַנטאַזירן וועגן דעם איידעם דעם למדן. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן און אַריבערגעוואונקען צו דעם מחותּן ר׳ חיימען, אַז ער זאָל מיט אים אין אַ צווייטער שטוב אַריין (אַזוי איז

שוין איינגעפּירט ביי די אַלטע, אַז קיינער שטעקט ניט די האַנט אין קאַלטן וואַסער אַרייַן, און דער צווייטער זאָל נישט וויסן דערפון). ר׳ יצחק יודל האָט נאָך אַ לאַנגן אומקוקן זיך צו דער „חברה״ אַ וואָרט געוואָרפן:

— איילט אייך נישט אַזוי, און וואו זיינען מיר עפּעס? — און מיט שאַרנדיקע טריט אין דער צווייטער שטוב אַריין צו די אַלטע.

— ר׳ מרדכי קאַנסקעוואַליער שרייבט דאָך מיר, אַז איר האָט זיך מיט אים געזען אין טריסק, אַז איר קענט זיין בחור, נו, וואָס דאַרף מען מער?

און פון שטוב האָט זיך געהערט אַהרן־לייבס קלאַפּן מיטן שטעקן אין טיש: „געהרגעט קענען זיי ווערן, איידער״...

*

די ווייבער האָבן זיך אין עס־שטוב ביי מלכהלען, ר׳ יחזקאלס ווייב, פאַרזאַמלט. עס איז אַ מנהג ביי מלכהלען אין שבת־צו־נאַכט פון דער גרויסער רעכענונג אויף פּסח דאָס לעצטע שמאַלץ אויסצולאָזן. אין יענער שטוב זיצן די מאַנספּאַרשוינען ביי דער יאָר־רעכענונג, עס הערט זיך פון דאָרט אַ שטיל געררויש, וואָס זאָגט אויס די ערנסטקייט פון אינעווייניק. די דינסט דרייט זיך, טראָגט אַריין גלעזער טיי און נעמט אַרויס ליידיקע גלעזער, און יעדן מאָל, ווען די טיר עפנט זיך, שלאָגט פון דאָרט אַרויס אַ רויך פון ציגאַרן און אַ ליאַרעם, וואָס פאַרשטומט אויף אַ ווילע די ווייבערישע געשמועסן, און די ווייבער קריגן דרך־ארץ פאַרן „דרינען״... דאָ, אין דער שטוב, זיצן די ווייבער און מאַכן זיך „נאַריש״ אין דריידל. אין דריידל הייסט עס, אָבער זיי שפּילן גאָר אין „זעקס און זעכציק״ מיט אַ טאַליע קאָרטן, וואָס די מאַנספּאַרשוינען האָבן זי די קינדער גע־געבן צו שפּילן זיך. די ייִנגלעך שטייען ביי די מאַמעס און ציען „קאָן־געלט״, די מאַמעס שטופּן זיי אָפּ פון זיך, און די ייִנגלעך שטייען אַלץ ווייטער און טוען דאָס זייעריקע. אין מיטן קומט גאָר צו לויפן אַ ייִנגל, כאַפּט אַרויס דעם „קאָן״ פון טעצל און אַנטלויפט וואו דער פעפער וואַקסט — און גיי טו אים עפּעס!

דער אַלטער דור ווייבער טראָגט טיפע הייבן מיט פאַרשיידענע קאָ־לירטע בענדער און ברייטע שטערנטיכלעך, וועלכע זיינען אין שפּיצן אויס־געשניצט, און אין יעדן שפּיץ פינקלט זיך אַן אַנדער צירונג: אין איין שפּיץ — אַ רויטע קרעל, אין צווייטן שימערט אַ ברילִיאַנט, און דאָס וואָרפט איבער דעם אַלט־געקנייטשטן, גלאַנצעדיקן שטערן אַ שבת־מלכה־חן; דער יונגער דור טראָגט שוין שייטלען אַריינגעשטעקט. די קליידער זיינען מערסטנטייל פון פּערסישן טיכער־שטאָף אין פאַרשיידענע קאָלירן,

וואָס איז דעמאָלט די מאָדע געווען, און געמאַכט זיינען זיי אויך געווען נאָך דער דעמאָלטיקער מאָדע — פֿאַלדן אויף פֿאַלדן, איין פֿאַלד אַריין מיטן קאָפּ אין דעם צווייטן; דאָ מישן זיך די פֿאַלדן אויס און לייגן זיך צוזאַמען, דאָרט צעגייען זיי זיך שוין אין צוויי באַזונדערע וועגן. אויף די הערצער טראָגן זיי אַלע „הארץ־ברעטלעך". דאָס איז אַ לאַנג פֿיר־קאַנטיק שטיק סאַמעט, אויף וועלכן עס זיינען אויפֿגעהאַנגען ווי אויף אַ שילד די מתּנות, וואָס דאָס ווייבל האָט באַקומען, ווען זי איז אַ כּלה געווען. איטע די שנור און גאָלדע די טאָכטער זיינען געזעסן איינע אַנטקעגן דער צווייטער און ביידע זיינען זיי געווען שטיל (וואָרעם זיי זיינען ברוגז צווישן זיך, היינט איז די רעכענונג...). און אַז איינע האָט זיך פֿון איר אָרט אויפֿגעהויבן, האָט די צווייטע עפּעס מאָדנע די ליפּן פֿאַרקרימט, די אויגן צום באַלקן פֿאַרגלייזט און לייכט אָפּגעזיפֿצט. דאָס איז געווען אַ מין ברוגז־מינע.

זיי האָבן געשפּילט און דער אָנפֿירער פֿון שפּיל איז געווען אַ יידל, אַ „דייטשל", אַן „איינגייער" און „אַרויסגייער" ביי מלכּהלען, ווי אין אַנדערע הייזער. גערופֿן האָט מען אים אויך „דאָס ווייבערשע יידל". שוין דעמאָלט האָט ער געטראָגן דייטשמעריש, אַ קורץ רעקל און אַזאַ מין זיבן־קאַנטיק היטל מיט אַ גלאַנצעדיקן דאַשעק. געטראָגן האָט ער דײַטשמע־ריש נישט אַזוי לשם דייטש, נאָר גלאַט אַזוי, ווייל עס פּאַסט פֿאַר אַזאַ מין ווייבעריש יידל צו טראָגן „דייטש". געוואוסט האָט ער צו יעדער קרענק אַזאַ מין רפֿואה, וואָס ער פֿלעגט עס אָנרופֿן „קאָרפּוס דעליקטור", מיט די דייטשן רעדט ער פּויליש, און שרייבט „פּראַשעניעס" אויך אויף פּויליש, דערפֿאַר פֿלעגט מען אים אין שטעטל רופֿן „מאַכער". איזן איז עס אַזאַ מין יידל, וואָס אומעטום קומט עס, אומעטום איז עס היימיש, וואָס אַלעמען זאָגט ער „דו" און וואָס אַלע זאָגן אים „דו". צום מערסטן פֿלעגט ער זיך חברן מיט ווייבער, און עפּעס אַזוי ווי אים וואָלט מען מתּיר געווען, פֿאַרברענגט ער צווישן זיי פֿראַנק און פֿריי. ער ווייסט פֿון זייערע סודות, און עס מאַכט גאָרנישט אויס — „אַ האַלבע יידענע". אַלעמען פֿלעגט ער איינגעמען מיט זיינע גלייכע ווערטלעך. ער האָט גערעדט, האָט מען געלאַכט, כּאָטש עס איז מער נאַריש געווען ווי לאַכעדיק. ער פֿלעגט זיך דעם קאָלנער פֿון פֿאַלטאַ אָוועקשטעלן, דאָס היטל זיך פֿאַרדרייען, מאַכן זיך דרעמלען און דאָס בערדל פֿלעגט זיך ביי אים שאָק־לען, — איז געגוג געווען, אַז עס זאָל ברענגען צום געלעכטער.

היינט, שבת־צו־נאַכט פֿון דער גרויסער יאָר־רעכענונג, איז אים אַוודאי געקומען, אַז ער זאָל זיך געפֿינען ביי ר' יחזקאלן. פֿון קיך טראָגט זיך אַ ריח פֿון געפּרעגלטן שמאַלץ, און געוואוסט האָט ער, אַז נאָך דער

רעכענונג וועט זיין די גרויסע מלווה־מלכּה, ווי עס איז שוין דער מנהג ביי ר׳ יחזקאלן פון קדמונים אָן.

ביי אַ ווינקעלע טיש, איז געזעסן לאהלע, דאָס כּלה־מיידל. פון די פרישע געררייטלטע באַקן האָט דאָס יונגע בלוט אַרויסגעקוקשט זיך... אַזוי ווי דאָס בלוט פון אַ רויז, וואָס רייטלט זיך אויף דעם סאַמעט־בלעטל, ווען די זון גליט דערויף. די אויגן שטילע, רואיק זיינען זיי פאַר זיך געווען איינגעפּאַסט אין דעם ברייטן גרויסן אויגן־לאָך, און דאָס דיניטשקע ציטערדיקע הייטל האָט געהיט דאָס אויג. דער אויבער־שומר, די שוואַרצע ברעם, וואָס הענגט אויף דעם ראַנד פון דעם גרויסן ווייסן שטערן, וואָס זעט אויס ווי אַ מענטשן־קרוין פון גאָט געשענקט, האָט זיך אין דער שטיל דעם אויג צוגעקוקט און אַלץ דעם אויג נאָכגעמאַכט... די האָר אין צוויי צעפּ פאַרפלאָכטן, חנעוודיק און מיידל־ציטערדיק האָבן זיי זיך איבער אירע איידעלע ציטערדיקע אַקסל אַראָפּגעלאָזט. זי איז געזעסן פאַר זיך, און אַ כּלה־זון האָט פון איר געזיכט אַראָפּגעלויכטן צנועהדיק און שטיל־שווייגנדיק. יעדן מאָל, ווען עס האָט זיך געהערט דעם דייטשלס קול, האָט איר האַרץ לייכט אויפגעציטערט, און די יונגע ברוסט האָט דעמאָלט לייכט זיך באַוועגט. זי האָט מורא געהאַט, אַז דאָס דייטשל זאָל זי ניט טשעפּן, נאָר באַלד איז אויף איר אויך די צייט געקומען.

— ווייסט, דער שדכן זיצט דערינען מיטן טאַטן און שמועסט וועגן אַ שידוך.

זי האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן און אים פון זיך מיט אירע לייכטע ווייסע הענט אָפּגעשטופּט.

— אַזוי ווי עס קאָנען אויף דער לבנה ראש־חודש־רעטעכלעך וואַקסן, אַזוי וועסטו דעם חתן קריגן.

אין שטוב האָט געקלונגען אַ געלעכטער.

לאהלע האָט זיך פלינק פון טיש אויפגעכאַפּט און איז פאַר חרפּה פאַרשוואונדן.

*

אויף די ווענט פון דער גרויסער, לאַנגער קיך האָט דאָס קופּער אַראָפּגעפינקלט. און איין ראַנדל האָט אַריבערגעווינקט צום צווייטן, וואָס איז געהאַנגען קעגן אים אויף דער צווייטער וואַנט. די דיקע בייכיקע בעקנס, די קופּערנע אויסגעצויגענע, בראַטפּאַנען, די הויכע קריגן מיט פאַרשיידענע שנויצן האָבן באַלעבאַטיש פון די ווענט אַראָפּגעהאַנגען, פאַר־שפּרייט אַרום זיך אַ היימישקייט און דערציילט פון גוטע געוועזענע צייטן... אין אויוון פלאַקערט עס, און טיפע ברייט־בייכיקע קופּערנע טעפּ שטייען

און קאָכן און קאָכן, און דער פֿרישער, פּעטער גריוון־געררוך לייגט זיך איבער דער קיך און דערציילט עפּעס היימישע, זאַכן... אויף דעם לאַנגן פֿליישיקן טיש, וועלכער איז מיט אַ לאַנגן קופּערנעם בלעך באַקלאַפּט, שטייען אָנגעשטעלט טיפּע בעקנס, קליינע און גרויסע, גרייט דאָס שמאַלץ אין זיך אַריינצונעמען.

ביי דער קיך אין אַ ווינקעלע זיצט רחל לאה, די איינגייערין. אַ הויכע, אַלטע יידענע מיט ווערצעלעך אויף דער גאָמבע, און צוויי־דריי לאַנגע האָר ציען זיך פֿון די ווערצעלעך אַרויס. די אַלטע, גרויע קאָץ ליגט אין איר שויס און לעקט איר די איינגעדאַרטע ביינערדיקע הענט. אַרום איר שטייען מלכהלעס אייניקלעך, ייִנגלעך מיט מיידלעך, טייל אין הייזלעך, טייל אין קליידלעך, טייל אין שירצלעך, טייל אין ציצה־כּנפֿותלעך, און זיי האָרכן אויס, וואָס די באָבע דערציילט, אַ מעשה מיט אַ „פֿייערדיקן הענטל ביים שמאַלץ פּרעגלען".

„אַ מאָל שוין לאַנג, דערציילט זי, האָט אַ יידענע שמאַלץ אין אַ פֿייערקע געפּרעגלט, האָט זי דעם טאָפּ פֿון פֿייערקע אַרויסגענומען, זעט זי, עס שטעקט פֿון פֿייער אַ הענטל אַרויס, און עס הערט זיך אַ שטים: „גוטע פֿרוי, גוטע פֿרוי, גיב מיר אַ פּאָר גריוון, וועט קיין עין־הרע אין שמאַלץ נישט אַריינקומען". האָט זי טאַקע אַזוי געטאָן. האָט זי אָנגעהויבן גיסן שמאַלץ. גיסט איין טאָפּ, גיסט צוויי, גיסט דריי, גיסט זעקס, גיסט אַכט, גיסט צען, ביז זי האָט שוין מער קיין טעפּ נישט געהאַט — האָט עס אויפֿ־געהערט".

די קינדער האָרכן אויס און וואַרטן מיט שרעק ביז מען וועט דעם טאָפּ פֿון דער פֿייערקע אַרויסנעמען, אַז זיי זאָלן שוין זוכה זיין צו זען דאָס פֿייערדיקע הענטל.

דערווייל שלאָפֿט רחל לאה איין, און די אַלטע הויב (אַ גלגול פֿון מלכה דער באַלעבאָסטעס הויב) מיט די אַלטע, ברייטע בענדער לאָזן זיך איר איבערן אַלטן, איינגעקנייטשטן שטערן. דעמאָלט נעמט אַ ייִנגל און שטעקט דאָס הענטל אויס און גיט אַ צופּ די אַלטע באָבע ביי די האָר פֿון וואָרצל.

— האָב, האָב, האָב — מאַכן די אַלטע, איינגעשרומפּענע אויסגע־דאַרטע ליפּן, און פּרוּאוון כאַפּן דעם קינדס פֿינגערל אין דעם אָנציינערדיקן מויל אַריין.

— באָבעשי, פֿאַר וואָס וואַקסן אייך די האָר אויף די וואָרצעלעך? — פֿרעגן די קינדערלעך.

— ווייל איך מאַך מיר אַליין הבדלה, און טרינק פֿון הבדלה־ווײַן, — ענטפֿערט די אַלטע מיט האַלב־פֿאַרשלאָסענע אויגן און מיט אַן אַלט פֿאַר־קרימט געלעכטערל אויף די אַלטע פֿאַרקרימטע ליפּן.

און ווען די אַלטע מאַכט זיך נאַריש מיט די קינדער, איז כאַצקעלע, דאָס עלטסטע אייניקל, אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר צען, שטאַרק פֿאַרנומען מיט אַ דריידל גיסן. אין דער קיך האָט ער אַן איינגעבויגענעם לעפֿל מיט צין אַרייַנגעשטעלט, און איצט פּאַקט ער די פֿאָרמס אין אַ הויפֿן זאַמד אײַן.

און דאָרט ביים אַנדערן ווינקל קיך, ווייט פֿון יום־טובדיקן, זיצט יענטע דאָס דינסט־מיידל ביי אַ גרויסן עמער מיט וואַסער און שיילט די קאַרטאָפֿלעס, וואָס ליגן אין איר שויס, און וואַרפֿט זיי אין דעם עמער וואַסער אַריין, צו דער גרויסער מלווה־מלכּה...

נאָטע הינטער איר צופּט זי ביי דער בלוט־שפּראָצנדיקער האַנט:

— יענטע, וואָס וועט זיין?...

— זאָלסט אַזוי לעבן, ווי דו וועסט מיט מיר חתונה האָבן...

קאַפּיטל פיר

# דער מתנגדישער רב
## און
# דער חסידישער רבי

עס איז געקומען ל״ג בעומר.

און די גוטע מוטער־ערד, וואָס האָט מיט איר חסד אויף זיך דער שטאָטס הייזלעך געטראָגן און אַלץ, וואָס געפינט זיך אין זיי און אויסער זיי, האָט זיך מיט גאָטס לייטזעליקייט דערפרישט, באַקליידט פון קאָפּ ביז די פיס מיט גרעזלעך, בלעטלעך. גריניקע קעפּלעך האָבן פון אונ־טערן געהילך, פון אונטער שטיין און ביין אַרויסגעריסן זיך, געשפּראָצט, און מיט אַ ליבער, פרומער מינע האָט זיך דאָס גרעזעלע געשאָקלט אַהין און אַהער און געזאָגט זיין ביסל בידנע חיונה פון דער מוטער־ערד. און די מוטער־ערד האָט אירע פולע בריסטן אויסגעשטעלט און אָנגעזויגן און אָנגעקאָרמעט יעדער אָפּן מיילעכל, וואָס האָט נאָר בדעה געהאָט צו זייגן. אַלץ אַרום, טאַטע אין הימל, האָט מקיים געווען דיין שליחות, גע־האָרכט און געטאָן דאָס, וואָס דו האָסט זיי באַפוילן פון ששת ימי בראשית אָן: דאָס גרעזעלע איז געוואַקסן, געצויגן זיך, ווייל זיין מצווה איז צו וואַקסן. די פייגעלעך האָבן זיך זייער נעסט געמאַכט איבער די פענצטערלעך פון דער אַלטער ווייבערשער שול און האָבן אַ גאַנצן טאָג אין דיין פרום בית־המדרש־געסל, פון וואַנען עס טוט זיך הערן דער הייליקער קול־התורה, אַרומגעשפּרונגען, אַרומגעטאַנצט פון דעכל צו דעכל, אויפן פענצטער פון אַלטן בית־המדרש אונטערגעכאַפּט, און אַוועקגעשפּרונגען, אויף דער ערד זיך געשטעלט מיט אַ קוויטש — אַ ברכה, און געכאַפּט אַ קרישעלע בייגל, זעמל, פוטער־ברויט, וואָס אַ חדר־ייִנגעלע האָט דעריבער אַ ברכה געמאַכט, און דערמיט אַוועקגעפלויגן און מיט דעם זייערע נשמות, וואָס זיינען געוואָרן פאַרוואָגלט אין פייגעלעך, מתקן געווען.

און דיינע הימלען אין דער הייך האָבן זיך אויסגעצויגן, איינער אין דעם צווייטן אַריינגעפלאָסן, און גאַנץ ווייט און ברייט אין פרעמדע לענ־

דער אַריין האָבן זיי זיך פאַרבלאָנדזשעט און באַשיצט דיין קליין וועלטל, אַזוי ווי דו האָסט זיי אָנגעזאָגט פון אָנהייב אָן. און דאָס וואָסער הינטערן שטעטל האָט ווי אַ שטיל געבעט, מיט וועלכן עס וואָלט דיך דאַנקען געוואָלט, טאַטע איינציקער, פאַר אַלץ, זיך געגאָסן כוואַליע־אויס, כוואַליע־איין, פון פרעמדע לעגנדער אין פרעמדע לעגנדער. דורכרייזנדיק, האָט עס אַ שטילע, לאַנגע געשיכטע דערציילט אויף וואָסער־שפּראַך. און פון וואָסער זיינען אויפגעגאַנגען באַהאַלטענע טוי־וואָלקנס און האָבן באַהויכט דיינע פעלדער, וואָס האָבן זיך אין דער לענג און אין דער ברייט אויסגעשפּרייט. די טוי־וואָלקנס זיינען געלעגן איבער די פעלדער גאַנצע נעכט און זיי אָנגעטרונקען און באַפרישט. און פון די פעלדער האָבן זיך געטראָגן באַהאַלטענע ריחות אין דער לופט אַרום און פאַרפולט מיט לעבן, דערקוויקט און דערפרישט דיין יעדער באַשעפעניש, וואָס זיי האָבן אויפן וועג געטראָפן.

ל״ג־בעומר. אין דער גאַס פאַר טיר און טויער זיצן ווייבער, באַלעבאָסטעס מיט שטריקנאָדלען אין די הענט, שטריקן זאָקן און דערציילן מעשיות. און די חדר־יינגלעך, וואָס זיינען אין שטאָט איבערגעבליבן, שטייען ביי זיי און ציען די שירצן: מאַמע, אַ צווייער!... די פרומע רביצין, אָנגעטאָן אין חול־המועדיקן ווייסן שאַל, זיצט פאַר איר טיר, אַרום איר די כּלי־קודש־ווייבער — די שוחטקע מיט דעם חזנס ווייב. אויף די פאַר איינציקע ביימער, וואָס זיינען פאַרוואָרפן אין געסל (וואָס קיינער ווייסט נישט, ווער עס האָט זיי דאָ איינגעפלאַנצט), ציען זיך חדר־יינגלעך און רייסן צווייגלעך. פון פעלד קומען צו גיין באָרוועסע יינגלעך מיט פעק געלע פעלד־בלומען אין די הענט, און רופן אין דער גאַס:

נאַ דיר בלומען, גיב מיר קנעפ,
נאַ דיר בלומען, גיב מיר קנעפ!

די קינדער קומען אָן צו לויפן, רינגלען זיי אַרום, רייסן אָפּ די קנעפּלעך פון די הייזלעך, פון די קאַפּאָטקעלעך און קויפן בלומען, קערן זיך אום צוריק צו זייערע מאַמעס מיט הענט בלומען און אַראָפּגעלאָזטע תחתונימלעך...

אין מיטן מאַרק ווערט פּלוצלינג אויסגעשפּרייט אַ לאַנגע, ברייטע פּלאַכטע, און עס דערהערט זיך אַ קאַטערינקע שפּילן. קינדער קומען אָן צו לויפן פון אַלע עקן, דערנאָך עלטערע מענטשן. מען שטעלט זיך אַרום, מען רינגלט אַרום, און איינער אין אַ פאַרדרייטן הוט אָן אַ דאַשעק, אָנגעצויגן אין עפּעס אַ מין געשטריקט העמדל און אָנגעגאַרטלט אין אַ ברייטן פּאַסעק, אין שיך און זאָקן, דרייט זיך אַרום און אַרום דעם רעדל מיט אַ קאַנטשיק אין דער האַנט און האַקט איבער די קעפּ, און וואַרפט היטלעך אין דער

קופּקע אַריין, און די קאַטערינקע שפּילט צו. פּלוצלינג ווייזט זיך אַ הויכער יונג אין אַן אָפּגעקרייט פּנים, אָנגעטאָן אין אַ פּאָר גאַנצע הויזן פון אויבן ביז אַראָפּ, מיט אַ זייגער אויסגעמאָלט אויף די הויזן אויף דעם סאַמע „זייט מיר מוחל"... אויפן בויך שטעלט ער זיך אַרויף אַ הויכן דראָנג, און אויפן שפּיץ דראָנג לעבט אַ גאַנצע משפּחה, וועלכע מאַכט נאָך קונצן דערצו. די מאַטערינקע שפּילט צו, און דער מענטש מיט דעם קאַנטשיק אין דער האַנט קלאַפּט איבער פּנימער, איבער נאַקעטע קעפּ. עס ווייזט זיך אַ האַלב־נאַקעט מיידל אין אַ קורץ קליידל ביז צו דער קני, מיט בלאָנדע צעלאָזטע האָר, פאַרקעמט און איינגעפלאָכטן מיט פּאָר־שיידענע קייטעלעך און קמיעות, מיט אַ חנעוודיק נעזל, און אַ פּאָר רויטע בעקעלעך, און ברעכט זיך אין אַ רייף... ס'ווייזט זיך נאָך איינער, וואָס שלינגט שווערדן איין, איינס נאָך דעם צווייטן, און דערנאָך קומט אַ צווייטער און שלעפּט אים גאָר פון מויל אַרויס, אַנשטאָט די שווערדן — לאַנגע טיכלעך מיט ווייבערשע קאָפּקעס, און גיי פרעג זיי קשיות!

און די קאַטערינקע שפּילט צו, און דער מענטש מיטן קאַנטשיק קלאַפּט צו איבער קעפּ, איבער פּנימער.

*

געווען איז אַ מאָל אַ ייד אַ שניידער אין שטאָט. מען האָט ניט גע־וואוסט, פון וואַנען עס קומט אַ ייד, און וואו אַהין עס גייט אַ ייד. ער איז געווען איינער פון די טויזנטער, וואָס זייער לעבן גייט ווי אַ שאָטן דורך פאַר אונדזערע אויגן און וואָס קיינער מערקט נישט זייער געבוירן ווערן, נישט זייער שטאַרבן. דאָס ברויט, וואָס זיי עסן, מוז וואַקסן אויף באַ־האַלטענע פעלדער, און דאָס פלייש, וואָס זיי עסן, מוז זיין פון אַזעלכע בהמות, וואָס פיטערן זיך אין פאַרבאָטענע לאָנקעס, — אַז נישט וואָלט מען זיך אַ מאָל געפרעגט, וואו איז דאָס ברויט אַהינגעקומען פון די פעלדער? וואו זיינען די בהמות אַוועקגעקומען פון די לאָנקעס?...

אַ ייד, אַ שניידער, מיט קיינעם נישט געהאַט קיין געשעפטן, אויסער מיט זיין גאָט, זיין באַשעפער. די נאַכט דעקט נאָך דעם הימל צו, ווען דער שניידער גרייט זיך אין בית־המדרש אַריין. באַהאַלטן הינטער אַן אויוון, ביי אַ שראַנק ספרים, דאַנקט ער זיין באַשעפער דערפאַר, וואָס ער האָט אים באַשאַפן, פאַר דעם ברויט, מיט וועלכן ער דערנערט זיך, און פאַר דעם חסד, וואָס ער וועט טאָן מיט אים נאָך זיין טויט, ווען ער וועט אים צונעמען צו זיך. קיינער זעט נישט ווען עס גייט אַ ייד אַ שניידער אין בית־המדרש אַריין, ווען עס זיצט אַ שניידער ביי אַ פּויערס אַ סער־מיענגע, און זעט מען אים, דאַכט זיך, עפּעס שוין אַזוינס אַ געוויינטלעכס,

ווי די קלאָץ, וואָס שטייט אין מיטן מאַרק. עס פֿרעגט שוין קיינער נישט, צו וואָס שטייט אַ קלאָץ? צו ווען אַ קלאָץ?

זיין ווייב, חנה די שניידערין, האָט אויף זיך גענומען אַ מצווה בירושה (איבערגענומען פֿון דער מאַמען עליה השלום, און די מאַמע פֿון דער באָבע, און אַזוי איין דור נאָכן צווייטן): יעדן פֿרייטאָג פֿאַרנאַכט אין דער אַלטער ווייבערשער שול צוויי ליכטלעך אָנצוצינדן. עס האָט קיינער נישט געפֿרעגט, ווער צינדט אָן די צוויי נשמה־ליכטלעך, וואָס פֿינקלען זיך יעדן פֿרייטאָג־צו־נאַכט פֿון דער אַלטער ווייבערשער שול אַראָפּ, צי זיינען די אַלטע באַלעבאָסטעס פֿון די קברים אויפֿגעשטאַנען? מען וואָלט זיך מער געוואונדערט, ווען מען וואָלט אַ מאָל אַזוי אין אַ שיינעם פֿרייטאָג־צו־נאַכט די צוויי ליכטלעך נישט געזען. וואָלט מען דעמאָלט באַמערקט, אַז עס פֿעלט עפּעס אין דער שול (כאָטש וואָס, וואָלט קיינער נישט גע־קאָנט טרעפֿן). און פֿאַר די צוויי ליכטלעך, וואָס די פּראָסטע מאַמעס צינדן אַזוי לאַנג אָן איינע נאָך דער צווייטער, האָט זיי גאָט באַלוינט און האָט זיי אָפּגעגעבן איין ליכט, ר׳ דודל, דעם רב פֿון שטאָט.

נאָך אַ לאַנגער צייט, ווי חנה די שניידערין האָט קיין קינדער נישט געהאַט, האָט גאָט דערהערט איר געבעט און האָט איר אַ זון געשאָנקען. זי האָט אים אַ נאָמען געגעבן דודל, און דאָס איז טאַקע ר׳ דודל, דער היינטיקער רב פֿון שטאָט.

באַלד פֿון קליינערהייט אָן האָט זיך דודל אַרויסגעוויזן אַנדערש פֿון אַנדערע קינדער. אַ סידורל וואָס דער טאַטע האָט אים געקויפֿט „א־ב" זיך אויסצולערנען, האָלט ער נאָך אין דער בוזעם־קעשענע ביזן היינטיקן טאָג. אָן אַ פֿאַרדעקטן קאָפּ האָט ער אין וויגל נישט געוואָלט איינשלאָפֿן. נאָכן יאָר האָט ער שוין די ברכה געפּלאַפּלט איבער דער מוטערס ברוסט.

געלערנט אין חדר מיט גרויס התמדה. נישט פֿלינק איז דער קאָפּ, נאָר דאָס, וואָס קומט אַריין, גייט שוין נישט אַרויס, און פֿרום, אָפּגעהיטן, גייט ער זיך זיין „אָקסן־שריט". נישט אויף קיין האָר פֿון שולחן־ערוך אָפּצוטרעטן.

הונדערט און איין מאָל האָט ער די הוראה געחזרט און געלייענט זי אויסנווייניק מיט די הערות, מיטן פֿינגער געטייטלט, פֿאַרבונדן די אויגן, אויפֿן טאָוול, וואו יעדער אות שטייט.

אַז ר׳ בערל ז״ל, דער אַלטער רב פֿון דער שטאָט, איז נפֿטר געוואָרן און האָט נישט איבערגעלאָזט קיין ממלא־מקומו, נאָר אַ דערוואַקסענע יתומה, וואָס מען דאַרף זי חתונה מאַכן, האָבן באַלעבאַטים אָנגעהויבן ריידן, אַז דודל זאָל חתונה האָבן מיט דער יתומה און ממלא־מקום זיין.

חסידים זיינען געווען קעגן דעם: לייזער שניידערס זון פֿאַר אַ רב? באַלעבאַטים אָבער, וואָס האָבן געוואָלט די זכיה האָבן צו זען, אַז איינער פֿון זיי איז עולה־לגדולה, האָבן זיך איינגעשפּאַרט. עס האָט זיך געמאַכט אַ שטאַרקע מחלוקה. נאָר איין מאָל האָבן די באַלעבאַטים זיך צוזאַמענגענומען אויפֿן בית־עולם, געשטעלט אַ חופּה דודלען מיט דעם רבס יתומה, און אַריינגעקלאַפּט אין קבר אַריין: „מזל־טוב, אייער איידעם איז ממלא־מקום!"

חסידים האָבן מורא געהאַט פֿאַר בושת־המת, האָבן זיי שטיל־געשוויגן און האָבן געוואַרט ביזן ערשטן רגל — וואו אַהין וועט ער פֿאָרן?

ר' דודל אָבער האָט געהאַט זיין גמרא און יורה־דעה און איז זיך געזעסן אין דער היים און האָט יום־ולילה געלערנט. דער רב האָט זיך געפֿירט באַלעבאַטיש: געווען אַ חברה־מאַן אין דער חברה תהילים, יעדן פֿאַר טאָג אויפֿגעשטאַנען און געזאָגט מיט די באַלעבאַטים תהילים ביז צו עלות השחר; מיטן ערשטן מנין געדאַווענט, כּמנהג אַשכּנזים, און יעדן ערב ראש־חודש יום־כּיפּור קטן אָפּגעריכט אין דער קאַלטער שול.

חסידים האָט עס שרעקלעך פֿאַרדראָסן, האָבן זיי, ווי זייער שטייגער איז, זייער נוהג קלות געווען אין אים און נישט אַנדערש אים גערופֿן ווי „דודל שניידער". אַ חסיד האָט אים אַ מאָל אויף אַ ברית־מילה באַליידיקט און האָט אים „שניידער־יונג" גערופֿן. באַלעבאַטים האָבן דעם חסיד געוואָלט קורע כּדג זיין, נאָר דער רב האָט זיי איינגענומען מיט גוטן, און פֿון דעמאָלט אָן חתמעט ער זיך: „אַני הקטן דוד חיט".

חסידים, די וואָס האָבן מיט אים אין איינעם אין בית־המדרש געלערנט, האָבן ניט געקענט פּועלן ביי זיך אים צו זאָגן „רבי", און זיינען געגאַנגען פֿון דערווייטנס. ער האָט זיך אויך פֿון זיי דערווייטערט, האָט זיך געהאַלטן מיט די „חוטבי עצים ושואבי מים" און נאָך זיי נאָכגעפֿאָרשט. פֿאַר זיך אַליין האָט ער נישט געקאָנט לערנען, — דאָס, וואָס ער האָט שוין געוואוסט, האָט ער געמוזט איבערגעבן דעם צווייטן. יעדן פֿרייטאָג־צו־נאַכט פֿלעגן די באַלעבאַטים זיך צוזאַמענקומען אין בית־המדרש אַריין מיט חומשים אין די הענט, און ר' דודל פֿלעגט מיט זיי די סדרה לערנען. ער פֿלעגט זיי געבן צו פֿאַרשטיין און אויסטייטשן שטיקער מדרש רבאס, די באַלעבאַטים האָבן די פֿינגער געלעקט פֿון זיינע מתיקותדיקע רייד. שבת נאָכן שלאָף פֿלעגט ער זיך אַריינזעצן צווישן די באַלמעלאָכעס אין בית־מדרש, נעמען אַ תהילים אין דער האַנט אַריין און זאָגן מיט זיי תהילים, ער אַ פּסוק, זיי אַ פּסוק. ער האָט געזונגען יעדן וואָרט, און דער קול האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויסער דעם בית־מדרש, אין געסל געשאַלט און גערופֿן אין בית־מדרש אַריין. יונגען, שבת־לאָבו־

טעס, וואָס האָבן אין גאַס פּאַלענט געשפּילט, האָבן דעם פּאַלענט אָוועק־געוואָרפן; באַלעגאָלעס, פּישערס, וואָס האָבן מיט די ווייבער אין גאַס שפּאַצירט, האָבן די ווייבער אַוועקגעוואָרפן, אין בית־המדרש געקומען. דאָס בית־המדרשל איז וואָס אַ מאָל פולער געוואָרן און פולער און דער רב, פאַרטרונקען צווישן די קעפּ, שטייט און זאָגט תהילים און דער קהל ענטפערט אים אָפּ. ער אַ פּסוק, זיי אַ פּסוק.

יידן האָבן געוואוסט, אַז זיי האָבן זיך אויף וועמען צו פאַרלאָזן. איז איינעם שלעכט געווען, איז ער צום רב אַרונטערגעגאַנגען, און דער רב האָט אײן רפואה געהאַט — תהילים. וואָס פאַר אַ ייד עס זאָל נישט זיין, האָט זיך דער רב מיט אים אַנידערגעשטעלט אין ווינקל בית־דין־שטוב און האָט אָנגעהויבן מיטן ייד תהילים צו זאָגן. און דער ייד, דערהערנדיק דעם רבס קול, ווי עס קומט פון אַ צעבראָכן האַרץ, האָט ער זיך אויס־געוויינט פאַרן רב און איז אַוועק מיט אַ גרינג געמיט.

אַז דודל איז רב געוואָרן, האָט ער אויף זיך אַ מצווה גענומען, וואָס ער זאָל זי מקיים זיין אַפילו מיטן גרעסטן מסירת־נפש, און זאָל די מצווה מאַכן ירשענען מדור לדור, אַז גאָט וועט אים מזכה זיין צו דעם. דאָס איז די מצווה פון אַברהם־אָבינו־סנדיקאות, און ער האָט מיט די באַלעבאַטים אָפּגעמאַכט, אַז סנדיקאות געהערט צו אים.

פאַר די נשמות פון זיין טאַטע־מאַמע האָט ער געקלערט.

*

דער רב ר׳ דודל האָט זיך אין זיין שטוב אַרויף און אַראָפּ געדרייט, דעם הויכן שטערן געקנייטשט און פון צייט־צו־צייט ביטער אָפּגעקרעכצט. הינדעלע די רביצין האָט פאַרשטעלט דאָס געזיכט אין אירע בלייכע הענט, געזעסן אין אַ ווינקל ביים אויוון און ביטער געוויינט.

— דוד, אַ מעשה וועל איך מיר טאָן. איך וועל עס נישט קענען אַריבערטראָגן. דו מוזט דאָ זיין אַ קשה־עורף.

— און איך זאָג דיר, אַז עס איז מן השמים. מן השמים לאָזט מען מיך נישט צו צו דעם. וואָס קען איך קעגן דעם טאָן? מן הסתם דאַרף עס אַזוי זיין. אַ גאַנצע עדה יידן זאָלן איבער מיר הונגערן? די שטאָט וועט חלילה אונטער־גיין, — זיי האָבן געוויינט פאַר מיר, דאָס האַרץ ווערט צעשניטן.

— אוי, די בושה, די חרפה, רבונו־של־עולם, דו קענסט דאָך נישט זען קיין שפיכת־דמים.

— אוי, אשה, אשה, מען טאָר נישט זיין קיין נוקם־ונוטר, געדענק, פאַרזינדיק זיך, חלילה, נישט.

— טאַטע איינציקער — האָט די יידענע געקרעכצט, פֿאַרשטעלנדיק זיך דאָס געזיכט אין די הענט, און די גאָלדענע לאַנגע אוירינגלעך האָבן איר נאָכגעבאָמבלט.

דער רב איז צום שראַנק ספֿרים צו, האָט אַרויסגענומען אַ ספֿר און זיך פֿאַרטראַכט.

אין טיר האָט זיך געוויזן יודל מלמד, דער מוהל פֿון דער שטאָט, און האָט די רביצין גערופֿן: „רביצין, זייט נאָר מוחל״.

די רביצין האָט זיך אויפֿגעכאַפּט.

דער רב האָט עס באַמערקט און האָט אַ ווינק געטאָן צו ר׳ יודלען מיטן פֿינגער: „נו, וואָס, זיי גייען שוין?״

יודל האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן.

— ביי מיר האָבן זיי געפֿועלט, מן הסתּם איז עס מן השמים, איך בין נישט ראוי צו דער מצווה.

— רבי!

— איבער מיר זאָלן יידן נישט האָבן צו עסן? מילא, וואָס איז דער חילוק, איך האָב אויף מיר גענומען מצוות הכנסת־אורחים. דאַכט זיך, דאָס וועט מיר קיינער שוין נישט קענען אַוועקנעמען. און דו, יודל, זאָגן זיי דיר אויך אָפּ דאָס מוהלשאַפֿט?

— איך ווייס נישט, מן הסתּם, נאָר וואָס איז דער חילוק, אַז אָן אייך, רבי?

— עס איז דיין חזקה. על־פּי דין טאָרסטו זיך נישט אָפּזאָגן, כּל־זמן...

פֿון הינטערן פֿענצטער דערהערט זיך פּלוצלינג אַ גערודער. מענטשן קומען אָן. עס ווערט אַ געלאַף, אַ געשריי: „דאָס קוויטל!״ דעם בלינדן שוסטערס קול הערט מען אין פֿענצטער:

— רבי, אונדזער רבי, איר וועט אייך אַ שוואַרץ יאָר אויסריכטן!

מען קלאַפּט אין דער טיר, הענט רייסן־אויף, אַנדערע קלאַפּן די טיר צו. שטעקנס פֿאָכן אַהין און אַהער. אַ קנאַק פֿון ערגעץ אַ שויב. עפּעס פֿאַלט אַריין דורכן פֿענצטער. די רביצין שרייט און ציט דעם מאַן ביי דער קאַפּאָטע. פֿון דרויסן הערט מען: „די קצבים גייען״.

דער רב גיט אַ רייס אויף די טיר און גייט אַרויס. די גאַס איז פֿול מיט קעפּ — יידן, ווייבער, קינדער. עס מישן זיך אויס בונטיקע שניי־דערשע היטעלעך מיט סאַמעטענע, שבתדיקע. עס שוואַרצט זיך ווי אַ לוויה... אַלע לויפֿן, שרייען. יידן רייסן זיך ביי די בערד. איינער האָלט איבערן צווייטנס קאָפּ אַ שטעקן. דער הויכער ייד שטאַרצט פֿון אַלע אַרויס און מיט די דינע הענט שאַרט ער קעפּ פֿאַר זיינע פֿיס.

— רשעים! — האָט דער רב געגעבן אַ געשריי.

— דער רב, דער רב, — איז געוואָרן אַ געשריי צווישן עולם, און עס איז שטיל געוואָרן. אַלע האָבן די קעפּ אַראָפּגעלאָזט און געוואַרט אויף עפּעס. יעדער איינציקער האָט זיך באַהאַלטן הינטער דעם צווייטן, אַז דער רב זאָל אים נישט דערזען.

— יידן, וואָס שלאָגט איר אייך, ווי די גויים? — האָט דער רב ביטער געשריען און טרערן האָבן זיך אים געוויזן אין די אויגן.

אַ טרויעריק שטיל־שווייגן האָט אַלץ צוגעשטיקט, נאָר פֿון דער מאַסע שטומע שוואַרצע קעפּ האָט זיך אַ קול געלאָזט הערן:

— דאָס קוויטל פֿון די סנדיקאות, דאָס קוויטל!

מען האָט זיך אומגעקוקט: ווער רעדט? מען האָט אָבער נישט געקענט דערגיין.

— וואָס ווילט איר, אַ קוויטל, נאָט אייך, אַבי זאָל זיין שלום, אייער רבי וויל דאָך אַוודאי אויך דאָס.

קיינער האָט זיך מיט קיין איין וואָרט נישט אָנגערופֿן.

— אונדזער רבי — האָט דער בלינדער שוסטער אַרויסגעקייכט פֿון עולם אין טרערן — אַ כאָלערע זאָל אייך אָנידערלייגן!

קיינער האָט נישט געוואָגט צו לאַכן.

אין דעם איז אַ קליין נידעריק יידל אַרויס פֿון דער עדה, איז צו צום רב, און פֿאַרגלייזנדיק די אויגן מיט כוונה, ווי ער וואָלט אַ ברכה איבער אַ ספֿר געמאַכט, האָט ער געזאָגט:

— דער רבי וואַרט הינטער דער שטאָט, מיר זיינען געקומען נאָכן קוויטל.

דער רב איז אין שטוב אַריין. דאָס קליינע יידל, ר' יצחק יודלס, האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָכן רב, און חסידים האָבן זיך נאָך אים נאָכגע־שטופּט, אָפּגעשטופּט מיט די עלנבויגנס די באַלעבאַטים הינטער זיך.

דער רב איז אין שטוב איניקע מאָל געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ. צום סוף איז ער צוגעגאַנגען צום אָרון קודש, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל, האָט אָנגעהויבן ערנסט זיך שאָקלען און געזאָגט:

— עס איז ידוע וגלוי פֿאַר דעם מי שאָמר והיה עולם, אַז נישט פֿון מיין גוטן רצון גיי איך אָוועק פֿון דער מצווה, וואָס איך האָב גענומען מקיים צו זיין, אַפֿילו מיט מסירת הנפֿש. איך טו עס מחמת שלום — און איז צו צום טיש, האָט גענומען אַ פּען אין האַנט אַריין און אָנגעהויבן שרייבן.

חסידים אַרום האָבן שטיל געשוויגן. פֿון דער צווייטער שטוב האָט זיך געהערט דער רביצינס כליפּעדיק געוויין.

באַלד האָט זיך דער רב אויפגעהויבן, ר׳ יצחק יודלס איז צו און די האַנט אויסגעשטרעקט נאָכן קוויטל.

— ניין, זאָגט דער רב, און הכנסת־אורחים וואו איז? הינדל, די קאַפּאָטע — האָט ער אַריינגערופן אין דער צווייטער שטוב.

הינדל איז אַריין מיט אויסגעווייגטע אויגן, איז צו צום קליידער־שראַנק.

— אשה, איך פריי מיך און לויב גאָט, וואָס ער האָט מיר איין מצווה צוגענומען און די צווייטע געגעבן, און דו זיפצסט און טרויערסט.

די רביצין האָט זיך די טרערן פון געזיכט מיטן פאַרטוך אויס־געווישט.

— קומט, לאָז מען מקיים זיין מצוות הכנסת־אורחים — האָט דער רב אויסגערופן צום עולם, אַרויסקומענדיק אויף דער גאַס, און האָט מיטגעשלעפּט יודל מלמד ביים אַרבל.

— אַנטקעגן דעם רבין — האָט זיך נאָכן רב געהערט ר׳ יצחק יודלס קול.

און דער גאַנצער עולם האָט זיך הינטער דער שטאָט אַרויסגע־לאָזט.

*

אַלע, דאָס גאַנצע שטעטל, האָט זיך נאָכן רב אויף דעם וועג גע־לאָזט דעם רבין אַנטקעגן.

פון יעדער טיר האָבן זיך מאַנספּערשוינען אַרויסגעלאָזט, געכאַפּט די שבתדיקע קאַפּאָטעס, די סאַמעטענע היטלן, געוועלבער האָבן זיך פאַר־מאַכט אין מיטן העלן טאָג, טירן האָבן זיך פאַרקלאַפּט, און אַלע זיינען אַוועק נאָכן עולם אויפן וועג. באַלעבאַטים, דערזעענדיק, אַז דער רב גייט אַנטקעגן, האָבן פאַרגעסן זייער שנאה קעגן די חסידים. אין האַרצן האָבן זיי זיך געפרייט: אַ רבי קומט אין שטאָט אַריין, חסידים וועלן קומען אויף שבת, די שטאָט וועט ווערן אויפגעריכט. זיי האָבן זיך אויך אָנגע־טאָן די שבתדיקע קאַפּאָטעס און זיך געלאָזט נאָך דער מחנה. וואָס אַ מאָל איז אַלץ די מחנה גרעסער געוואָרן, באַלמעלאָכעס האָבן אַוועקגעוואָרפן די מלאָכה, קרעמער — די קראָמען, און אַלע האָבן זיך געלאָזט אויפן קאָנסקער וועג דעם רבין אַנטקעגן. גויים, להבדיל, אויס נייגיריקייט, האָבן זיך אויך אויסגעמישט מיט דער מחנה. פון ר׳ יחזקאלס הויף איז נאָטע אַרויס מיט אַ בריטשקע און וואָגן, די פערד זיינען געווען געשפּאַנט אין נייעם געשפּאַן מיטן מעשענעם באַקלאַפּעכץ. ר׳ יחזקאל מיט די זין און אייניקלעך זיינען געזעסן אין איין וואָגן, ר׳ חיים, דער צווייטער שותף, מיט די זין, איידעמס און אייניקלעך אין צווייטן וואָגן. נאָר אַז

זיי האָבן, אָנקומענדיק צו דער עדה, דערזען, אַז די גאַנצע עדה גייט צו פוס, זיינען זיי אויך פון די וועגן אַראָפּ און אין עולם אַריין.

די פעלדער אַרום און אַרום, אַזוי ווי ווּיסנדיק, אַז זיי געהערן צו איין גאָט, האָבן זיך אַלע אויסגעמישט. און אַ ים פון גרינעם גראָז לאָזט זיך ווייט אַוועק. אַ ווינטל בלאָזט און באַוועגט דאָס גראָז, איין כוואַליע פון אַ גרינעם ים איבערן צווייטן. אין דעם גרינעם ים פאַרבלאָנדזשען זיך שמאָלע, אויסגעטרעטענע שטעגלעך. דאָרט אין מיטן די פעלדער, פאַרבלאָנדזשעט אין גראָז, שטייען הויכע יתומימדיקע ביימער, און מיט דער בושה, אַז גאָט האָט זיי צו נאַרן אַרויסגעשטעלט, וואָס זיי זיינען העכער געוואַקסן פון אַלץ אַרום און אַרום, שאָקלען זיי זיך איינזאַם און דאַווענען ביחוד אין פעלד. צווישן די פעלדער ציט זיך לאַנג אַוועק דער שטומער וועג, פאַרשטעלט פון ביידע זייטן מיט אַלייען ליפּן־ביימער. די לאַנגע צווייגן, וואָס אָט ערשט האָבן זיי פון זיך זייערע קנעפּ שפּראָ־צעכץ אַרויסגעצויגן, פלעכטן זיך איין צוויג אין דעם צווייטן אַריין.

און גאָטס עדה אויפן וועג. אויף די פעלדער טרעפט מען רבים מיט חדר־ייִנגלעך שפּאַצירן ל״ג בעומר אין פעלד, די יונגע גבורים מיט די פיילנבויגנס אין די הענט זיינען באַלד אַריין צווישן דער מחנה, אויסגע־מישט זיך, און אויך אָקעגן דעם רבין געגאַנגען.

חסידים האָבן זיך באַלד צוזאַמען באַהאַפטן, איינער צום צווייטן. איינער האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן צווייטנס אַקסל, ביי די הענט זיך גענומען, באַהאַפטן זיך און זיינען געוואָרן אַן עדה אין דער עדה. זיי האָבן קיין חילוק נישט געמאַכט צו „משלנו״ אָדער ניט „משלנו״. ווער ס׳האָט געוואָלט, האָט זיך ביי דעם גאַרטל אָנגענומען, ביי די הענט זיך פאַרבונדן, און האָט זיך צוזאַמענגעהאַפט. קינדער זיינען זיך גע־קומען צו לויפן, פאַרפלאָנטעוועט זיך צווישן די פיס, ביי די פאָטערס גאַרטלען זיך געכאַפּט, ביי די פאָטערס קאַפּאָטעס, און נאָכגעשלעפּט זיך. און די עדה איז געוואָרן וואָס אַ מאָל גרעסער און גרעסער, פון אַלע עקן האָבן זיך יידן צוזאַמענגענומען, באַהאַפטן זיך און אָנגעהויבן זינגען, הויך אויפן קול:

„ברוב עם הדרת מלך״.

און די קולות האָבן זיך אין איינעם אויסגעמישט, אַזוי ווי די נשמות האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן, און עס איז געוואָרן איין קול פון טויזנט הערצער, און דער קול האָט געקלונגען איבער פעלדער און וועלדער און האָט ערגעץ גאַנץ ווייט אָפּגעשאַלט:

„ברוב עם הדרת מלך״.

אויבן אויפֿן הימל האָט זיך איין שטיק העל־שײַנענדיקער הימל אין אַנ־דערן אַרײַנגעגאָסן. פֿון אַלע עקן וועלט זײַנען אָנגעקומען צו שווימען העל־זילבערנע, נגידיש־חסידישע וואָלקנדלעך, און איינס האָט דורכגעשוועבט איבערן צווייטן. אין עק וועלט האָט זיך געכמאַרעט, נאָר דער שוואַרצער וואָלקן איז צערונען, און פֿון זײַנע שפּאַלטן האָט די זון אַרויסגעגאָסן מיט ליכט, און די ליכטיקייט האָט אָפּגעגלאַנצט און באַהעלט אַ גרינע בייט אונטן אויף דר׳ערד. און די גרינע ליכטיקע בייט האָט געשפּילט צווישן די אַנדערע מאַטע בייטן.

און אַזוי ווי אַונטן אויף דר׳ערד, אַזוי האָבן מיט אַ מאָל אויך אויבן די הימלען זיך צוזאַמענגעגאָסן, איין ליכטיקער וואָלקן האָט זיך גע־גאָסן אין צווייטן, אויסגעמישט זיך, און זיי זײַנען איינס געוואָרן. נאָכגע־צויגן זיך נאָך דער ערד דעם רבין מקבל פּנים זײַן, און אונטן איבער די לאַנקעס האָט אַ ווינטל געבלאָזן און געבויגן די גרעזער, און די גרעזער האָבן זיך נאָכגעשאָקלט, נאָכגעבויגן נאָך דער עדה... און די איינזאַמע ביימער אין די פֿעלדער האָבן מיט זייערע צווייגן געשאָקלט, געבעטן עפּעס, געגריסט פֿון דער ווייטנס, און אַרום האָט דעם עולמס קול הויך, ווייט און ברייט אָפּגעקלונגען:

„ברוב עם הדרת מלך״.

דער רבי מיט די פֿאַר באַלעבאַטים זײַנען געגאַנגען אין אַ זייט־וועג. זיי האָבן געזען, ווי יידן העפּטן זיך דאָרט איינער אין צווייטן, זײַנען איינס מיטן הימל און ערד געוואָרן, און זיי, די באַלעבאַטים, חברה־מענטשן, אַרויסגעשטופּט, אַרויסגעוואָרפֿן, האָבן זיי עפּעס דרך־ארץ געקראָגן פֿאַר דעם גרויסן אַחדות, וואָס זינגט... און פֿון די באַלעבאַטים האָט מען זיך יעדן מאָל אָפּגעריסן און צו די חסידים אַריבערגעגנבעט זיך.

באַלד איז אָנגעקומען פֿון וועג אָן אַ גרויסער וואָלקן, וואָס האָט אויפֿגעשטייגט פֿון דער ערד אין הימל אַרײַן. דער וואָלקן שטויב לויפֿט פֿאַרויס, קומט וואָס אַ מאָל נעענטער און זאָגט עפּעס אָן:

— דער רבי פֿאָרט! דער רבי פֿאָרט!

און יידן, גרויס ווי קליין, האָבן זיך געגעבן אַ לאָז הענדום־פּענדום אין וואָלקן שטויב אַרײַן, און אים צעריסן, פֿאַרבלאָזן, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ גרויסער וואָגן. אין וואָגן איז דער רבי אין אַ ווײַסן, אַטלעסענעם כאַלאַט געווען פֿאַרטונקט צווישן סאַמעטענע קעפּ און פּאות, אָן אַלט־־גרויער ייד, פֿאַרוואָרפֿן די הענט איבערן האַרץ, פֿאַרגלייזט די אויגן אין הימל אַרײַן, און דער הויכער איידעלער אַריסטאָקראַטישער שטערן קנייטשט זיך פֿון צײַט־צו־צײַט.

— שלום־עליכם!

און עס האָבן זיך געגעבן אַ צי הענט דאַרע, לאַנגע, בלייכע, פּעטע, דיקע, רויט־האָריקע און איידל־גלאַטע — אַ ים הענט, איינע איז פֿאַר־טרונקען געוואָרן אין דער צווייטער; איינע אַרויף, די אַנדערע אַראָפּ, און דער רבי האָט יעדן באַזונדער שלום־עליכם אָפּגעענטפֿערט.

צום סוף האָט זיך דער רב צוגערוקט צום רבין, האָט אים די האַנט אויסגעשטרעקט: שלום־עליכם!

— עליכם שלום, ווער איז עס? — האָט דער רבי געפֿרעגט.

— דער רב פֿון שטאָט.

— דער רב פֿון שמאָט? אַזוי.

— איך האָב אייך דאָס קוויטל געבראַכט — זאָגט דער רב, דאָס קוויטל איבערגעבנדיק.

דער רבי האָט די בלייכע האַנט אויסגעשטרעקט נאָכן קוויטל.

— דריי מאָל ש׳ס וועל איך אייך אָוועקגעבן, עס איז מיין מצווה — האָט דער רב געשטאַמלט נאָך אַ קליינער ווילע מחשבה.

צווישן עולם איז אַ געמורמל געוואָרן.

— צו וועמען פֿאָרסטו? — האָט דער רבי מיט אַ שמייכל געפֿרעגט, דאָס קוויטל אין בוזעם־קעשענע אַריינלייגנדיק.

— צו קיינעם נישט.

— צו קיינעם נישט, נו, וועסטו ביי מיר ביים טיש זיצן, — האָט דער רבי געשמייכלט.

דער רב איז נאָך געשטאַנען.

באַלד האָבן זיך צוגערוקט חסידים, האָבן דעם רב אָוועקגעשטופּט אין אַ זייט, און דער עולם האָט זיך ווייטער גערוקט מיט די הענט איבער די קעפּ, געדריקט זיך נעענטער צום רבין.

— יידן, מיר וועלן מנחה דאַווענען — האָט דער רבי אויסגערופֿן און איז אַראָפּ פֿון וואָגן.

באַלד ביים וועג איז אַ קליינער געדיכטער וואַלד געשטאַנען. ביימער ווי זיי וואָלטן אין איין גאַרטל געוועז פֿאַרפֿלאָכטן. דער רבי פֿאָרויס, דער עולם נאָכן רבין אין די ביימער אַריין.

עס איז שוין פֿאַרנאַכט געוואָרן. די זון האָט נאָך אין וואַלד אַריינ־געקוקט צווישן די ביימער. וואו־נישט־וואו און ווען־נישט־ווען האָט זי דאָס גרינס צווישן איין בוים און דעם צווייטן באַגילט. דער קליינער וואַלד איז שטיל געווען. ווי אַ שטילער סוד וואָלט אין אים פֿאַרשטומט געוואָרן פֿון ציטן, צייטן לאַנג... די הימלען איבערן וואַלד אין רויט־בלויען פֿייער האָבן צניעותדיק זיך ווייט אַראָפּגעלאָזט. טיף אין וואַלד האָט אַן איינזאַמער פֿויגל געווען, גערופֿן נישט וויסנדיק וואָס. דאָרט,

טיף אין וואַלד, האָט ווער אַ בוים אונטערגעהאַקט און דער בוים האָט זיין ווידוי הויך צווישן דיביימער אויסגערופֿן...

און אַרום וואַלד האָט די גאַנצע וועלט געוואַרט...

נאָך ניט פֿאַרטיק איז דאָס גרינס געווען, נאָר עס האָט ערשט אָנגעהויבן צו בליען. די ערד האָט ערשט די בריסטן אויסגעשטעקט, און דאָס גרינס האָט ערשט צו זייגן אָנגעהויבן, צו נאָגן און ציען חיונה. אַלץ אַרום האָט ערשט אָנגעהויבן צו לעבן און האָט געוואַרט אויף אַ דערלייזונג, אויף אַ ברכה, אויף אַ תּיקון.

און דער עולם איז פֿאַרוואָרפֿן אין וואַלד. אַ ייד הינטער אַ בוים, אַ ייד הינטער אַ בוים. יונגע קינדער הינטער יונגע צווייגלעך, קוסטעס, אַלע האָבן זיך טיף און ערנסט געשאָקלט. דעם רבינס ברכה האָט געקלונגען אין וואַלד, און מיט דער האַנט האָט ער צוגעשאָקלט און געוויזן:

„ברך עלינו ה׳ אלהינו את השנה הזאת ואת כל מיני תבואתה לטובה, ותן ברכה על פני האדמה ושבענו מטובה וברך שנתנו כשנים הטובות, ברוך אתה ה׳ מברך השנים".

און ביי יעדן בוים אַ נשמה, און יעדע נשמה, וואָס איז הינטער איר בוים געשטאַנען, האָט פֿאַר איר בוים געבעטן, און מיט דער ברכה האָט מען דעם תּיקון אויף דאָס גרינס געזען. און די ביימער האָבן זיך מיטגעשאָקלט, ווי געוואָלט עפּעס בעטן, זאָגן, נאָר ביימער זיינען שטום, און די נשמה, וואָס שטייט הינטער דעם בוים איז דעם בוימס שליח־ציבור, און דער בוים שאָקלט זיך מיט: אָמן! אָמן!

אַלץ אַרום האָט געדאַוונט, געבעטן און געדאַנקט גאָט, און דער הימל האָט זיך געגעגנטערט צו דער ערד, די ערד — צום הימל. אַן עדה יידן, אַן עדה ביימער. די ביימער האָבן זיך מיטגעשאָקלט, אַ צווייג אַן אַ צווייג געקלאַפּט, די גרעזער אַהין און אַהער זיך באַוועגט, די פֿייגל פֿון צווייג צו צווייג געשריען, געקווויטשעט. און דער ווידערקול האָט טיף אין וואַלד געורופֿן צווישן די ביימער, און דעם העקערס קול דאָרט האָט טיף אָפּגעקלאַפּט, און די קולות האָבן זיך אויסגעמישט, עס איז געוואָרן איינס. אַלץ האָט זיך באַהאַפֿטן. און עס איז געוואָרן איין תּפֿילה, איין האַרץ, איין נשמה. און דאָרט, טיף אין וואַלד, איז די שכינה צווישן די ביימער אויסגעצויגן און דאַוונט מיט...

די גאַנצע וועלט איז גאָט, גאָט אין דער גאַנצער וועלט דאַוונט.

באַלד איז אַלץ שטום געוואָרן. די ביימער האָבן אויפֿגעהערט צו שאָקלען זיך, דאָס גראָז צו באַוועגן זיך. דאָרט, טיף אין וואַלד, איז דער פֿויגל פֿאַרשטומט געוואָרן און דער ווידער־קול פֿון העקער. די וועלט, ווי זי וואָלט זיך אַ מינוט איינגעהאָרכט. דאָרט, טיף אין וואַלד, איז גאָט,

און ער הערט זיך אויך איין צו דעם אַלט־באַקאַנטן ניגון פֿון אַ מאָל, און דעם רבינס קול וויינט אין וואַלד:

תּקע בשופֿר גדול לחרותנו ושא נס לקבץ גליותנו...

אַלץ אַרום איז שטיל געווען. אַ טונקעלער, טרויעריקער נעפּל האָט דאָרט טיף, וואו די שכינה רוט, זיך אויסגעשפּרייט, און פֿון דאָרט טיף האָט אַ טרויעריקער פֿאַרגעסענער זום־זום געברומט און געשפּילט איבער וועלדער און פֿעלדער און דער ווידער־קול האָט זיך ווייט צעגאָסן און פֿאַרטרויט באַהאַלטענע סודות.

גאָטס אַ גרוס איז עס געווען צו זיין כּנסת־ישׂראל פֿון לאַנגע, לאַנגע צייטן...

באַלד האָט דער רבי זיין תּפֿילה געענדיקט. יתומים אונטער ביימער האָבן קדיש געזאָגט, און אפֿשר האָבן אויך ביימלעך קדיש געזאָגט איבער זייערע טאַטעס און מאַמעס, אָדער זיינען די קינדער זייערע חזנים געווען...

דער רבי איז צוריק אַרויף אויפֿן וואָגן. מען האָט די פֿערד אויסגעשפּאַנט, יידן גאַנצע מחנות, גאַנצע עדות האָבן אין דעם וואָגן זיך איינגעשפּאַנט. קעפּ זיינען געקראָכן איבער קעפּ, איינער איבערן צווייטן, איבער די רעדער און אויף די רעדער, און דער ווייסער כאַלאַט, פֿאַרטרונקען אין ימים קעפּ און הענט, האָט זיך געטראָגן אין דער הייך, און פֿאַר אים און נאָך אים כוואַליעס קעפּ, כוואַליעס קעפּ מיט איין קול, מיט איין שיר:

„ברוב עם הדרת מלך".

און נאָך דער עדה האָט אַ טונקעלער, טרויעריק־ליבער טוי־וואָלקן איבער וועלדער און פֿעלדער געטרויט און געזויגן, און געטרונקען יעדן מיילעכל וואָס האָט זיך געעפֿנט.

דעם רבינס ברכה...

*

און וואָס נעענטער די כוואַליעס קעפּ זיינען צום שטעטל צוגעקומען, האָבן זיך אַלץ מער מענטשן, ווייבער, אַלטע לייט, קינדער פֿון שטאָט זיך געלאָזט. די אָנגעקומענע זיינען אין די מאַסן קעפּ פֿאַרשוואונדן געוואָרן, און מיט איין קול און מיט איין שיר: ברוב עם הדרת מלך! — זיינען זיי אין שטאָט אַריין.

אַ ליבער פֿאַרגעסענער טוי־וואָלקן, וואָס האָט פֿון די וואַסערן אויפֿגעשטייגט, האָט זיך צערטלעך און מיט אַ מוטערלעכער ליבע איבערן שטעטל געלייגט, צו באַשיצן, צו באַוואָרענען, און דער וואָלקן האָט עס געהילט און געטוליעט, און דאָס שטעטל איז ליבלעך איינגעשלאָפֿן.

וויט אין געסל האָט זיך געהערט אַ קינד וויינען...

*

פֿון ר׳ יחזקאלס צווײ גרויסע פֿענצטער, וואָס זײַנען אין שול־געסל אַרײַן, האָבן אין טונקעלן טוי־נעפּל צווײ גרויסע ליכט־פֿלאַמען אַרויס־געדרענגט, און אַ שטיל־פֿאַרטרונקענער ליבער ניגון איז פֿון דאָרט אין געסל אַרײַנגעשוואומען.

דער רבי איז דאָרט אײַנגעשטאַנען.

פֿון די וואָכעדיקע בית־המדרש־פֿענצטער, וואָס זײַנען געווען קעגנ־איבער ר׳ יחזקאלס פֿענצטער, האָבן אויך זעקס קלײנע ליכטלעך אין דעם טוי־וואָלקן אַרײַנגעדרענגט, און אַ קאַלטער, וואָכעדיקער „והוא רחום" פֿון אַן אַלטער שנײַדערישער ברוסט האָט פֿון דאָרט זיך אַרויסגעריסן:

„יכפּר עוון ולא ישחית".

און טיף אין געסל, פֿאַרהילט אין נאַכט־נעפּל הערט זיך אַ ייִנגלס לאַבוסדיקע שטימע:

נאַ דיר בלומען, גיב מיר קנעפּ,
נאַ דיר בלומען, גיב מיר קנעפּ!

קאַפּיטל פינף

# די זומערדיקע פאַרנאַכטן

ווי די דריי וואָכן האָבן אָנגעהויבן אַריינגנבענען זיך אין שטעטל, איז דאָס זומער־לעבן ווי אין מיטן אָפּגעהאַקט געוואָרן. די וועלט אַרום און אַרום האָט אויסגעזען ווי אַ פּרינצעסין, וואָס זיצט אין אירע יום־טובדיקע קליידער און טרויערט נאָך איר געליבטן, וואָס האָט זי פאַרלאָזט... אַ ווינטל בלאָזט און ווייעט איבער די גרעזער, שאָקלט זיי אַהין, שאָקלט זיי צוריק. דאָס בלעטל אויפן צווייגל, דאָס גרעזל אין דער ערד ווייגען אין זיך פאַר דער גאַנצער וועלט.

ליבע זומערדיקע פאַרנאַכטן! פון באַהאַלטענע וועלטן קומען זיך צו ציען איבערן הימל שטיקער ליכטיקע, שטיקער טונקעלע וואָלקנס, מישן זיך צוזאַמען טיף אין ברייטן האָריזאָנט פון הימל. די הערלעכע ליכטיקייטן מיט די טונקעלע וואָלקנס ווערן באַהאַלטן הינטער בלויע פאַרהאַנגען. ליכט פאַרוויקלט אין ליכט הענגט ברייט און ווייט איבערן וואַסער און שפּיגלט זיך אָפּ אין זיינע ליכטיקע, געשליפענע כוואַליעס. און די כוואַליעס גייען, אַ כוואַליע נאָך אַ כוואַליע, ווי זיי וואָלטן דאָס האַרץ אויסגערעדט איינע פאַר דער אַנדערער. ווייט, ווייט בייגט זיך דער הימל אַראָפּ אין וואַסער אַריין, און דאָס וואַסער גייט אין הימל אויף. דער הימל מיט דעם וואַסער גיבן זיך דעם ערשטן, ליבן אומשולדיקן קוש און גייען זיך שלאָפן לייגן אין געדיכטן וואַלד, אין שוואַרצן וואַלד, אין עק וועלט...

ליבע זומערדיקע פאַרנאַכטן אין שול־געסל! טונקל־טרויעריקע נעפּלען וויקלען איין דאָס שטילע געסל, ווי זיי וואָלטן עס וועלן פאַרהוילן פון מענטשנס אויגן. אין עק וועלט פון געדיכטן וואַלד שימערט נאָך אַרויס דאָס לעצטע ביסל רויטלעכקייט, פאַרזונקען און פאַרטונקען צווישן בלויע ימים ווי אָפּגעריסענע, פאַרגעסענע אינדזלען. פון די פענצטער פון דעם אַלטן בית־המדרש ווינקט אַרויס אַ ליכטל, און דעם פּרושס קול וויינט אין געסל, און קלאָגט זיך פאַר דער מאַמע־נאַכט... און די מאַמע־נאַכט נעמט מיט זיין געוויין און פאַרטרינקט עס אין באַהאַלטענע וועלטן,

און מישט עס אויס, און עס ווערט איין טאָן מיטן נאַכט־כאָר; די זשאַבעס אין וואַסער האַלטן אים מיט צום טאַקט. פֿון שוואַרצן וואַלד קומט צו ציען אַ פֿאַרגעסן זשומען. און די נאַכט נעמט די קולות אַלע אין זיך אַריין, און ווערט פֿאַרטרונקען מיט זיי אויף דעם שוואַרצן וועג צום בית־עולם צו... פֿון רבינס פֿענצטער דרינגען אַרויס צוויי גרויסע ליכט. דער רבי אין ווייסן כאַלאַט דרייט זיך איינער אַליין אַרויף און אַראָפּ איבער דער שטוב, און יעדן מאָל, ווען דער ווייסער כאַלאַט גייט פֿאַרביי די צוויי פֿענצטער, לויפֿט ווער דורך איבערן ווייסן פּלויט, וואָס איז אַנטקעגן די פֿענצטער. פֿאַר טיר און טויער זיצן האַלב־נאַקעטע יידן, באַלעבאַטים, באַלעבאַסטעס, באַלמעלאָכעס, אָנגעהאַרעוועטע פֿון אַ גאַנצן טאָג, און כאַפּן אַ ביסל פֿרישע לופֿט. קליינע מיידלעך שפּאַצירן צוזאַמען פֿאַר דער טיר, אָנגעמענדיק זיך ביי די הענט, און זינגען הויך אויפֿן קול:

גייט דער גראַף אין וואַלד אַריין,<br>
טרעפֿט ער אַ מיידל ביים בוים שטיין.<br>
— מיידעלע, מיידלשי, וואָס טוסטו<br>
אין וואַלד אַליין?<br>
איך בין געגאַנגען אין וואַלד אַריין<br>
און ווייס נישט וואו אַהיים צו גיין.

אויפֿן פּלויט פֿון חנה־שרהלעס גאָרטן, וואָס די צווייגן מיט באַרנעס שטייגן פֿון דאָרט אין מאַרק אַריין, קלעטערן די חדר־יינגלעך. זיי כאַפּן אָן די צווייגן און רייסן פֿון זיי אומצייטיקע אויבס. דער סעדער לויפֿט אַרויס, די קינדער אַנטלויפֿן, נאָר איינס, נעבעך, איז הענגען געבליבן אויפֿן פּלויט. דער סעדער כאַפּט אים אַראָפּ דאָס היטל, און דאָס ייִנגל שטייט און קראַצט זיך און וויינט. ער האָט מורא אַהיים צו גיין צו דער מאַמען. קי גייען אַהיים פֿון דער פּאַשע, דער שעפֿער שפּילט אויף דער פּישטאַלקע, באַלעבאַטים דערהייבן זיך פֿון די ערטער און פֿירן דאָס זייערע אין די שטאַלן. פֿון ערגעץ פֿאַר אַ הויז הערט זיך אַ האַרמאָניקע שפּילן. דאָרט זיצט סטעפּאַן, דער איינציקער גוי אין געסל, מיט זיין מיידל און שפּילט ליבע־לידער, און דאָס קול פֿון דער האַרמאָניקע מישט זיך אויס אין איינעם מיטן פּרושס וויינענדיקן ניגון. און עס ווערט איין טרויעריקער, האַרץ־רייסנדיקער ניגון, וואָס ווערט פֿאַרטרונקען ווייט אין געסל...

ליבע זומערדיקע פֿאַרנאַכטן אין שול־געסל! דאָרט ווייט צום שוואַרצן וועג צו, צום בית־עולם, שפּאַצירן אַרום בית־המדרש בחורים אין די זומערדיקע לייכטע שניט־רעק. עס שפּאַצירן באַלעבאַטישע מיידלעך אין

די זומערדיקע קרעטאָנענע קליידלעך. די בחורים אויף איין זייט, די מיידליך אויף דער צווייטער זייט. שיקט אַ בחור אַריבער אַ פֿאַרשעמטן בליק אויף דער צווייטער זייט, וויל געפֿינען די כּלה, וואָס איר גאָלדענעם זייגער טראָגט ער אויף זיין זשילעט; ער פֿאַרשעמט זיך, און דאָס האַרץ קלאַפּט אין אים... וויל אַ מיידל וואַרפֿן אַן אויג צו די בחורים, כּדי צו געפֿינען איר חתן, פֿאַר וועלכן זי העפֿט איצט אויס אַ תּפֿילין־בייטעלע, שעמט זי זיך פֿאַר די חברטאָרינס. איר האַרץ קלאַפּט אין דער שטיל, און דאָס לייכטע קאָפּטנדל באַוועגט זיך...

ליבע זומערדיקע פֿאַרנאַכטן אין שול־געסל! היינט זיינען אָבער די „דריי וואָכן", היינט טאָר מען קיין ליבעס ניט שפּילן, האָט מען עס אָפּגעלייגט אויף שבת־נחמו... נאָר די נעפּלען, וואָס הילן דאָס שטעטל איין אין ליבע, טרויעריקע סודות, וועקן אין דער שטיל אַ געהיימע ליבע... און די ריחות טראָגן זיך פֿון יענער זייט פֿעלדער און דערפֿרישן דאָס האַרץ... די ברוסט ווערט פֿול, און עס ווערט עפּעס אַזוי לייכט, אַזוי ליב, אַזוי זיס, און עס ווילט זיך אַזוי זיין געטוליעט, געליבט! אוי, טאַטע אין הימל!

ליבע זומערדיקע פֿאַרנאַכטן אין שול־געסל! ווער עס האָט אייך געהאַט, ווער עס האָט אייך פֿאַרלוירן...

*

אויף דעם שוואַרצן וועג, צום בית־עולם צו, ווייטער אַראָפּ אין שול־געסל האָט זיך די וועלט דאָס געזיכט איינגעטוליעט אין האַרץ פֿון דער נאַכט, און די נאַכט אין האַרץ פֿון דער וועלט, און ביידע האָבן זיך באַהעפֿט, און דאָרט וייט, טיף אין וואַלד זיך פֿאַרבלאָנדזשעט און זיך שלאָפֿן געלייגט אין געדיכטן וואַלד.

אויף דעם שוואַרצן וועג, צום בית־עולם צו, שטייען אַלטע, אָפּגעלעבטע טאָפּאָלן, ווי ווילדע לצים, מיט אָפּגעהאַקטע פֿיס און הענט. זיי שטייען ווי גילגולים פֿון רוחות, ווי אָנגעקומענע פֿון פֿאַר ששת ימי בראשית, ווי שטומע עדות פֿון אָנהייב וועלט ביזן סוף וועלט... נאַכט, צוועלף אַ זייגער, קומען צו גיין „הויכע דייטשן מיט לאַנגע בייטשן", און שטעלן זיך הינטער די טאָפּאָלן און ציען פֿון זייערע צווייגן די ליבסטע, האַרץ־נאַגנדיקע ניגונים, ציען, ציען ביים האַרץ, און פֿאַרנאַרן מענטשן מיט זייערע געזאַנגען אין וויסטע זומפּן...

אין פֿעלד, אין גראָז ליגן קופּקעלעך חסידים, הינטער דער שטאָט, און זינגען דעם יאושדיקן:

שוכני בתי חומר,
למה תשאו עין?
ויתרון אדם מן הבהמה — אין!

מיטן ניגון פֿון דעם חזן, וואָס מען האָט אים לעבעדיקערהייט אין קבר באַגראָבן. און דאָס קול קלינגט איבער די קברים, וואָס שטייען אויפֿן בערגל, און די קברים, אויסגעמישט מיט גאָטס ערד, פֿאַרטרונקען אין ימים גרינס, לעבן דאָ זייער שטיל, שווייגנדיק לעבן. עס שווייגן די טויטע ביינער אין די פֿיר איילן פֿון קבר, וואָס האָט איבער זיך נאָר אַ פּיצל הימל. דאָס ווינטל בלאָזט איבער זיי, אויסגעמישט מיט דער ערד, גיבן זיי פֿון זיך דאָס לעבעדיקע גרינס אַרויס. אַט זיינען די ביינער צו־געקומען צום אמתן תּכלית, צום לעצטן סוף פֿון לעבן, פֿון פֿאַרן אייביק און פֿון נאָכן אייביק... און די גאַנצע וועלט האָט זיך געאייניקט, דאָס לעבעדיקע מיטן טויטן, דער הימל מיט דער ערד, יעדער גרעזל, יעדער ביימל, און עס איז איין לעבן, איין וועלט, איין גאָטס געוואָרן...

פֿון דער צווייטער זייט וועג שפּיגלט זיך אָפּ דאָס וואַסער אין דער נאַכט, ווי אַ צווייטע וועלט זעט עס אויס פֿון דער ווייטנס. קליינע ליכט־לעך פֿון די בערלינקעס, וואָס רוען אין וואַסער איבער נאַכט, דרינגען טיף אין וואַסער אַריין, און זיי זעען אויס פֿון דער ווייטנס, ווי גרויע, טונקעלע חיות זיינען מיט די לאַפּעס אין דער שוואַרצער נאַכט איינגע־זונקען געוואָרן, און קענען נישט מער אַרויס. די ליכטלעך, די אויגן אין זייערע שטערנס, דרינגען אַהער פֿון דער ווייטנס און בעטן הילף...

און אויף דעם שוואַרצן וועג, טיף דאָרט אין דער נאַכט, האָט גאָט זיך דאָס פּנים איןביידע הענט פֿאַרשטעלט... און זיינע צוויי גרויסע טרערן, וואָס ער וויינט אויפֿן חורבן בית־המקדש, האָבן אויף דער ערד זיך אַראָפּגעגאָסן און אַלץ פֿאַרטונקט און פֿאַרטרונקען...

*

אויפֿן שוואַרצן וועג צום בית־עולם צו אין דער טונקעלער נאַכט שפּאַצירן אַ ייִנגל מיט אַ מיידל: גבריאל, דעם רבינס זון, דער ממלא־מקומו, און לאַהלע, ר' יחזקאלס ייִנגסטע טאָכטער.

זי האָט אים געזען דורך אַ שפּאַלט פֿון דער טיר דעמאָלט, ווען זיין פֿאָטער איז ביי זיי איינגעשטאַנען, פֿאַרטאָגס, ווען זי איז נאָך אין איר בעט געלעגן, האָט זי דערהערט פֿון אַן אָפֿענעם פֿענצטער זיין קול. ער לערנט און זיין קול איז אַרויס דורכן פֿענצטער און אויסגעמישט זיך מיט דעם ריח פֿון די יונגע גרעזער, וואָס האָבן זיך פֿון דעם נאַכט־טוי געוועקט; ער איז אַריין מיט דעם בלומען־געשמאַק, און איז פֿאַר איר

געזיכט פאַרבייגעפלויגן און געווינקט איבער איר, און איר ברוסט האָט זיך פון זיך געהויבן און געוועקט זיך... און פון דעמאָלט אָן האָט זי געבענקט נאָך זיין איידל, מלאכימדיק געזיכט, וואָס האָט ווי אַ ליכטיקע לבנה פון זיין טיפן שטריימל אַרויסגעשיינט. נאָר זי האָט נישט געוואוסט דערפון. זי האָט פון גאָרנישט געוואָלט וויסן. נאָר יעדן פאַרנאַכט האָט זי זיך אין שול־געסל שפּאַצירט... עס האָט זי עפּעס געצויגן אַהין, צו די „הויכע דייטשן מיט די לאַנגע בייטשן", די וואָס שפּילן און ציען די ניגונים פון די טאַפּאָלן־צווייגן, און האָבן זי געצויגן טיפער אַריין, טיפער אין שוואַרצן וועג אַריין, טיפער און טיפער... אים אָבער האָבן זיי אויך געמוזט ציען, און ער האָט זיך אויך געמוזט לאָזן פאַרפירן...

און זיי האָבן נישט געזען, ווי זיי פאַרקריכן זיך. די נאַכט איז געפאַלן איבער זייערע קעפּ און האָט זיי אין זיך אַריינגענומען, באַוועבט זיי מיט פינצטערניש היגטער זיך און פאַרשטעלט זיי פון מענטשנס אויגן. די טויטע מצבות אויפן בערגל זיינען עדות געווען, אַז די קינדער האָבן צווישן זיך קיין וואָרט נישט גערעדט, נישט ביי דער האַנט זיך אָנגענומען, נאָר ער פון איין זייט וועג, און זי פון דער צווייטער זייט וועג האָבן זיך געלאָזט נאָכציען נאָך די שטומע, האַרץ־אָנציענדיקע ניגונים, וואָס די „הויכע דייטשן מיט די לאַנגע בייטשן" האָבן מיט זייערע דינע, לאַנגע פינגער פון די אַלטע טאַפּאָלן־ביימער אַרויסגעצויגן. אָט די ניגונים האָבן אין זייערע הערצער אָפּגעקלונגען, ווי אויף סטרונעס, און האָבן די קינדער אַלץ געצויגן צו זיך, געצויגן שטום, און געשפּילט שטומע, סודות־דיקע טענער אויף די האַרץ־סטרונעס אין דער שטיל... אין דער שטיל...

און די נאַכט איז געפאַלן איבער זיי, און די טוי־וואָלקנס האָבן געשוועבט פאַר זיי, און הינטער זיי.

און אַלץ אַרום איז פול מיט ליבע. דער הימל און די ערד ליגן אין איינעם געאַרעמט, פאַרוואָרפן אין וואַלד, די נאַכט אין דער וועלט, די וועלט אין דער נאַכט, און שמעקעדיקע ריחות קומען זיך צו טראָגן פון די אַרומיקע פעלדער, ווייען איבערן פנים, און דערציילן שטומע סודות, וואָס מען טראָגט ביי זיך אין האַרץ אַרום און וואָס מען זאָגט זיי קיין מאָל ניט אַרויס...

און די ברוסט באַוועגט זיך שטיל, פאַמעלעך, און בענקט נאָך עפּעס, און אַ בענקעניש ליגט אויף אַלץ אויסגעגאָסן, די גאַנצע וועלט בענקט, נישט צו וויסן אַליין נאָך וואָס, נאָך ווען...

אין געדיכטן וואַלד ליגט גאָט אין שוואַרצן מאַנטל געהילט, און בענקט נאָך זיך אַליין און נאָך דער וועלט... אין עק וועלט, וואו דאָס

לעצטע רויטע אויג זינקט אין די בלויע, שוואַרצע ימים, קושט זיך דער טאָג מיט דער נאַכט, און זיי בענקען נאָך זיך און נאָך דער וועלט...

אין מיטן האָריזאָנט בלאָנדזשעט אַ ליכטיקע לבנה, ים־אויס, ים־איין, און בענקט... דער קליינער בית־עולם באַהאַלט זיך אין זיך און בענקט...

און דאָס יינגל און דאָס מיידל לאָזן זיך נאָכציען נאָך די פאַרגעסענע ניגונים...

אַ ביסל ווייטער איז דאָס וואַסער, און די נאַכט־לאָמטערנדלעך דרינגען זיך אין דער טיפעניש פון וואַסער און דערציילן זיי מעשיות פון אַנדערע וועלטן.

דאָס יינגל מיטן מיידל גייען נאָך און לאָזן זיך פאַרפירן נאָך די פאַקלדיקע לאָמטערנדלעך.

זיי זיינען צום וואַסער אָנגעקומען, ביים ברעג זיך געזעצט.

*

עס האָט זיך פלוצלינג קלינגען געהערט.

און דאָס קלינגען האָט מיט אימה פון גאַנץ ווייט אָפגעקלונגען, ווי אַ מאַמע וואָלט אין דער פינצטערער נאַכט זיך געקלאָגט: גוואַלד, מען האָט מיר שלעכטס געטאָן! גוואַלד, מען האָט מיר שלעכטס געטאָן!

דער הימל צום שטעטל איז מיט אַ מאָל ליכטיק געוואָרן, ווי אַ רויט־ברענענדיקע, ליכטיקע כמאַרע פון אַ ליכטיקן ים איז געקומען צו ציען פון אַ פרעמדער וועלט, האָט פאַרבלאָנדזשעט אינעם פינצטערן נאַכט־ים אַריין, און האָט אַ האַלבן הימל באַלויכטן. צי האָט נישט אַ מעכטיקע האַנט אַ שטיק נאַכט פון דער הייך אַראָפגעוואָרפן און דער וועלט דעם אָפענעם הימל געוויזן? צי האָט זיך אפשר דאָך די זון איין מאָל אין לעבן טועה געווען, און אַנשטאָט אין אַ פרעמד לאַנד צו גיין, איז זי פאַר דער צייט צוריק געקומען? און אונטן אויף דער ערד פלאַקערט זיך, איין וואָלקן פייער קוילערט זיך אין צווייטן אַריין און זיי פלאַמען אין איינעם, שטייגן אין הימל אַריין און צינדן אַ שטיק הימל אונטער. ערד, לופט און הימל קושן זיך צוזאַמען אין איין פלאַם־פייער. עס האָט פון דער וועלט דעם נאַכט־שלייער אַראָפגעריסן און צוריק טאָג געמאַכט... פון דער ווייטנס הערן זיך וויינענדיקע קולות, און דער שטאָט־גלאָק קלינגט און קלינגט מיט אַ גוואַלד, ווי אַ מאַמע וואָלט זיך געקלאָגט: גוואַלד, איר האָט מיר שלעכטס געטאָן! גוואַלד, איר האָט מיר שלעכטס געטאָן!

דאָס ייִנגל מיט דעם מיידל זיצן ביים ברעג וואַסער. ליכטיקע שטראַלן פֿאַלן אַריין און באַלייכטן דאָס וואַסער פֿון יענער זייט. און פֿון דאָרט, פֿון וואַנען דאָס וואַסער ברענגט זיך, קומען צו שווימען ליכטיקע כוואַליעס און סודן איין אין דער שטיל די איבעריקע כוואַליעס וואָס דאָרט זיך אָפּ. דאָ ליגט די נאַכט אויסגעצויגן איבערן וואַסער. עפּעס וואָס פּליאַסקעט זיך שטיל אין אים... מתים גייען אויף פֿון דעם בית־עולם, קריכן אַריבער דעם פּלויט און זיי זייגען טובל זייערע נשמות אין וואַסער, איידער זיי שטייגן אויף אין הימל אַריין צום בית־דין של מעלה.

און דאָס וואַסער גיסט זיך אין דער שטיל, וואַשט די נשמות, וואַשט זיי אָפּ פֿון זינד, און די מתים שווימען מיט די כוואַליעס וואַסער אין שוואַרצן וואַלד אַריין, אין הימל אויפֿצושטייגן...

און פֿון יענער זייט פֿלאַקערט די וועלט. זיילן פֿייער אין זיילן פֿייער שטייגן איינער נאָכן צווייטן אין הימל אַריין, און צינדן אָן די לופֿט, דעם הימל, און זייער פֿייערדיקער גלאַנץ שפּילט אויף די כוואַליעס...

*

דורך באַהאַלטענע וועגן זיינען די קינדער אין שטאָט צוריק געקומען.

האַלב־נאַקעטע ווייבער, נאַקעטע קינדער, כאַפּנדיק דאָס ביסל אָרעמקייט, פּעק בעטגעוואַנט, ווער אַ קישן, ווער אַן עמער מיט שטוב־זאַכן, מיט אימהדיקע געוואַלדן, מיט פֿונאַנדערגעלאָזענע האָר, לויפֿן זיי פֿון פֿייער, גאַס־אויס, גאַס־איין. קליינע קינדער, האַלטנדיק זיך אָן די מאַמעס שירצן, גרעסערע, העלפֿנדיק דער מאַמען די פּעקלעך טראָגן, לויפֿן אין דער שוואַרצער וועלט אַריין, מיט געוואַלדן, מיט געוויין. און דאָס פֿייער לויפֿט זיי נאָך, אַרויסשטעקנדיק נאָך זיי זיינע צונגען. מאַמעס טראָגן זייגנדיקע קינדער אין די קישנס, ברידער — קליינע שוועסטערלעך, שוועסטער — קליינע ברידערלעך. מען לויפֿט מיט זיי אין פֿרעמדע שטיבער, זיי אַוועקצולייגן אין פֿרעמדע בעטן, מיט פֿרעמדע קינדער. דאָס פֿייער יאָגט די מענטשן פֿון די הייזער, טרייבט זיי אַרום ווי ווילדע רוחות און טראָגט זיך פֿון דאַך צו דאַך. דאָס פֿייער, אַן אומגעהויערע ווילדע חיה מיט ברייטע, ווייטע ברענענדיקע לאַפּעס, איז געקומען צולויפֿן פֿון וויסטע מדבריות און האָט זיך איבערן שטעטל געלייגט, צו פֿאַרניכטן אַלץ, אַלץ...

יידן, גוים שלעפּן עמערלעך וואַסער, גייען מיט אַ געוואַלד און גיסן דאָס וואַסער אין פֿייער אַריין: דאָס פֿייער טרינקט עס אויס מיט אַ לעכערדיקן קנאַק און טוט זיך ווייטער דאָס זייניקע. טייל מענטשן, נישט צו וויסן וואָס צו טאָן, כאַפּן פֿענצטער, טירן און לויפֿן דערמיט אין דער וועלט

אַריין. ווילדע מאַמעס לויפֿן אין פֿייער מיט צעוואָרפֿענע האָר, פֿאַרוואָר־פֿענע קליידער. זיי לויפֿן און שרייען: „מיינע קינדער"!

ווילדע, פֿאַרלאָזטע נאַקעטע קינדער לויפֿן איבער דער גאַס, שלעפּנדיק פּעקלעך און שרייען: „מאַמע! מאַמע!

און די אַלע קולות ווערן פֿאַרטרונקען אין איינעם אינעם קנאַק פֿון פֿייער, און פֿייער שיקט זיינע צונגען פֿון דאַך צו דאַך און לאָזט איבער נאָך זיך איין חורבה נאָך דער אַנדערער.

אין די חורבות בלייבן שטיין הויכע, שוואַרצע קוימענס, עדות אויף דעם אומגליק, וואָס דאָס פֿייער האָט אָנגעמאַכט. טייל באַלעבאַטים, כאַפּנ־דיק ווער אַ האַק, ווער אַ לאָפּעטע, האַקן די ווענט, רייסן די דעכער פֿון זייערע אייגענע הייזער. זיי האַקן אָן רחמנות, ווי עס וואָלט אין זיי אַריינגעקומען אַ ווילדער גייסט צו מאַכן אַ תּל פֿון אַלץ, אַלץ חרוב צו מאַכן.

איינער ברעכט מיט בלויזע הענט די שויבן און לויפֿט דערנאָך מיט צעבלוטיקטע הענט איבער דער גאַס. דאָס פֿייער אָבער ווערט ניט שטילער. די בייזע, פֿייערדיקע לאָפּעס ציט עס פֿון דאַך צו דאַך, און מיט אַ בייזן קנאַק, ווי ס׳וואָלט געוואָלט פֿאַרשטומען דאָס געוויין פֿון די קינדער, פֿון די מאַמעס, פֿונעם עולם, ברעכט עס איין שטוב נאָך דער אַנדערער. די אַלע קולות נעמען זיך צונויף צוזאַמען און הייבן זיך אויף ביזן הימל אַריין... און דער שטאָט־גלאָק האָט אַלץ נאָכאַנאַנד גע־קלונגען און געקלונגען, ווי ער וואָלט געוואָלט ביים פֿייער רחמנות דער־וועקן, וואַרפֿן זיך צו זיינע פֿיס אָדער קלאָגן זיך פֿאַר דער געהיימער קראַפֿט אויף דעם חורבן, וואָס דאָס פֿייער האָט אָנגעמאַכט...

באַלד איז געוואָרן אַ געשריי: „די שול ברענט, די שול!"

און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געלויף פֿון אַלע זייטן. טאַטעס האָבן די הויזגעזינטן אָוועקגעוואָרפֿן, מאַמעס — די זייגנדיקע קינדער, אַלע האָבן זיך אַרום דער קליינער שול אַרומגעשטעלט. אירע הויכע פֿענצטער, וואָס זיינען געווען קעגנאיבער דעם פֿייער, האָבן ווי ליכטיקע לאָמטערנעס געלויכטן. יידן האָבן געקרעכצט, די האָר פֿון קאָפּ געריסן; ווייבער האָבן אַרום אירע בריענדיקע ווענט אַרומגעשטעלט זיך, ווי זיי וואָלטן זיי וועלן מיט זייערע שירצן פֿאַרשטעלן. אַ פּאָר יידן זיינען געשטאַנען און געגאָסן עמערלעך וואַסער אויף די הייס־אָנגעברענטע ווענט. דאָס פֿייער האָט עס מיט אַ קנאַק אויסגעטרונקען און גענומען זיך דאָס זייניקע טאָן.

גויים זיינען אָנגעקומען צו לויפֿן מיט באָסאַקעס און העק, זיינען אַרויף אויף דעם שול־דאַך און גענומען אים רייסן פֿון די ווענט. יידן האָבן זיי ביי די פּאָלעס אָנגעכאַפּט, געבעטן רחמנות. די באָסאַקעס האָבן דאָס

דעכל צעפּליקט, געריסן, און יעדער שטיק בלעך, וואָס מען האָט פֿון דאַך אַראָפּגעשליידערט, האָט פּאַסן געריסן פֿון די יידישע הערצער.

אין דעם, איז דער רב אָנגעקומען צו לױפֿן און מיט גרױס געװײן איז ער צוגעלאָפֿן צו די שול־טױערן. ער האָט פֿאַרהאַקט די טירן, די לאָדן און האָט זײַנע דאַרע, בלײכע הענט אױסגעשטרעקט, אַװעקשטופּנדיק דעם משחית. דאָס פֿײַער איז דורך דעם דאַך געקראָכן, און באַלד איז געװאָרן אַ גרױס געװײן און געשרײ: דער דאַך! און ײדן האָבן די טירן אױפֿגעפּראַלט, די פֿענצטער אױפֿגעהאַקט און אין שול אַרײַן. דאָ האָט שױן דער דאַך אַרום און אַרום געפֿלאַקערט. אין פֿײַער האָט זיך געהערט, װי באַלקנס פֿאַלן אײנער אױף דעם צװײטן. דאָס ברענענדיקע פֿײַער האָט מיט אַ מאָל מיטן קאָפּ קאַפּױער זיך געשטעלט און פֿון אונטן־אױס זײַנע צונגען געשיקט, געשאָסן מיט ברענענדיקע פֿונקען, מיט שטיקער פֿײַער אין דער װעלט אַרײַן. פֿון אַן אױפֿגעהאַקט פֿענצטער האָבן זיך אַ ריס געטאָן רוחות שװאַרצער רױך, אײן רוח איז אין צװײטן מיטן קאָפּ אַרײַן, און האָבן זיך געריסן דורכן אױסגעהאַקטן פֿענצטער אין פֿײַער אַרײַן. אױף אַ מינוט האָבן זײ פֿאַרשװאַרצט דאָס העלע ברענענדיקע ליכט, באַלד אָבער האָט דער רױך זיך דורכגעבראָכן אַ װעג און איז מיט אַ קנאַקערײ אַרױס פֿון פֿײַער אין הימל אַרײַן. און אין דעם געדיכטן שװאַרצן רױך פֿון אױפֿגעהאַקטן פֿענצטער זײַנען געפֿלױגן ברענענדיקע פֿונקען, האָבן זיך געטראָגן שטיקער פֿײַער. און דורכן אױפֿגעהאַקטן פֿענצטער האָבן אָנגעהױבן אַרױסכאַפּן זיך ײדן, אין דעם שװאַרצן רױך און אין די שיסנדיקע פֿונקען, אַרױסראַטעװענדיק װער אַ האַלב־נאַקעטע ספֿר־תּורה, װער אַן אַלטן טליענדיקן טלית, װער אַ שטיק לײַכטער און װער אַ ברעט פֿון אַרון־קודש, און זײַנען דערמיט אין דער שװאַרצער נאַכט אַנטרונען געװאָרן.

די שול האָט געפֿלאַקערט. אײן װאַנט איז אַרױף אױף דער צװײטער. פֿון אינעװײניק האָט זיך יעדן מאָל געהערט, װי דאָס פֿײַער װאַרפֿט פֿון דער הײך מיט אַ נצחון באַלקעס, קלעצער, ברעטער אײנס אױף דאָס צװײטע און עסט זײ מיט זײַנע פֿײַער־צונגען. און אַרום איז אַ ביטערלעך געװײן פֿון די אַרומיקע װײַבער, קינדער און מענער. מען קרעכצט, מען שרײַט, מען ברעכט די הענט. און דער שטאָט־גלאָק האָט אַלץ געקלונגען און געקלונגען, װי ער װאָלט געװאָלט בײַם פֿײַער רחמנות דערװעקן, װאַרפֿן זיך פֿאַר זײַנע פֿיס, אָדער קלאָגן זיך פֿאַר דער געהײמער קראַפֿט. דאָס פֿײַער אָבער האָט די אַלע קולות אין זיך אַרײַנגענומען און אין אײנעם אָפּגעקנאַקט. דאָס איז געװען אַ נצחון־געשרײ פֿונעם משחית, װאָס איז געקומען די גאַנצע װעלט צו פֿאַרניכטן...

גרוי און ערנסט איז דער טאָג אַרויס אויפֿן הימל. ווייט אויפֿן האָ־ריזאָנט האָט דער מאָרגן־שטערן בלוטיק געפֿלאַקערט אין איין העלישן שפּיגל, און זיין רויטער גלאַנץ האָט זיך אָפּגעגלאַנצט אין די גרויע וואַ־סערדיקע כוואַליעס פֿון הימל. עס האָט אויסגעזען, ווי גרויע כוואַליעס וואָסער זיינען געקומען צו שווימען פֿון פֿרעמדע ימים, פֿון ליכטיקע וועלטן, און האָבן איינע נאָך דער צווייטער אין הימל פֿאַרבלאַנדזשעט. און דער מאָרגן וואַשט דעם ניי־געבוירענעם זון, דעם יונגן טאָג, וואָס שטייגט אַרויס פֿון די גרויע כוואַליעס וואָסער, וואַשט אים כוואַליע־אויס, כוואַ־ליע־איין, אַז ער זאָל שיינען, באַלייכטן הימל און ערד.

און די גאַנצע וועלט האָט זיך געוועקט פֿון דעם ליבן שלאָף, די גרעזלעך, נאָך פֿאַרטרונקען אין נאַכט־טוי, האָבן אָנגעהויבן זיך ציען קעגן דער זון; בלומען האָבן אויפֿגעעפֿנט זייערע אייגעלעך, זייערע מיילכעלעך, און האָבן פֿון זיך אַרויסגעהויכט דעם בלומען־ריח, מיט וועלכן זיי האָבן זיך אַ גאַנצע נאַכט אָנגעטרונקען. אַלץ, אַלץ האָט זיך געוועקט, די וועלט האָט פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן דעם נאַכט־שלייער, די נאַכט־קליידער, וואָס זי איז אין זיי מיט דעם וואָלקן־טוי געשלאָפֿן, און מיט דעם שמייכל פֿון אַ כּלה, וואָס וועקט זיך אויף די ערשטע נאַכט נאָך דער חתונה, האָט עס אַלץ געשמייכלט, אָנגעטרונקען מיט ליבע און לעבן...

דאָס פֿייער איז שוין געווען פֿאַרלאָשן. דאָ און דאָרט האָט עס נאָך זיין לעצט ביסל צאָרן אויסגעלאָזט צו אַן איבערגעבליבענער וואַנט, צו אַ פּלויטל, אַ באַלקע, און עס האָט געטליעט און געטליעט, דאָס שטעטל איז אַ חורבן געוואָרן... טליענדיקע קופּעס קוילן, פֿאַרברענטע דעכער, ליגנדיק איבער פֿאַרברענטע ווענטלעך, האָבן זיך געריכערט און גע־ריכערט. דאָ און דאָרט האָט זיך געוויזן אַ האַלב אָפּגעמאָלט ווענטל פֿון אַ צעלייגטער שטוב, וואָס האָט נאָך אין זיך געהאַט אַן אָנגעקלאַפּטע פּאָליצע. אין דער גאַס זיינען אַרומגעפֿלויגן פֿון דעכער צו דעכער פֿעדערן, אונטער די פּיס האָבן זיך געוואַלגערט צעבראָכענע כּלים, שטיקער מעש פֿון לייכטערלעך און שבתניקעס, און אין מיטן דערינען אַ שטיק זיידן שבת־קלייד, אַ טליענדיקע שמאַכטע מיט אַן אָנגערייכערט שייטל. פֿון די גליענדיקע חורבות האָבן די הויכע, שוואַרצע קוימענט אַרויסגעשיינט און האָבן עדות־געזאָגט אויף דעם חורבן, וואָס דאָ איז געווען. דאָ און דאָרט זיינען יידן געשטאַנען און מיט שטיקער אייזן אין די הענט האָבן זיי פֿון די גליענדיקע קוילן אויסגעשאַרט שטיקער צעבראָכענע כּלים, האַלב אָנגעטליעטע קאָלדרעס, פּיס פֿון צעבראָכענע טישן, בענק, און יעדע־רער האָט זיך זיין ביסל באַלעבאַטישקייט צוזאַמענגעראַבלט. מאַמעס זיינען

אַרומגעלאָפֿן אין די הייזער מיט געבראָכענע הענט און האָבן צוזאַמענ־געקליבן די פּיצלדיקע קינדערלעך, וואָס זיי האָבן ביי נאַכט אין פֿרעמדע הייזער, אין פֿרעמדע בעטן געלייגט. מיידלעך זיינען אַרומגעלאָפֿן און פֿון פֿרעמדע הויפֿן דאָס ביסל באַלעבאַטישקייט, וואָס זיי האָבן עס ביי נאַכט צעוואָרפֿן, צוזאַמענגעקליבן, געלייגט אַ פּעקל צו אַ פּעקל און אויף זיי די פּיצלדיקע קינדערלעך אַרויפֿגעזעצט. קליינע יינגלעך האָבן פֿון פֿייער אויסגעגראַבלט די האַלב־פֿאַרברענטע ספֿרים, אויסגעזוכט צע־טרעטענע שמות, געקושט זיי, צוזאַמענגעגומען און אין דעם איבערגעבלי־בענעם בית־המדרשל געטראָגן.

און דער ליכטיקער טאָג און די ליכטיקע זון, וואָס האָבן זיך הער־לעך ווייט און ברייט איבערן הימל אויסגעגאָסן, האָט געשאָטן אויפֿן שטעטל מיט ליכט און העלקייט, נאָר די ליכטיקייט האָט גליענדיקע חורבות, איבערגעבליבענע קוימנס און קליינע קינדערלעך אָן אַ היים באַלויכטן און באַהעלט.

און דאָ און דאָרט איז ביי זיין טליענדיקער חורבה אַ ייד, אַ באַ־לעבאָס געשטאַנען און געצויגן פֿון פֿייער נאָך נישט קיין גאַנץ־פֿאַר־ברענטע באַלקעס, ברעטער, און דאָס גליענדיקע מיט וואַסער געלאָשן, און ער האָט זיך געלייגט אַ באַלקע צו אַ באַלקע, אַ ברעט צו אַ ברעט און געמאַכט שוין פּלענער אין מוח ווי זיין צעפּירטע נחלה אויף די פֿיס צו שטעלן...

אַרום איבער די פֿעלדער זיינען האַלב־נאַקעטע ווייבער געלעגן, האַל־טענדיק אין די שירצן זייערע זייגנדיקע קינדער. אַרום זיך האָבן זיי גע־האַט די צונויפֿגעלייגטע פּעקלעך און קינדער, און די זון האָט דאָס אַלץ באַגאָסן מיט ליכט.

*

צווישן די באַלעבאַטים אין שטעטל האָט מען אין דער שטיל גע־רעדט, אַז גאָט האָט זיך אָן דעם רבס קריוודע אָנגענומען, און זיין צאָרן אויף די שטיינער און העלצער אויסגעגאָסן...

קאַפּיטל זעקס

# אין מיטן וועג

דאָס שטעטל הייבט אָן איינציקווייז קומען צו זיך. אַלטע באַלעבאַטים ווערן נישט פֿאַרפֿאַלן, און שטאָט ווערט צוריק שטאָט. פֿון די בערג אַש האָט מען די האַלב־פֿאַרברענטע ברעטער אַרויסגעשאַרט, און ווי איינער האָט געקענט האָט ער זיין נחלה מיט ברעטלעך צוזאַמענגעקלאַפּט. און שטאָט ווערט צוריק שטאָט. ביי ר׳ יחזקאלן האָט מען דערווייל אָנגעהויבן קלייבן זיך אויף תּנאים. לאהלע די כּלה האָט פֿון גאַרנישט געוואוסט. זי איז געזעסן ביים פֿענצטער יעדן פֿרימאָרגן און האָט זיך צום רבינס בחורל, צו אַברהמלס לערנען איינגעהאָרכט, וואָס האָט זיך אין גאָרטן אין איינעם מיט דעם בלומען־געשמאַק אויסגעמישט, האָט אין איר פֿריש, ריין חדר אַריינגעדרונגען, איבער איר געזיכט געפֿאָכעט, און אויף אירע באַקעטע, יונגע בריסט געבלאָזן. דאָס תּנאים־גרייטן האָט מען אין דער קיך אָנגעזען.

פֿון הינטער דער ערד האָבן מומעס, באָבעס זיך געיאָוועט און זיך גענומען צום אָנגרייטן. פֿון ר׳ יחזקאלס שטוב צו דער בעקערינס קעלער האָט אַ סטעזשקע מעל זיך געווייסט אויף די שטיינער...

דאָרט, וואו ר׳ יחזקאל וואוינט איז פֿאַראַן אַ ליק. אין דער ליק ציט זיך אַ שערענגע געבויטע הייזער, אָדער איין הויז מיט פֿיל־קאַנטיקע דעכער, איינער איבערן צווייטן. קיין הויף צו די הייזער איז נישטאָ, און אין גאַנג ווייסט אויף וואָס פֿאַר אַ גרונט זיי שטייען. דאַכט זיך, גאַרנישט אויף גאָטס ערד... די הייזער געהערן צו פֿיל באַלעבאַטים, און צו קיינעם נישט. עס הייסט, אַז אַזוי שטייען די שטיבער ליידיק אָן איינוואוינער, מיט אויסגעהאַקטע שויבן, נאָר קוים וויל אַ „יורש" זיך אַריינציען, קומען זיך צו יאָווען צענדליקער אַנדערע יורשים מיט פּאַפּירן און מעטריקעס און ווייזן אויף, אַז די שטיבער געהערן צו זיי. דער גורל איז געפֿאַלן אויף איינעם אַ לייבוש פּוטערמילך, וואָס נישט־געשטויגן, נישט־געפֿלויגן קומט צו אים זשענזשע סטראַזשניק און רייסט ביי אים פֿיר מיט אַ האַלבן רובל „פּאַדאַטקעס" יערלעך. דער לייבוש

פּוטערמילך איז נישט קיין גואל, נישט קיין קרוב, נאָר גיי טענה מיט זשענזשען, אַז זשענזשע ברענגט די פּאַפּירן און נעמט די שבת־לייכטער־לעך אַוועק. און דער בידנער לייבוש מוז יעדן טאָג, נעבעך, קומען מיטן בעזים אַוועקקערן פאַר אַ פרעמדער טיר. איצט דולט מען אים אַ קאָפּ מיט אַ פּייער־וואַנט, און ער שלעפּט זיך אָפּ פון טאָג צו טאָג. דאָס גאַנצע שטעטל בעט, אַז עס זאָל קומען אַ פייער און די הייזלעך זאָלן איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָפּברענען, וואָלט שוין איין מאָל אַ סוף געוואָרן צו די מחלוקות. ייִנגלעך אין חדר ווינטשן זיך: אוי, הלוואַי פּלאַקערט־אויס אַ פּייער אין מיטן העלן טאָג, און מען אַנטלויפט פון חדר. נאָר ווייל די שטאָט בעט, ווייל דאָס פייער דווקא נישט קומען.

דאָרט, הינטער די הייזלעך, וואָס הענגען אין דער לופט, איז פאַראַן אַ קעלער, וואָס אַז מען קומט אַריין אין אים, דאַכט זיך, אַז ער פירט אין באַהאַלטענע וועלטן אַרונטער. דאָרט, אין דעם קעלער, איז פאַראַן אַ בעקער־אויוון פון תּרח׳ס צייטן. יידן גלייבן, אַז אין דעם אויוון זיינען איינגעמויערט פיל קופּערנע טעפּ מיט גאָלדענע רענדלעך, נאָר מען האָט מורא דעם אויוון צו רירן, אַז דאָס גאַנצע הויז, וואָס איז אָנגע־לענט אויפן אויוון זאָל נישט איינפאַלן און מענטשן הרגענען. פון אויוון גרילט עס שטענדיק אַרויס — סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט. מענטשן זאָגן, אַז דעם בעקערס נשמה וווינט דאָרט שטענדיק און האָט קיין רו נישט...
אין קעלער דאָרט וואוינט אַ יידענע, אַן אַלמנה, שרה די בעקערין מיט זעקס טעכטער יתומות. אייך גאָט ווייסט, ווי אַרום איז די יידענע אַריינ־געקומען אין קעלער, נאָר אַז זי וואוינט — וואוינט זי שוין. אויף דער צווייטער זייט קעלער וואוינט אַ ייד אַ וואַטע־מאַכער, וואָס פאַרפּעדערט די גאַנצע גאַס, און וואָס די חדר־ייִנגלעך רופן אים „דזוואָן! דזוואָן!״ — און דער ייד יאָגט זיי מיט אַ שטעקל. דער ייד האָט אַזאַ טבע יעדן שבת־צו־נאַכט, אין די זומער־שבתים, אויף טויט אַוועקצופאַלן און שרעקן די שטאָט: די כאָלערע... און מען לויפט נאָך חיימל קונצנמאַכער, אַז ער זאָל קומען מיטן שמעק־פלעשעלע.

אָ, די זומערדיקע דאָנערשטאָגס ביי נאַכט, דאָרט אין ליקל! ווען צו די זעקס „יתומות״, וואָס איינע איז גרעסער פאַר דער צווייטער, קומען אָנצולויפן די שטאָט־יונגען, שניידער, שוסטער־געזעלן. זומער־נאַכט נאָך דער אַרבעט, די נאַכט איז פינצטער, די לאָדן זיינען פאַר־מאַכט, און די געזעלן דרייען זיך אַרום מיט די חול־המועד־שטעקעלעך אַהין און צוריק. יעדן מאָל קומט צו ווייזן זיך אַ יתומה פון קעלער, וואַרפט אַ בליק, דערכאַפּט זי אַ קוש, אַ לעק, אַ טאַפּ פון אַ יונג און ווערט צוריק פאַרשוואונדן אין קעלער אַריין...

דאָרט איז היימלעך געווען אין די שבועות־נעכט, ווען דאָס שטעטל יידן פֿלעגן אין שול זיין ביים תּיקון, און דאָס שטעטל ווייבער, מיידן ביי דער בעקערין פּוטער־קוכנס צו באַקן. און יונגען האָבן זיך געדרייט, און די לבנה האָט מיט אַ האַלב אויג צוגעשיינט... און אַלץ האָט אין דער האַלב־פֿאַרטרונקענער נאַכט זיך געטונקען...

אין דעם קעלער האָט מען זיך צוזאַמענגענומען דאָס געבעקס צו באַקן צו די תּנאָים. עס זיינען אָנגעקומען מומעס, באָבעס. רחל־לאה מיט די וואָרצעלעך אויף דער גאָמבע — זי איז איבער אַלע. זי האָט מיט־געבראַכט פֿון דער היים דעם גרויסן מערזשל מיטן שטייסל און האָט דריי טעג כּסדר געריבן, געשטויסן און געמאָלן. עס זיינען אָנגעקומען צו לויפֿן אייניקלעך פֿון דער גאַנצער וועלט און האָבן געכאַפּט אויס דעם מערזשל און זיינען אַנטרינען געוואָרן... פֿון אַ הויכן בוידעם האָט מען אַראָפּגענומען פֿאַרשיידענע בראָט־פֿאַנען מיט צענערליי פֿאָרמעלעך צו קיכלען מגן־דודלעך, פֿייגעלעך, קאַטשקעלעך און גלאַטע „האַמבורגער" קיכעלעך מיט זיבן שפּיצלעך. רחל־לאה האָט פֿון איר קאָפּ אויסגעקלערט פֿאַרשיידענע אַזעלכע שמאַכטעס מיט שפּיצלעך און קאַנטן. פֿאַר יעדער כּלה, וואָס זי האָט פֿאַר איר דאָס געבעקס געבאַקן, האָט זי אַ באַזונדער חנדל אויסגעקלערט, דירעקט פֿון דער כּלהס־וועגן, לויט איר מזל נאָך.

דאָס געבעקס האָט מען איינגעפּאַקט מיטצונעמען „אין וועג אַריין" צו דער תּנאָים. ר׳ יצחק יודלס איז דורך דער צייט אין ר׳ יחזקאלס שטוב אַ גאַנצער באַלעבאָס געוואָרן, ער האָט זיך מיט ווייב און קינד אַריינגעצויגן. און חיימל קונצנמאַכער, דאָס ווייבערשע יידל, שלאָפֿט אַפֿילו שוין ביי נאַכט דאָרט. און די ווייבער לויפֿן שרייען, אַלע זיינען פֿאַרטאָן, ווי מען וואָלט יעדערער פֿון זיי אַ פּעקל אויף דער האַנט געלייגט, און זי ווייס נישט וואו זיך דערמיט אַהינצוטאָן.

צום שפּעטסטן זיינען געקומען איטעלע און הינדעלע, די שנור מיט דער טאָכטער. זיי האָבן אַ טבע זיך לאַנג צו לאָזן בעטן, און זיי זיינען אַריינגעקומען ווי פֿון הימל אַראָפּגעפֿאַלן. עס הייסט: זיי הייבן גאָרנישט אָן צו וויסן פֿון קיין פּותר און פֿון קיין חלום, און פֿרעגן זיך תּמעוואַטע: וואָס מאַכט מען דאָ? הייבט די מאַמע אָן דערציילן, ציען זיי „פּשעטשע" די אַקסלען אויף, זעצן זיך צום סוף אַנידער יעדערע אין איר ווינקל אַריין, פֿאַרקרימען די שנעבלעך און ווילן זיך נישט „מישן".

— וואָס זייט איר ברוגז? — בעט זיך די מאַמע און די שוויגער.

— איך בין ברוגז? — מאַכט אַ חנעוודיק שנעבעלע איטעלע און גיט אַ דריי אַוועק מיטן קאָפּ.

— איך בין ברוגז? — גיט הינדעלע אַ חנעוודיק שמייכעלע, און אַ לאַק גיט זיך איר אַ וואָרף איבערן שטערן.

און מען זיצט ווי אָנגעזאָטלט און מען קוקט פֿון דער ווייטנס זיך צו, וואָס די מאַמע מיט די יידענעס טוען, און מען רופֿט זיך, הייסט עס, קיין וואָרט נישט אָן.

די מאַמע דרייט זיך, לויפֿט אַהין און אַהער און קוקט דער שנור מיט דער טאָכטער אין די אויגן אַריין, ווי זי וואָלט מורא האָבן: ווייס איך? גוט אַזוי?

— וואָס זאָל מען דער כּלה אָנטאָן? — פֿרעגט די מאַמע.

— ווייס איך? זאָל ז י זאָגן, — וואַרפֿט הינדעלע מיט אַן אויג צו איטעלען.

— זאָג איר, אַז זי זאָל זיך פֿאַרדרייען איר קאָפּ — באַפֿעלט איטעלע דער מאַמען.

די מאַמע הייבט זיך אויף פֿון די קאַסטנס, אין וועלכע זי פּאַקט די קליידער איין, און פֿאַרלייגט די הענט ביי די באַקעס:

— אַהאַ, איך מאַך דאָך שוין פּשעטשע אַ שטיקל שמחה!

*

אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן האָט מען די פֿור געשפּאַנט, אין דאָרף געפֿאָרן, וואו עס האָבן געזאָלט זיין די תּנאָים אין מיטן וועג.

נאָטע האָט אויסגעצירט די פֿערד, איינגעבונדן זיי בלויע און רויטע סטענגעלעך אין די געפֿלאָכטענע האָר אויף די רוקנס, אַרונטערגעבונדן די ווידלען. הינטער דער שטאָט האָט ער אַ האַלבן בוים אָפּגעבראָכן און אַרום די פֿור מיט בלעטער באַפּוצט, אַז עס זאָל שיין אויסקוקן.

אויף דעם ערשטן וואָגן זיינען געזעסן די מאַנספּאַרשוינען. דער רב מיט ר׳ יחזקאלן, עוזר און לייבל, ר׳ יצחק יודלס מיט ר׳ שמעיהן, דעם אַלטן שמש פֿון רבין, וואָס טראָגט דעם רבינס איבערגעגאַנגענע קליידער. נאָענטע און ווייטע קרובים אין סאַמעט־היט האָבן גערויכערט, ווי חול־המועד, סאַמע ציגאַרן. אויף די אַנדערע וועגן זיינען געזעסן די ווייבער מיטן געבעקס און „אָנגרייטעכץ״. ביי דער כּלה פֿון ביידע זייטן הינדעלע און איטעלע; ביידע עפּעס אָנגעטאָן אין אַזעלכע מיני רונדיקע, קליינע קאַפּעלושלעך, געפֿלאָכטן פֿון שוואַרצער שטרוי און באַפּוצט מיט שוואַרצע קאַראַנקעס, אַרויפֿגעזעצט אויף די שפּיץ קעפּ, און אַזעלכע מיני פֿעדערן, עפּעס גילגולים פֿון אַמאָליקע פֿאַרצייטישע מאָדעס... הינדעלע האָט די לאָקן פֿון שייטל אויסגעפּרעסט און אויסגעלאָקט „פּאַ וואַרשאַווסקו״,

פֿאַרוואָרפֿן אין דריי שפּיצן אויפֿן הויכן, גלאַנצעדיקן שטערן. מיט די גאָלדענע אויריגגען און הייגטמאָדישע קייטעלעך מיט די קאַליעס אויף די העלדזער, מתּנות פֿון זייער כּלה־צייט, ווען מען האָט זיי געהאָט גע־פֿירט „אין מיטן וועג״, האָבן זיי זיך דערמאָנט אין זייער צייט — און האָבן מיט די קעפּ צוגעשאָקלט... די מחותּנתטע מלכּהלע איז געזעסן צווישן די מומעס, וואָס זיינען אין די בלויע, שבתדיקע, זיידענע הייבן מיט די בענדער אין די טערקישע שאַלן געזעסן שטיל; די דאַרע פֿאַר־לייגטע ליפּן אַריבערגעצויגן איבער די יאַסלעס אָן ציין, האָבן זיי פֿאַר גרויס גדולה אַ וואָרט מורא געהאַט אַרויסצורײדן. און די מחותּנתטע מיט אַ פֿולער שירץ לעקעך האָט זיי יעדן מאָל פֿאַרשטופּט מיט עפּעס אַנדערש די מיילער. און די כּלה, די כּלה אַליין, איז זיך געזעסן צווישן איטעלען און הינדעלען, שוין אין אַ הייגטמאָדישן קאַפּעלוש און די צעפּ שוין אין אַ קוילעטש פֿאַרלייגט, רויט־טויט, און האָט, נעבעך, נישט געוואוסט וואו די אויגן אַהינצוטאָן. הינדעלע האָט איר אָנגעזאָגט און אָנגעזאָגט, ווי זי זאָל זיך פֿירן „אַנשטענדיק״, ווי זי זאָל דאַנקען, אַז מען וועט איר חתימה־געלט געבן, און ווי זי זאָל ענטפֿערן דער מחותּנתטע, אַז מען וועט זי עפּעס פֿרעגן, און „רעה״ איטעלע האָט אַלע מאָל שטעכעדיק צו הינדעלען די אויגן אַהינגעוואָרפֿן.

צו ווייזן זיך פֿאַר די מחותּנים האָט מען מיטגענומען די לוּוויטשער רביצין, אַן אַלטע מומע, אַ יידענע מיט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ ווי אַ שעפּס, אין אַ קאָפּקע, און אַ ברייט קלייד מיט אַ שפּאַר קישעלע פֿון הינטן... אוי וויי! די יידענע האָט געטאָן אָן דין. קודם־כּל האָט זי אָנגענומען דאָס ווייבערשע יידל, וואָס האָט זיך אויך מיטגעכאַפּט מיט דער פֿור ווייבער, צווישן די אַלטע מומעס, דאָס האַרץ זיך צו דערכאַפּן — און אַראָפּגעוואָרפֿן אים פֿון וואָגן (פֿאַר איר איז ער נאָך גענוג מאַנספּאַרשוין). דערנאָך האָט זי די גאַנצע צייט די כּלה איינגערוימט אין אויער און אָנגעזאָגט איר, אַז דאָס מיידל, נעבעך, איז ווי אַ פֿלאַב־פֿייער רויט געוואָרן פֿאַר בושה.

דאָס ווייבערשע יידל איז אַ שפּאַר שטיקל וועג נאָך דער פֿור נאָכ־געלאָפֿן, דערנאָך, אַז די לאָוויטשער רביצין האָט אַזוי לאַנג געשאָקלט מיט איר אָפּגעגאָלטער גאָמבע ביז זי האָט איינגעדרימלט, האָט ער זיך פֿון הינטן־אויס אויפֿגעכאַפּט, אַריינגעשטעקט אין וואָגן אַריין דאָס פּיר־קאַנטיקע, געקנייטשטע שבתדיקע צילינדערל און אַזוי, אָנהאַלטנדיק זיך אין די לייסטן פֿון וואָגן, האָט ער אויך איינגעדרימלט, און דאָס צילינ־דערל האָט דער לאָוויטשער רביצין אויף אַלץ צוגעשאָקלט...

אַזוי זיינען די פֿורן אָנגעקומען צו דער קרעטשמע.

*

די יידישע קרעטשמע איז געשטאַנען צווישן צוויי וועגן, וואָס שיידן זיך און גייען אָפּ אין פֿאַרשיידענע צוויי שטעט פֿון צוויי גובערניעס, וואָס אין יעדערער פֿון זיי געפֿינט זיך אַ רבי. חסידים מיט פעקלעך אויף די פלייצעס, מיט די שטעקעלעך אין די הענט טיילן זיך אָפּ, און גייען צווישן די גרינע גרעזער אין די צוויי וועגן, און שיסן זיך אַריבער שטיינער פֿון איין וועג צום צווייטן. אורחים, די, וואָס גייען אין די מדינות, קומען אָן פֿון ביידע זייטן וועג פֿון פֿאַרשיידענע שטעט און שטייגן אָפּ אין קרעטשמע אויף נאַכטלעגער. אין דעם „טראַקט" איז דאָ אַ באַזונדער שטיבל פֿאַר זיי, וואָס אין דעם שטיבל געפֿינען זיך וואַנצן און אַנדערע קליינע ווערימלעך...
פֿון פֿאַרשיידענע מדינות. דאָרט טרעפֿט מען זיך פֿון רייסן און זאַמאַש און די אורחים דערציילן מעשיות, וואָס האָט זיך מיט זיי געטראָפֿן אין זייער וואַנדערן. די באַלעגאָלעס מיט די לאַנגע, גערדיכטע, קאַלטענעוואַטע בערד, וואָס פֿאַרהילן אין זיך דאָס גאַנצע פּנים, מיט די פּיפּקעלעך אין מויל, די, וואָס זיינען איינגעהילט אין די דיקע באַנדעס, אין די גרויסע שאָפֿן פעלצער מיט די גרויסע קעלנער, און פֿירן די גרויסע וועגענער מיט קאַלך און נאַפֿט, סמאָלע און דזשעגעכץ; די וועגענער מיט די גרויסע שטור־קאַצן, וואָס פֿלאַקערן פֿאַרנדיק ביי נאַכט, און זאָגן אָן פֿון דער ווייטן, שטעלן זיך דאָרט אָפּ אין דער קרעטשמע אונטערפּאַשען. דאָרט טרעפֿן זיך יידן פֿון פֿאַרשיידענע געגנטן, פֿון פֿאַרשיידענע מדינות, און דערציילן, וואָס ס'טוט זיך ביי זיי אין לאַנד, וואָס עס הערט זיך מיט יידן, און ווי ס'גייט דאָרט אַחינו בני־ישראל.

עס איז פֿאַרנאַכט. דער הימל איז צעהאַקט אויף טויזנטער שטיקלעך. ווייסע פֿליסנדיקע וואָלקנדלעך מיט בלויע העלע אינדזלען שווימען אַרום אין העלן גליענדיקן ים. און דער ים, וואָס גייט אַרונטער אין אַ רויט געש־טאַלט, פֿליסט אָפּ אין מערב־זייט. פֿאַר דער קרעטשמע שטייען פֿורן, הויכע וועגענער מיט ביידלעך, אָנגעלאָדן מיט סחורה אַזש די אָקסן ברעכן זיך אונטער די רעדער. יידלעך פֿירן איבער די סחורה פֿון איין מדינה אין דער צווייטער אַריין. די פֿערדלעך זיינען אויסגעשפּאַנט, פּאַשען זיך און קלערן גוט אַריין אין דער גרויסער קאָרעטע, וועלכע שטייט פֿאַר זיי, ווי זיי וואָלטן געקלערט, פֿון וואַנען כוחות צו נעמען די סחורות איבערצופֿירן.

יידן זיינען איין פֿאָלק פֿון איין גאָט, און אַלע וואַרטן אויף איין משיחן, נאָר יעדער שטעטל האָט זיין טעם, זיין מיין, בעסער געזאָגט, זיין הנדל, גיסט עס אויס אויף זיינע איינוואוינער. אָט ליגן דאָ גלייכע יידן אויס־געצויגן און שלאָפֿן אין וואַרעמען זיך אין דער זונס לעצטע שטראַלן, און דער קאָרזש, וואָס גייט אויף פֿון וועג באַדעקט זיי גלייך צו, און אויף די

פֿערדלעך, אויף דעם געשפּאַנעכץ, אויף די וועגענער ליגן אויסגעגאָסן באַזונדערע חנדלעך, שמאַכטעלעך פֿון די פֿאַרשיידענע שטעט... אויף דער שוועל פֿון דער קרעטשמע זיצט אַ ליטוואַק, עפּעס אַ מאָדנער ייִד, מיט אַזאַ העמדל, אין אַ קורצן ראָק, וואָס זעט דאָך אויס ווי אַ קאַפּאָטע, אין אַ הוט מיט אַ הויכן דעניק. עס איז אַ זומערדיקע היץ און דאָך טראָגט ער אַ פּאָר טיפֿע קאַלאָשן, אַנגעקומען פֿון גאַנץ ווייט, דאָ אָפּגעשטייגט אויס־צורוען זיך און איבערצונעכטיקן, און ער דערציילט די ייִדן, וואָס ס׳טוט זיך ערגעץ וואו גאַנץ ווייט, העט, העט אין דער ליטע, מיט אחינו בני ישראל. ווי אחינו בני ישראל לעבן אָפּ אין דחקות און נויט. און אַזאַ למדן איז ער, דער ליטוואַק! רעדט לשון קודש ווי אַ וואַסער, נאָר ער רעדט אַזוי ליטוויש. ייִדן האָבן דרך־ארץ פֿאַר אים, קרעכצן: „וואָס דען, מיר קענען?״... נאָר אין האַרץ גלויבן זיי אים עפּעס נישט, אַ ליטוואַק, באַלד, באַלד וועט ער זיי אָפּנאַרן. און ער רעדט דאָך מיט זיי אַזוי ווייך, און אַזוי פֿרום איז ער, אַזוי לאַנג געשטאַנען שמונה עשרא ביי מנחה, נאָר געשאָקלט האָט ער זיך נישט... און ווער ווייס, וואָס ער טראָגט אונטערן האַרץ...

עס באַווייזט זיך פּלוצלינג אַ וואָלקן קאָרזש, אויפֿגייענדיק פֿון ביידע וועג און לייגט זיך געדיכט איבער די פֿעלדער. דער וואָלקן קאָרזש קומט נענטער אָן, לויפֿט פֿאַרויס, באַלד צערייסט ער זיך אויף שטיקלעך. עס הערט זיך אַ קנאַלן פֿון בייטשן. באַלד פֿאַרפֿאַרט מען פֿאַר דער קרעטשמע: פֿורן, אָנגעשטאָפּט מיט מחותנים אין סאַמעט־היט, מחותנתטעס אין ברייטע קליי־דער, מיט בראָנפּן און לעקעך. מען איז אַראָפּ פֿון די וועגענער. דאָרט, אויף חתנס צד, עפּעס מאָדנע ייִדן, פֿון אַן אַנדערער מדינה, מיט לאַנגע און קורצע בערד. דאָרט, אויף זייער צד, איז אויך דאָ אַ הויכער, הויכער ייִד, אַ מין ר׳ יצחק יודלס, מיט אַ שמאָלער, לאַנגער באָרד. און שמאָלע, לאַנגע הענט, וואָס שטופּן אַלעמען אָפּ, און ער איבערשרייט אַלע. מען האָט זיך שלום־עליכם אָפּגעגעבן, די מחותנתטעס דאָס ערשטע מאָל זיך געזען, און דאָס ערשטע מאָל זיך צעקושט. די לאָוויטשער רביצין האָט אַלעמען גע־דוצט, און באַלד אַלעמען אויפֿן אָרט מוסר געזאָגט.

די פֿורמאַנעס האָבן די פֿערד אויסגעשפּאַנט. די פֿערד אַבראַק איינגע־שיט, די הענט צוגעלייגט אויף די באַקעס, און האָבן מיט גאווה פֿון איין צד צום צווייטן אַריבערגעקוקט, און „גוטע ווערטלעך״ און „גלייכע ווערטלעך״ זיך אַריבערגעשיקט, גאַרנישט, גלאַט אַזוי „שלום־עליכם״ אָפּגעגעבן זיך.

די מחותנים זיינען אין דער שטוב אַריין.

אין שטוב מיט זייער אַ נידעריקן באַלקן, מיט קליינע פֿענצטערלעך הויך ביים באַלקן זיינען געווען די מאַנספאַרשוינען. איבער דער שטוב האָט זיך אַרויף און אַראָפּ געדרייט ר׳ מרדכי קאַנסקעוואָליערס בחורל,

אברהמל. ער איז דורך דער צייט העכער געוואַקסן, מיט אַ פּאָר שפּראָצנדיקע שוואַרצע באַקן־בערד, אין אַן אַטלעסן קאַפּאָטעלע מיט אַ זיידן גאַרטעלע, אַ שוואַרץ־חנעוודיקער, עס שניידט זיך אויס אים אַ צווייטער טאַטע, צוויי לאַנגע, שוואַרצע, געקרייזלטע פּאותלעך. מען האָט אים שלום עליכם אָפּ־געגעבן. ר׳ יצחק יודלס איז צו צו אים און האָט מיט אים גערעדט שוין ווי מיט אַ דערוואַקסענעם יונגגמאַן. דער בעל הקרעטשמע, וואָס האָט לכּבוד די מחותּנים די הויכע, גרויסע, פּאַראָסטע שטיוול אָנגעטאָן, וואָס אַ גאַנצן זומער ליגן זיי פאַרוואָרפן אין קאַלטן קעלער,האָט צוויי גרויסע ליכט אויפן גע־דעקטן טיש אָנידערגעשטעלט און איז אַרויס. מחותּנים האָבן אָנגעהויבן זיך באַקענען. ביי די מאַנספּערשוינען גייט עס איינס־צוויי, מען גיט זיך די הענט, שלום עליכם, און אַן עלטערער זאָגט דעם ייִנגערן „דו״. און ווידער אַרום, זיי זיינען דאָך „משלנו״, ר׳ מרדכי קאָנסקער רבינס אַ חסיד (האָט דאָך דער רבי ר׳ שמעיהן געשיקט). דער למדנישער עולם איז באַלד אַרויס אין אַ שאַרפן שמועס פון לערנען, ר׳ יצחק יודלס האָט מיט יענעם הויכן ייִד, דעם חתנס מלמד, שוין ביי די בערד געהאַלטן און איינער דעם אַנדערן האָט געגעבן עפּעס צו פאַרשטיין. מען האָט זיך געזידלט און מיט ציגאַרן איינער דעם אַנדערן מכבד געווען. דער ר״ב האָט אויך זיך אַריינגעמישט, נאָר ער האָט זיי נישט געקענט נאָכאיילן. חסידים האָבן אים דורכגעלאָזט, אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. דערווייל איז אָנגעקומען עוזרל און האָט אויך אַן אויער אונטערגעשטעקט און מיט דעם שטערן געקנייטשט און יעדן מאָל מסכּים געווען, די אויגן פאַרמאַכט: יאָ, יאָ, עס איז דאָך אַזוי...

מען האָט זיך גענומען דעם חתן צו פאַרהערן. דער חתן האָט געזאָגט אַ מפּולפּלדיק פּשטל מיט בקיאות, אויסגעמישט איין גמרא מיט דער צווייטער, און אין איין וועגס פאַרענטפערט אַ האַרבן רמב״ם. דאָ און דאָרט אָנגע־טשעפּעט אַ פּני־יהושע, מיט אַ מאָל האָט ער זיי בײדע אַוועקגעוואָרפן און געפרעגט אַ קשיא: „חלב מנין דשרי?״ און אויסגעמישט שחיטת־חוץ מיט אבר מן החי. ר׳ יצחק יודלס האָט אים אַלץ געוואָלט כאַפּן אויף דער ווענט־קע. ער האָט זיך אַרויסגעדרייט, זיך נישט געלאָזט, זיך געוואָרפן, גע־פאַלן און שטענדיק געבליבן שטיין אויף די פיס.

מיט אַ מאָל גיט זיך דער רב אַ מיש־אַריין מיט אַ גמרא און הייסט דעם חתן זאָגן אַ שטיקל „אויפן אָרט״, בלויזע גמרא מיט רש״י. אַברהמל, דאָס בחורל, הייבט אָן צו זאָגן, נאָר אין דעם גיט אַ לויף צו ר׳ אָשר ישכרס, דער הויכער, הויכער ייִד, דעם ייִנגלס מלמד, און גיט אים אַ נעם אַוועק פון דער גמרא: „קיין פרעמדע דאַרפן מיר נישט״ — גיט ער אַ געשריי צום רב. ר׳ יצחק יודלס קוועלט, עוזרל האַלט־מיט מיט זייער צד. ר׳ יחזקאל וויל זיך אַרייַנמישן, נאָר ער האָט דרך־ארץ פאַר יידן־למדנים. דער רב

בלייבט שטיין, עס ווערט אַ גערודער, מען קריגט זיך, און אַלע ווערן פֿאַר־הילט אין קלאָמבן רויך פֿון ציגאַרן, פֿון ליולקעס טאַבאַק, וואָס האָבן אָנ־געפּילט דאָס שטיבל, און די קלאָמבן רויך האָבן אָנגעפּילט דעם אָפּענעם פֿענצטער, אין גאַטס שמעקעדיקן חלל אַריין...

אין אַ ווינקל שטוב זיינען געזעסן די צוויי אַלטע באַלעבאַטים, ר׳ יחזקאל און דער מחותּן, ר׳ חיים ראָזנקראַנץ. די צוויי אַלטע, גרויע קעפּ, די צוויי אַלטע, גרויע בערד האָבן געהערט ווי יידן חסידים קריגן זיך איבער גאָטס תּורה. חסידים האַלטן פֿאַר ס׳זייערע, איינער פֿאַרן צווייטן. געהערן צו איין דאַך, יידן האָבן עפּעס שותּפֿות, — אָט זייערע קינדער, זייער עוזרל, ווי ער מישט זיך. און דאָס בחורל, דער חתן, ווי עס שיט זיך אים פּערל פֿון מויל, דברי־תּורה; ער מישט זיך מיט זיי, שפּאַרט זיך מיט יידן מיט גרויע בערד, און קומט זיי ביי. ביי דעם אַלטן ר׳ יחזקאל אין די אויגן ווייזן זיך טרערן. דאָס אַלטע, פֿאַרטריקנטע האַרץ ווערט עפּעס אָנגעפּילט מיט ליבע, נייע געפֿילן, ער נעמט זיך צום מחותּן:

— נו, מחותּן, אַז גאָט האָט אונדז מזכּה געווען... מיר קענען נישט — קענען דערפֿאַר אונדזערע קינדער — און צוויי אַלטע בערד צעקושן זיך אין אַ טונקל ווינקל...

און דאָ ווערט וואָס־אַמאָל מער די שטוב פֿאַרטרונקען אין רויך, וואָס שטייגט אויף פֿון גערדיכטע בערד, פֿון גערדיכטע וואָנצעס, און נעמט דאָס שטיבל איין. סאַמעט־היט, שטריימלען וואַרפֿן זיך אין רויך אַהין און צוריק. די צוויי פֿלאַמען ליכט וואַרפֿן עפּעס אַ נגידיש־חסידישן גלאַנץ און מען הערט ווי יידן שפּאַרן זיך, און דעם חתנס שטים קלינגט ווי אַ גלעקל און שיט מיט תּורה, שפּאַרט אַלע איבער. ר׳ יחזקאל האָט נחת: זיין איידעם וועט עס זיין, הינטער זיין דאַך וועט זיך הערן דאָס קול־התּורה. גייט ער צו צו ר׳ מרדכי קאָנסקעוואָליער, נעמט אים האַלב אַרום, און האַלב האַלט ער זיך צוריק מיט דרך־ארץ:

— מחותּן ר׳ מרדכי, איך וויל פֿון אייך אָפּקויפֿן אייער בחורל, וויפֿל איר וועט פֿון מיר וועלן — און דער אַלטער ייד ווײנט מיט הייסן טרערן פֿאַר גדולה.

די מחותּנים זיינען אַרויס אין גערטנדל אַריין אָפּשמועסן מכּוח נדן.

*

אין דער צווייטער שטוב, דאָרט וואו, דער קרעטשמער מיט דער קרע־טשמערין שלאָפֿן, האָבן זיך די ווייבער צוזאַמענגענומען. די ווענט זיינען געווען באַהאַנגען מיט בילדער, אַלטע סאָלדאַטן און גענעראַלן, און נאַפּאָ־לעאָן איז אויך דאָ געווען, אין איינעם מיט אַ יידן עפּעס מיט אַ פֿרעמד

היטל, אַ פֿעטער פֿון אַ פֿרעמד לאַנד, און איבער די פֿענצטער זיינען גאַרדינ־קעלעך געהאָנגען מיט גרינס אַריינגעשטעקט נאָך פֿון שבועות.

די כלה נאָכן אָפּוואַשן און פֿאַרקעמען די האָר און נאָך דעם ווי מען האָט איר דאָס נייע קלייד אָנגעטאָן מיט די פֿרענדזעלעך, האָט מען זי אויבן אָן אַנידערגעזעצט: זיץ און שווייג! אַרום איר איז דער עולם ווייבער געזעסן שטיל אויף די שטולן, קיין איינע האָט זיך נישט דערוועגט מיט קיין וואָרט זיך אָנצורופֿן, איינע האָט געוואַרט אויף דער צווייטער, און אַז איינע האָט אָפּגעהוסט און איר קול האָט אָפּגעהילכט, איז זי רויט געוואָרן. נאָר די לאָוויטשער רביצין האָט זיך איבער דער שטוב גערדרייט, די הענט פֿאַרלייגט, און איר שפּאָר קישעלע פֿון הינטן האָט איר נאָכגע־שריגן: „בין איך מיר די לאָוויטשער רביצין!” נאָר אַזוי שטיל איז געווען צווישן די ווייבער, אַלע פֿאַרמאַכט די פּיסקער, ווי זיי וואָלטן געוואַרט, אַז ס׳זאָל ווער קומען פֿון דרויסן און זאָל פּלוצים אַ שויב אויסהאַקן... נאָר, מען ווייס נישט ווי אַרום ס׳איז געוואָרן, האָט מען אָנגעהויבן צו שמועסן אָפּגעהאַקטע ווערטער, פֿון צייט־צו־צייט האָט איינע פֿון זיי אַ דייטש וואָרט אַריינגעוואָרפֿן, צו ווייזן זיך... און פֿון דער צווייטער שטוב האָט זיך געהערט „זיין קול”, אין מיטן איבערגעהאַקט פֿון ר׳ יצחק יודלס.

די כלה איז רויט געוואָרן און דאָס האַרץ האָט איר אַזוי געקלאַפּט... און הינדעלע מיט די לאָקן האָט זיך געזעצט קעגנאיבער איר און האָט זיך אויף אַ בעל־הבתישן שטייגער אָפּגעאָטעמט, געבלאָזן פֿון זיך און גע־באָמבלט מיט דער גאָלדענער קייט אויפֿן האַלדז.

דאָרט אין זייער צד איז אויך געווען — איך זאָל אַזוי לעבן! — אַ „הינדעלע” מיט אַן „איטעלע”, צוויי שבירן. זייער הינדעלע איז אַ הויכע, מיט אַ שוואַרצלעך אָפּגעברענט געזיכט, טראָגט אַ טשיפּיק, און ביזן רוקן אַריין געגאָלטע האָר, און אַ לאַנגע שערענגע פּערל אויפֿן טשיפּיק. אַ יידע־נע — אַ קאָזאַק! לאָזט זיך נישט פֿון קיינעם, חנפֿעט זיך צו דער שוויגער און רעדט: „יאַך”, „ביי אונדז אין וואַרשע”. און זייער איטעלע איז אַ דיי־ניטשקע, אַן איידעלע, מיט אַ שמאָל, דין, קורץ נעזל, וואָס גלאַנצט און ציט זיך ברוגזדיק. אויפֿן האַלדז אַ לאַנגע קאָראַנקאָווע פֿריזקע, און אַ דין, לייכט שייטל מיט אַ שרונט און אַ ווייס, אַטלעסן שאַלעכל איבערן רוקן, מיט אַ ווייס וועסטעלע פֿון פֿראָנט און „שפּרעכט”: „איכע” „ביי פֿאַטער, מוטער, צו הויזע האָט מען געשפּייזט פּוטערקוכן מיט קאַפֿע”, און יעדן מאָל, ווען די צווייטע האָט איר „אויפֿן פֿוס אָנגעטראָטן”, איז זי צו דער שוויגער־מוטער צו און האָט אָנגעהויבן וויינען: „איכע וויל נאַך הויזע!”. דער מוטערס מילך נאָך אויף די ליפּן, אַ יונג קעלבעלע, ערשט פֿון דער מאַמעס ברוסט אַוועקגענומען.

האָט די „הינדעלע" אַריבערגעקוקט מיט שטאָלץ צו יענער הינדעלע, אַזוי אַ ביסל פֿון דער הייך, ווי איין אינדיק צום צווייטן, און האָט איר מיטן בליק געגעבן אָנצוהערן, ווער זי איז: „ר' יחזקאל גאַמבינערס טאָכטער", — אויסגעקוקט נאָר ביז יענע וועט איר אָפּענטפֿערן, וואָלט דאָ אַרויסגעקומען אַ חתונה, זאָל איין גאָט אויסהיטן! האָט אָבער יענע „הינדעלע" זיך צו־געריקט צו דער שוויגער, כּדי דער שוועגערן די גאַל אָפּצודריקן. און אָנ־געהויבן צו רעדן מיט די ליב־חנעוודיקע ריידעלעך, און די שוויגער, די מחותּנתטע, האָט נאָר געפּרעגלט זיך אין פּוטער פֿאַר נחת... האָט זיך די „איכע" צוגעשאַרט צו דער כּלה, און האָט גערעדט מיט דער כּלה אין דער שטיל ווי אַ ליבע שוועסטער, און האָט זיך געקושט מיט איר, און דערציילט איר ווי זיי וועלן זיך ליב־האָבן, ווען זיי וועלן שוועגערינס זיין. האָט עס ווייטער יענער שנור, דער „וואַרשעוווער", פֿאַרדראָסן, וואָס די „איכע" האָט די גאַנצע כּלה צוגענומען, האָט זי זיך געגעבן אַ שאַר צו צו דער כּלה, און גערעדט צו איר מיט אַ ליבליך שמייכעלע, ווי זיי וועלן זיך ליב־האָבן ווען זיי וועלן שוועגערנס ווערן, אַז דער „איכע" זאָל דערוויילי די גאַל פּלאַצן.

און אונדזער „הינדעלע" און אונדזער „איטעלע" זיינען זיך געזעסן שטיל אויף זייערע שטולן און האָבן געדרייט מיט די מיילכעלעך, די ליי־פּעלעך באַלעקט, און נישט געוואָלט זיך „מישן"...

איז אַריינגעקומען עוזרל, דעם סאַמעט־הוט אַרויפֿגערוקט ביזן האַלבן קאָפּ, אַ ביסל אויפֿגערוימט, די הענט אין די קעשענעס:

— וואָס זיצט איר אַלע ווי די אָנגעלאָדענע, נו, מחותּנתטע, האָט איר פֿאַרהערט די כּלה?

איז צוגעגאַנגען די אַנדערע „הינדעלע", די שוואַרצלעכע, מיט אַ פּאָר־קניפּטן קנויל פּאַדים און האָט געגעבן דער כּלה אויפֿצופּלאָנטערן. לאָמיר זען, וואָס די כּלה קען? — האָט זי זיך אָנגערופֿן און האָט דער כּלה גע־שטעלט פֿאַרשיידענע פֿראַגעס. די כּלה האָט אָפּגעענטפֿערט, און די הינדעלע האָט דעם טשיפּיק אין דער הויך געוואָרפֿן. נאָכקלערנדיק וואָס די כּלה האָט געזאָגט. און די כּלה איז, נעבעך, רויט געוואָרן און דאָס האַרץ האָט איר געקלאַפּט...

איז עס אונדזער „הינדעלען" און אונדזער „איטעלען" נישט געפֿעלן: מען גייט זי פֿאַרהערן. עפּעס פֿון שוואַרץ־יאָר געקומען און מען פֿאַרהערט די כּלה! האָט זיך איןביידע דאָס משפּחה־בלוט דערוועקט און עפּעס, ווי אומגערן, האָט מען צווישן זיך שלום געמאַכט, און אונדזער „הינדעלע" האָט זיך געשליפֿן דאָס מיילעכל אויף יענער מיט אַזאַ לשון:

— כ׳ווייס נישט, כ׳לעבן, געקומען פֿון שוואַרץ־יאָר און גייען די כּלה פֿאַרהערן, ווי מען וואָלט די כּלה אויפֿן מאַרק געפֿירט. — און זי האָט אַ דריי מיטן נעזל צוגעגעבן.

— ביי טאַטע־מאַמעלע אין „וואַכשע”, — האָט יענע געדריקט מיט דער צונג, — פֿירט מען זיך אַזוי.

האָט זיך די „איכע” געמוזט דערמאָנען אין איר כּלה־צייט און איז פֿאַר דער כּלה אַרויס מיט אַ געוויין (אַזאַ טבע האָט זי שוין, באַלד וויינט זי), און איז אויף דער כּלהס האַלדז אַרויפֿגעפֿאַלן און זי אָנגעהויבן צו קושן, צו האַלדזן.

איז אַריינגעקומען דער מחותן ר׳ יחזקאל:

— נו ווייבער, קריגט אייך נישט, זאָל מען צוזאַמענפֿירן חתן־כּלה, אויב זיי געפֿעלן זיך.

האָט זיך די לאָוויטשער רביצין אַריינגעמישט און נישט צוגעלאָזט, האָט זיך אָבער עוזרל איינגעשפּאַרט און געזאָגט, אַז „די היינטיקע וועלט פֿאַרלאַנגט עס דורכאויס”, און ווענדנדיק זיך צו דער „איכע”, האָט ער צו איר האַלב דייטשמעריש „געשפּראָכן”:

— זי מוזן עס וויסן געגנוי, וואָס דען, די בהמות? — האָט ער געוויזן אויף די מחותנים.

זיינען אַלע ווייבער אַרויס פֿון שטוב, און מען האָט די כּלה אַליין געלאָזט, זיצנדיק אין אַ ווינקעלע רויט־טויט און פֿאַר חרפּה און בושה די אויגן פֿון דר׳ערד נישט צו קאָנען דערהויבן. נאָר די „איכע” האָט זי געקושט, געהאַלדזט און געוויינט, ווי מען וואָלט זי, חלילה, צו דער שחיטה געפֿירט: אַז זי איינע ווייסט און פֿילט, וואָס די כּלה שפּירט איצט אין האַרץ... אפֿשר האָט זי זיך דערמאָנט אָן איר אייגענער מיידלשאַפֿט און באַוויינט די צייט...

האָט די מחותנתטע דעם חתן אַריינגעפֿירט, און דער בחור בלאַס ווי די וואַנט, די פּאות באַוועגט איבער די בלייכע באַקן, האָט זיך אָנגעהאַלטן אין דער מאַמעס הענט. די מאַמע האָט אים צום מיידל צוגעפֿירט: „דאָס וועט זיין דיין כּלה, זע אויב זי געפֿעלט דיר?” — און איז פֿלינק פֿון שטוב אַרויס, איבערלאָזנדיק זיי אַליין.

די קינדער זיינען געשטאַנען, אַזוי ווי מען וואָלט זיי ביידן אָפּגעשמיסן, מורא האָבנדיק זיך פֿון אָרט אָוועקצורירן. דער בחור איז געוועזן צעמישט און נישט געוואוסט, וואו ער זאָל די הענט אַהינטאָן. זי איז געשטאַנען ביים פֿענצטער, נאָענט לעבן אים, האָט געהערט ווי זיין האַרץ קלאַפּט, און האָט אויף אים עפּעס זייער גרויס רחמנות געקראָגן... זי האָט פּאַמעלעך די

אויגן אויפֿגעהויבן און האָט אים אָנגעקוקט, און זי האָט שוין די אויגן נישט געקענט אַוועקנעמען. זי האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר פֿאַרגעסן וואָס...

נאָר געוואָלט האָבן זיי ביידע, אַז זיי זאָלן שטיין אַזוי נישט רעדנדיק גאָרנישט, נישט קוקנדיק, — און עס זאָל קיינער נישט זיין... נישט קוקן...

זיינען אַריינגעקומען די מאַמעס, און מען האָט די קינדער געפֿרעגט: „געפֿעלט זיך?" און מען האָט אין די הענט געפּאַטשט: „געפֿעלן, געפֿעלן!" זיינען די ווייבער געוואָרן גאַנץ גרויסע מחותּנתטעס צווישן זיך און האָבן זיך אָנגעהויבן הערצלעך צו קושן און איבערצובעטן זיך, און די „יאַך" האָט פֿאַר דער כּלה דעם חתן אָנגעהויבן אָפּצולויבן, און די „איכע" האָט זיך אָן דער כּלה באַהאָפֿטן: „מיר וועדרן שוועסטערן ווערן, אויף אימער און אייביק, אָמן".

האָט דער רב אַריינגעבראַכט אַ גרויס פּאַפּיר, און מען האָט דער כּלה געגעבן אונטערצושרייבן. די כּלה האָט איר נאָמען מיט מזל אונטערגעשריבן. האָט איר דער מחותּן, ר' מרדכי קאָנסקעוואָליער, געגעבן אַ גאָלדענע, לאַנגע קייט מיט אַ קאָליע „חתימה־געלט" — האָט די כּלה צוגענומען, געזאָגט „אַ שיינעם דאַנק" און דעם מחותּן געגעבן אַ קוש אין האַנט.

האָט די לאָוויטשער רביצין געכאַפּט אַ גאַנצן שטויס טעלער און אויף דר'ערד געגעבן אַ טראַסק: „מזל־טוב! מזל־טוב!"

און די „הינדעלעך" און די „איטעלעך" זיינען צו איינע צו דער צווייטער און האָבן די שנעבעלעך אויסגעשטעקט, די שנעבעלעך, וואָס טוען אַ גאַנץ יאָר פֿון זיך שוועבל און פּעך שיטן, און האָבן זיך הערצלעך צעקושט: „מזל־טוב! מזל־טוב!""

ר' יחזקאל האָט זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד, און ווען ער וואָלט זיך נישט פֿאַר די חסידים געשעמט, וואָלט ער זיך מיט זיין אַלטער צעקושט, האָט ער געכאַפּט ר' חיים דעם מחותּן ביי דער קאַפּאָטע און געצופּט אים.

די מחותּנתטעס זיינען ערגעץ וואו פֿאַרפֿאַלן געוואָרן און מען האָט זיי באין־אופֿן נישט געקענט געפֿינען. און דאָ האָט מען געשריגן: „לעקעך! בראָנפֿן!" און זיי האַלטן אין איין קושן זיך, — קושן און האַלדזן. עוזרל האָט זיך אַריינגעכאַפּט צווישן די נשים און שטאַרק זיך געחברט מיט דער „איכע", און האָט מיט איר דייטשמעריש „געשפּראָכן". און דאָס ווייבערישע יידל, אַ, דאָס צעקנייטשטע צילינדערל האָט גאָר אין גאַנצן אויפֿגעלעבט, ווי פֿון דער ערד איז ער אַרויסגעשוואומען, ער האָט שלום געמאַכט מיט דער לאָוויטשער רביצין און חברט זיך מיט יענע מחותּנתטעס, געזאָגט גלייך־ווערטלעך, נאָר פֿאַר יענער „הינדעלע" מיטן פֿעדערל אויפֿן טשיפּיק האָט ער מורא ווי פֿאַר פֿייער, און געהאַלטן זיך פֿון איר פֿון דער ווייטן...

און פֿון דער קיך טאַנצט אַריין די אַלטע רחל־לאה אַקעגן דער כּלה מיט אַ טעלער טאָרט און געבעקס:

„נישט קיין געבעטענע,
אַליין געקומען,
כאַטש אַן אָרעמע,
פֿאָרט אַ מומע...״

*

די נאַכט איז נאָך געלעגן איבער דאָרף און פֿעלד, און איבער דער גאַנצער וועלט איז איין לבנה אויף־געוועזן און געשפּילט זיך צווישן די וואָלקנס. פֿאַר דער קרעטשמע זײַנען נאָך פֿורן געשטאַנען מיט די שטור־קאַצן, וואָס האָבן געפּלאַקערט אין דער נאַכט אויף די פֿורן פֿון די מחותּנים, מען האָט נאָך אַריבערגערעדט פֿון איין פֿור אין דער צווייטער, יידן האָבן נאָך פֿאַרענטפֿערט די לעצטע רמב״מס, ווייבער האָבן אַריבערגעשיקט גריסן אַלטע באָבעס, אַלטע מומעס, און דער גאַנצער משפּחה. די קנאַלן פֿון די בײַטשן האָבן אין דער שטילער נאַכט זיך געהערט און זייער עכאָ האָט ווייט און ברייט אָפּגעקנאַלט. און די פֿורן זײַנען זיך צעפֿאָרן, טייל אויפֿן לינקן וועג, טייל אויפֿן רעכטן וועג.

ביי די פֿורן, וואָס זײַנען אָפּ אויפֿן וועג לינקס, איז אַן אָרט געווען ניט באַזעצט. עס האָט דאָרט ווער געפֿעלט. עס איז געווען דער חתן, וואָס איז מיטגעפֿאָרן מיט די מחותּנים צוגאַסט אויף שבת־נחמו.

אויף דעם לעצטן וואָגן צווישן די ווייבער איז די אַלטע מומע רחל־לאה געזעסן, זי האָט אַ ביסל צופּיל געטרונקען, די הייטלעך האָבן זיך איר שווער איבער די אויגן געצויגן, און די דינע, אַלטע ליפּן האָבן נאָך האַלב פֿון שלאָף געברומט:

„נישט קיין געבעטענע,
אַליין געקומען,
כאַטש אַן אָרעמע —
פֿאָרט אַ מומע...״

קאַפּיטל זיבן

# פֿרייטאָג אין שטעטל

זומערדיקע פֿרייטאָג־נאָכמיטאָגס.

חדר־ייִנגלעך זאָגן אָפּ די הפֿטורה, זיינען מעביר די סדרה און גייען אַהיים מיט די סידורימלעך, חומשים און מיט די גמרות, אויף מאָרגן צום פֿאַרהער. געקומען אַהיים, שלעפּט מען אַרויס יאַגעדעס. די מאַמע גיט דעם יאַגעדע־סטאַניק, און מען שמירט זיך דאָס גאַנצע פּנים איין. מען גנבעט אַרויס פֿון קעלער אַ פּאָר מערן. די מאַמע נעמט צו די שטיוול מיט די רעקלעך און שליסט זיי איין אין קאַסטן ביז אויף מאָרגן צום דאַווענען. נאָר באָרוועס און האַלב־נאַקעט — האַלאַ אין גאַס אַריין, הינטער דעם שול־פּלאַץ, — דאָרט וואַרט שוין חברה. מיט פּעק שטיינער לויפֿט מען אויפֿן מאַרק און מען צעטרייבט דעם בעקערס טויבן, וואָס פֿליען איבערן מאַרק אַרום, און דער בעקער לויפֿט אַרויס יאָגן, כאַפּט מען די פּיס און מען מאַכט פּליטה...

דאָס שטעטל, וואָס איז אָפּגעברענט געוואָרן, איז האַלב צוגעלאַטעוועט. דאָ און דאָרט זעט מען חורבות, אַרומגעקלאַפּט מיט האַלב־אָפּגעברענטע ברעטער. יעדנס רשות איז באַזונדער אין אַ צוים איינגעצוימט. דאָ און דאָרט זיינען אָפּגעלייגטע קלעצער און ברעטער. גויים שטייען און אַר־בעטן, ייִנגלעך קריכן אַרויס און שפּרינגען, און הוידן זיך אויף די ברע־טער. ביי דעם געביי זיצן ייִדן, ליידיק־גייערס, אָן־פּרנסהדיקע, קוקן ווי די גויים אַרבעטן און גיבן עצות, ווי מען דאַרף מאַכן די פֿענצטערלעך, די טירן. ייִדן שפּאַרן זיך איבער די געביידעס און די גויים מאַכן פֿון זיי חוזק. אויפֿן מאַרק זיינען שוין דאָ גרינע עפּלעך, שיינע באַרנעלעך — אַ פּאָר אַ צווייער. אַ ייִנגל בלאָזט אין אַ גאָרגל פֿון אַ געשאָכטענער קאַטשקע, און חברה נאָך אים: הרר... הרר... עס לויפֿט פֿאַרביי אַ מיידל אין בית־המדרש אַריין צו פֿרעגן אַ שאלה אויף אַן עוף, און דאָ וויזט זיך אַ ייִדענע מיט אַ טריפֿער קאַטשקע אויף אַ טעלער, טראָגנדיק זי צום גוישן בעקער. טאַטעס מיט ייִנגלעך גייען צוריק פֿון שערער מיט אָפּגעגאָלטע קעפּלעך, ווי די שעפּסן, לכּבוד־שבת־נחמו. פֿון וועג אַן

קומען אָנצוגיין יידן־אורחים מיט פעקלעך אויף די פּלייצעס, אין שטאָט אַריין אויף שבת. פֿורן קומען צו פֿאָרן אין מיטן מאַרק אַריין, אָנגעפּאַקט מיט חסידים, אַלטע יידן און בחורים, און ייִנגלעך, וואָס קומען אויף שבת־נחמו צום רבין. די שטאָט ווערט פֿול מיט פּנים־חדשות. יידן גייען אַרום, ווי אין ירושלים, פֿראַנק און פֿריי, מיט שטריימלעך, שיך און זאָקן, מיט פּיאות און ליולקעס... עס ווערט לעבעדיק, פֿרייטאָגדיק אין שטעטל. מען לויפֿט, מען איילט זיך, מען דערקענט, אַז עס איז ערב־שבת, ערב אַ גרויסן טאָג. די זון ציט זיך איבערן שטעטל אויך עפּעס אַזוי פֿריי־טאָגדיק, גיסט מיט ליכט, און איז נישט מקפּיד, וואו אירע גינגאָלדענע שטראַלן פֿאַלן אַריין, און וועמען זיי באַלייכטן. פֿון שענק פֿאָרן אַהיים שיכּורע פּויערים און שיכּורע פּויערטעס אין רויטע טיכער און ווייסע כאַלאַטן. זיי קושן זיך. ווייִנען און לאַכן, נעמען זיך אַרום און טאַנצן. די פֿערד זייערע, די פֿולע, רונדיקע פֿערד, זיינען אויסגעפּוצט מיט בענדער, ווי מען פֿאָרט אויף אַ חתונה. זיי פֿאָרן מיט רעש אַרויס פֿון שטעטל, קלאַפּן איבער די שטיינער, און די חזירימלעך אויף די פֿורן קוויטשען, און חדר־ייִנגלעך מיט די אַרויסגעלאָזטע העמדער פֿון די הויזן־שפּאַלטן לויפֿן זיי נאָך, און מאַכן גרויסע גוואַלדן: בעי! הוראַ!

עס קומט צו פֿאָרן לייבל דער וואַסער־פֿירער מיט זיין פֿעסל וואַסער פֿון טייך, באַפֿאַלן אים די קינדער און צופּן פֿון פֿערדל די האָר אויף סטרונעס צו פֿידעלעך. לייבל שילט, קנאַלט מיט דער בייטש, נאָר ווער קוקט אויף אים, מען צופּט ווייטער דאָס פֿערדל און מען פּאַשעט עס מיט יאַגעדעס, מיט בולקע־פּוטער, און דאָס פֿערדל פֿאַרדייעט אַלץ.

עס ווייזט זיך דער רב פֿון שטאָט. ער גייט מיט אַ חברה אורחים אַרום אין די הייזער און שטעלט וואו יעדערן אַפּ אַן אורח אויף שבת.

אין געסל קומט צו פֿאָרן פֿון וועג דער גביר, ר׳ יחזקאל, מיט זיין מענטש נאָטע. אויף שבת אַהיים געאיילט זיך. נאָטע שפּאַנט די פֿערד אויס און רייט מיט זיי איבערן געסל צום וואַסער אַראָפּ, און ר׳ יחזקאל זעצט זיך פֿאַר דער טיר, און בעט אין האַרצן, אַז גאָט זאָל אים צושיקן אַ ייד אויף שבת.

אַלץ אין דער גאַס איז פֿרייטאָגדיק. די הימלען ציען זיך אַזוי לאַנג און ברייט אַוועק, ציען זיך, כּדי ערגעץ־וואו אויף שבת אַהיים צו קומען. וואָס ווייטער ווייזן זיך אַלץ מער יידן אין אַטלעסענע קאַפּאָטעס, אין שיך און זאָקן. ייִנגלעך אין אַטלעס און אין זיידנס, גייען מיט פּעקלעך צום וואַסער זיך באָדן. דאָס זיינען חסידימלעך, יונגע חסידימלעך, וואָס זיינען געקומען צום רבין אויף שבת־נחמו.

און הימלעך ווערט אין שטעטל, הימלעך. באַלמעלאָכעס טראָגן אָפּ די לעצטע אַרבעט, יונגען כאַפּן ביר־געלט, לויפן אין די קראָמען נאָך קראַנגדלעך מיט שניפּסלעך, און מען לויפט צום וואַסער זיך באָדן לכבוד שבת.

הינטער דעם אַלטן שוחטס הויז גיסט זיך דאָס וואַסער. ביי נאַכט זיינען זיך דאָרט טובל די טויטע פון דעם קעגנאיבערדיקן בית־עולמל, נאָר פרייטאָג פאַרנאַכט — דאָס שטעטל. גאַנץ קאַזמער איז אין נאַקעטן, ווי גאָט האָט זיי באַשאַפן. אַ פעלד איז באַלייגט מיט ווייסע פעקלעך, און נאַקעטע זיידעס, נאַקעטע טאַטעס, נאַקעטע אייניקלעך זיינען אין וואַסער. אין ענין שווימען איז דאָס שטעטל שוין באַוואוסט פון לאַנג אָן. יידן האַלטן פון שווימען. טאַטעס לערנען זייערע קינדער שווימען אויף די בייכלעך. די קינדער וויינען, זייער געשריי גייט ביז אין הימל אויף, און די טאַטעס שלעפן זיי טיפער, טיפער אין וואַסער אַריין, טוקן זיי די קעפּלעך. דאָס קינד עפנט די אייגעלעך אויף, מאַכט אַ גוואַלד, און ווידער אַ טוק. פאַרזאָרגטע יידן, וואָס זיינען אַ גאַנצע וואָך אין דאגות־פרנסה, מאַכן זיך נאַריש און ווייזן קונץ־שטיק. דער לאָזט זיך אַ „נאָרקים", דער צווייטער „לייגט קלאַפּטער", דער דריטער מאַכט אַ „רעדיל", קאַרטשעט זיך איין, פאַרלייגט די הענט אַרום די פיס און דרייט זיך אין וואַסער. דער מלאָווער בחור נעמט גאָר די וועלט אָפּ מיט זיין שווימען. ווי אַ פיש ליגט ער אָפּ גאַנצע שעהן אונטערן וואַסער, כאַפּט אָן יעדן ביי די פיס, פלוצלינג גיט ער אַ שפרונג אַרויס, מאַכט אַ קאָזשעליק, און ווייטער אין וואַסער אַריין.

„דאָס וואַסער דאַרף יעדן יאָר אַ מענטש". און אין מיטן דרינען ווערט אַ געשריי: „גוואַלד, ער טרינקט זיך!" און דאָרט, וואו דאָס וואַסער איז שטראָמיק, האָט עס אַ מענטש אַריינגעכאַפּט. דער מענטש רייסט זיך אַרויסצוקומען פון די אַרומיקע כוואַליעס, נאָר זיי האַבן אים אַריינגעקראָגן, און עס ציט אים ווער אונטן אין וואַסער אַראָפּ. דער מלאָווער בחור לאָזט זיך אַ „נאָרקים", כאַפּט דעם מענטשן וואָס טרינקט זיך, ביי די האָר אָן און שלעפּט אים פון וואַסער אַרויס. דערווייל קומען אָן פון דער שטאָט צו לויפן ווייבער, קינדער מיט גוואַלדן: „וועמען! חיים משה, וואו ביסטו?" יידן כאַפּן דעם אַרויסגעצויגענעם פון וואַסער, הייבן אים אָן צו רייסן און וואַרפן, ציען אים די שלייפן מיט אַ פאַסעק אַרום — און זיינען מחיה־מתים...

דאָס וואַסער געהערט צו דער שטאָט, נאָר דאָס פעלד, וואָס איז ביים וואַסער, געהערט צו דעם שטאָטס שררה. שיקט ער אַרויס אַ זשאַנדצע מיט אַ הונט, אַז ער זאָל אַוועקיאָגן די מענטשן וואָס זיינען

געקומען זיך באָדן, ווערט אַ געשריי: „דער זשאַנדצע גייט!" כאַפּט מען די פּעקלעך קליידער אויפֿן קאָפּ און מען לויפֿט נאַקעטערהייט אין שטאָט. גאַנצע מחנות נאַקעטע יידן לויפֿן מיט די פּעקלעך, און דער גוי מיטן הונט יאָגט אין סאַמע שטאָט אַריין, ביז עס קומען די קצבים אַנטקעגן דעם גוי מיט גרויסע שטעקנס און לייזן אויס דאָס שטעטל פֿון גויישע הענט...

די זון הייבט שוין אָן צו זעצן זיך ווייט אויפֿן ליגנטשיצער וועג. עס ווערט פֿאַרנאַכט. ביים וואַסער הייבט אָן רואיקער צו ווערן. מען איילט זיך אַהיים, צום טייך קומען שוין נאָר די לעצטע פֿורמאַנעס, וואָס זיינען שפּעט אין שטעטל אָנגעקומען, און באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן שפּעט די מלאָכה געענדיקט. פֿון מאַרק צענעמען די יידענעס זייער סחורה און טראָגן זי אַהיים. אויסגעבאָדענע ייִנגלעך לויפֿן איבער דער גאַס מיט פֿלעשעלעך צו ווייִנשטייִנען נאָך ווייִן אויף קידוש. די געוועלבער פֿאַרמאַכן זיך איינציקווייז. אין עק גאַס ביים גרויסן איינפֿאָר־הויז, אויף דעם וועג צום בית־עולם, צעפֿלאַקערט זיך אַ רויט געשטאַלט אין אַ וואָלקן פֿון גינגאָלד־שטויב... דער הימל ווערט איבערן שטעטל טונקל. מען הייבט אָן קלאַפּן אין שול אַריין. אין טייל פֿענצטער ווייזן זיך שוין שבת־ליכטלעך, נאָר די האַלב־איינגעפֿאַלענע הייזלעך, דער רעשט חורבות זעען אויס עפּעס נעבעכדיק, ווי אָרעמע מחותּנים, וואָס זיינען אין צעריסענע בגדים, נאָר אין סאַמעטענע, שבתדיקע היטלען געקומען אויף דער חתונה... פֿאַר טייל הייזער ווייזן זיך שוין שבתדיקע באַלעבאָסטעס מיט זייערע טעכטערלעך. אָפּגעוואַשן, אויסגעקעמט זיצן זיי פֿאַר דער טיר...

און שטיל און רואיק איז אין געסל. דער שבת קומט־אָן מיט רואיקע טריט, און פֿאַרשפּרייט מנוחה. ווי אַליין פֿאַר זיך קלינגט דער קירכן־גלאָק, רופֿט מיט אַ פֿרום געבעט אין קירך אַריין. פֿון דעם קליינעם בית־המדרשל פֿינקלען זיך אַרויס די שבת־ליכטלעך און עס דאַכט זיך, אַז זיי האַלטן מלחמה, דער קירכן־גלאָק מיט די שבת־ליכטלעך. יעדערס ציט צו זיך. דורך דעם שטילן שטעטל גייען פֿרומע קריסטן, מענער און פֿרויען, גייען אין קירך אַריין. און אָפּגעוואַשענע יידן מיט ווייסע קראַגנס פֿון די העמדער, איבער די שבתדיקע קאַפּאָטעס פֿאַרבויגן, גייען אין בית־המדרש אַריין. חסידים אין אַטלעס און אין זיידנס, אין שיך־און־זאָקן, גייען צום רבין. און שטילער, רואיקער, שבתדיקער ווערט דאָס שטעטל, ווי עס וואָלטן זיך איינגעטיילט דאָס בית־מדרשל מיט דער קירך, יעדערס גענומען זיך דאָס זייניקע. פֿון די אָפּגעוואַשענע פֿענצטער פֿינקלען די ליכטלעך און די לייכטערלעך אַרויס. מיידלעך הייבן זיך אָן צו ווייזן אין געסל שפּאַצירנדיק, און דעם חזנס „לכה־דודי" זינגט אין געסל און דער

קירכן־גלאָק קלינגט־מיט, די קולות מישן זיך אויס און עס ווערט איין שטילע תּפילה צו איין גאָט...

אין גאַס ווייזט זיך ר׳ יחזקאל מיט זיין חתן. זיי גייען אין בית־המדרש אַריין דאַוונען. עס ווייזן זיך מיידלעך אויף דער שוועל אין טיר. אָרענט־לעכע באַלעבאַטישע טעכטער קוקן פון די אָפענע פענצטער אַרויס, קוקן־נאָך און סודן זיך: „לאהלעס חתן! לאהלעס חתן!“

מיידלעך, כּלהס שפּאַצירן אין שול־געסל. עס גייען דעם שוחטס טעכ־טער אין גאָלדענע קייטעלעך, וואָס זיי האָבן געקראָגן פון די מחותּנים.

בחורים, חתנימלעך, גייען שפּאַצירן אויף דער צווייטער זייט, אין די אַטלעסענע קאַפּאָטקעלעך, אין די זיידענע גאַרטעלעך, מיט די שוואַרצע פּאותלעך און מיט די גאָלדענע זייגערס, וואָס זיי האָבן געקראָגן פון די מחותּנים, חתן־מתּנות...

אין מיטן דעם געסל, וואָס איז פאַרהילט אין דער שטילער נאַכט, דערהערט זיך פּלוצלינג אַ קול פון אַ וויינענדיקער מאַמע: „מיין קינד, מיין יצחקל!“ קומען זיך צולויפן ווייבער, מיידלעך פון אַלע זייטן: „וואָס איז? וואָס איז?“ — „מיין יצחק איז אַוועקגעגאַנגען נאָך ביי טאָג און איז נאָך נישט אַהיים געקומען. ווי צו מיר! מען האָט אים ביים וואַסער געזען!“ — וויינט די יידענע אין רואיקן געסל. אַרום שטעלן זיך צונויף קופּקעלעך און שמועסן: „דאָס וואַסער דאַרף אַ מענטש!“ „דאָס וואַסער דאַרף אַ מענטש!“...

און שטילער, טונקעלער ווערט די נאַכט, דער שבת קומט־אָן מיט רואיקע טריט און פאַרשפּרייט מנוחה. און דאָרט וויט, וואו דער הימל ליגט אויפן וואַסער, איז דער סוד אויסגעגאָסן, וואו יצחקל, דער יידענעס ייִנגל, איז ערגעץ וואו אַהינגעקומען.

לויפט די מאַמע מיט אַ געוויין צום וואַסער אַראָפּ, דאָרט צום הימל און וואַסער, וואו זיי ליגן ביידע אויסגעגאָסן, געוואויר צו ווערן דעם סוד, וואו איר קינד, איר יצחקל, איז ערגעץ וואו אַהינגעקומען...

*

פרייטאָג־צו־נאַכטס. דעם טיש ביי ר׳ יחזקאלען האָט מען לכּבוד דעם חתן געדעקט אין דער לעצטער שטוב. מען האָט אויפגערוקט די פליגל פון דעם גרויסן טיש, ווי מען טוט עס נאָר איין מאָל אין יאָר ביי דער פּורים־סעודה, ווען אַלע קינדער און די איייניקלעך קומען זיך צוזאַמען. מלכהלע, די באַלעבאָסטע, האָט נישט געזשאַלעוועט קיין ליכט, זי האָט געלייענט און געוואוסט גאַנץ גוט, אַז וואָס מער ליכט פרייטאָג־צו־נאַכט, אַלץ מער פּרנסה באַווייליקט גאָט. דער גרויסער טיש איז געווען

באַשטעלט מיט זילבערנע לייכטער, אַלט־פּרענקישע, זעקס־רעריקע. אין שטוב האָט אַלץ געבלאַנקט, געלויכטן פון די ליכט. לכּבוד דעם חתן האָט מלכּהלע אַרויסגענומען דאָס זילבערנע גאָפּל־מעסער, וואָס ווערט נאָר באַנוצט צו דער פּורים־סעודה, אויפגעשטעלט די זילבערנע בעכער. אויבן־אָן זיינען געווען געגרייט די חלות פאַר ר׳ יחזקאלן, באַדעקט מיט אַ חלה־טישטעכל. רעכטס איז געווען געגרייט פאַרן חתן, די חלות פאַר אים זיינען געווען באַדעקט מיט אַ טישטעכל, געהאָפטן אויף זילבער, וואָס לאהלע האָט פאַר איר חתן אויסגעהאָפטן. מלכּהלע, אָנגעטאָן אין איר ווייסן זיידענעם קלייד מיט גאָלדענעם באַשלאַק פון אונטן, וואָס איז געווען געמאַכט לויט דער דעמאָלטיקער מאָדע מיט ברייטע פאַלדן, וואָס איינע האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט אין דער צווייטער, מיט דעם זיידענעם שאַלעכל מיט די בלויע פרענדזלעך, וואָס דער מאַן האָט איר מיטגעבראַכט פון לייפּציקער מאַרק, אין דער הויכער שבתדיקער קאַרענגאָווער הויב, איז געשטאַנען, דאָס פּנים אין אירע בלייכע איידעלע הענט פאַרשטעלט, און האָט ליכט געבענטשט. לאהלע, אָן אויסגעוואַשענע, מיט שוואַרצע לאַנגע זיידענע צעפּ פאַרוואָרפן שבתדיק איבערן סאַמעט־בלויען יאַקעלע, און זעט אויס ווי אַן אָרענטלעך מיידעלע, וואָס האָרכט „וואָס טאַטע־מאַמע הייסן, און וואָס גוטע, פרומע לייט הייסן!״ — און אַ ברכה מיט הצלחה רוען אויף איר קאָפּ... זי זיצט זיך ביי דער מאַמען, און לייענט מיט איר אין דער תּחינה:

„רבונו של עולם, מיין מצווה פון ליכט־אָנצינדן זאָל אַזוי אָנגענומען זיין, ווי די מצווה פון דעם כּהן־גדול, ווען ער האָט די ליכט אין ליבן בית־המקדש אָנגעצונדן. אַז מיינע קינדערס אויגן זאָלן לייכטן אין דער ליבער, הייליקער תּורה... זייערע מזלות זאָלן לייכטן אין הימל...״

די פענצטער זיינען געווען אָפן אין געסל אַריין. קעגנאיבער פון גאָרטן האָט זיך געהערט די קוואַטשעריי פון זשאַבעס, און פון גאַנץ ווייט אין „שוואַרצן וואַלד״ האָט זיך אַ ליכטל געלויכטן. איינגעפּאַסט אין דער פינצטערער נאַכט, האָט עס אויסגעזען ווי אַ פאַרגעסן ערגעץ שבת־ליכטל, און די זשאַבעס בענטשן דעריבער... אַ טונקעלע כמאַרע איז געהאַנגען איבערן וואַסער און אַלץ פאַרדעקט, נאָר פון ווייט, פון יענער זייט, האָט זיך געפינקלט אַ ליכטל, און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז די אַלטע, די ווייסל, אַ גרויע באָבע, האָט זיך אויך שבת־ליכטלעך אָנגע־צונדן לכּבוד שבת... און פון אָפענעם פענצטער קומען אַריינצושווימען נאַס ליבע זומערדיקע ריחות פון טויזנטער בליטען און געוועקסן, און האָבן זיך אויסגעגאָסן אין שטוב, געכאַפּט אַ וואָרט פון תּחינה, אַ שבתדיקע ברכה און צוריק אַרויס, און געשוועבט מיט דער ברכה איבער פעלדער

און וועלדער, איבער הימל און ערד און פֿאַרשפּרייט שבת־ברכות איבער גאָטס וועלט...

יידן זיינען אַהיימגעגאַנגען פֿון בית־מדרש, פֿון מנינימלעך. ווער עס האָט געקאָנט, האָט אַן אורח מיטגענומען. די שבת־מלאָכים זיינען פֿאַרויס פֿאַר די פּרינצן געפֿלויגן און האָבן זיי שלום־עליכם אָפּגעגעבן, און מנוחה פֿאַרשפּרייט. און יידן, דערזעענדיק די גויים, וואָס זיינען געקומען אין זייערע וואָכעדיקע קליידער מיט זייערע ווייבער און קינדער אויף די בענק פֿאַר די טירן און האָבן געשפּילט און געזונגען, האָבן זיי געקרעכצט, רחמנות געהאַט אויף זיי: גויים, נעבעך, זיי האָבן נישט קיין שבת!...

און דיין פֿאָלק ישראל האָסטו געטרייסט, טאַטע אין הימל! אַלץ איז עפּעס ווי אויסגעלייזט געוואָרן, באַקליידט מיט באַרמהאַרציקייט, ווי די שכינה וואָלט איר פֿאָלק ישראל אַרומגענומען, די טרערן פֿון געזיכט אָפּגעווישט, געטרייסט אים, די פּאות אים אויף די באַקן געקרייזלט, ווי אַ געטרייע מאַמע געקרייזלט, חנדלעך געמאַכט, און מיט ליבשאַפֿט צו אים געזאָגט: „הבן יקיר לי אפרים?״ — צי אַ טייערער זון ביסטו מיר, אפרים? אם ילד שעשועים — אָדער אַ שפּיל־קינד, כי מדי דברי בו — וואָרעם אין מיין טאָן רעדן וועגן אים, זכור אזכרני עוד — טו איך אָן אים אַלץ נאָך געדענקען, על כן המו מעי לו — איבער דעם ברומען מיינע געדערים נאָך אים, רחם ארחמנו נאום ד׳ — דערבאַרעמען טו איך מיך איבער אים — טוט זאָגן גאָט.

און גאָטס באַרמהאַרציקייט איז איבער וועלט און נאַכט געוועזן אויסגעגאָסן.

ר׳ יחזקאל איז אַהיים געקומען נאָכן דאַווענען, און אַ רעכט ביסל אורחים האָבן זיך נאָך אים נאָכגעשלעפּט.

„גוט שבת!״

„שלום עליכם, מלאכי השרת, מלאכי עליון״...

און געזען האָט מען, ווי די מלאָכים מיט זייערע צוויי ווייסע פֿליגל פֿאַרשפּרייטן מנוחה אַרום אין דער שטוב. מלכהלע מיט דער כלה זיינען געזעסן ביים טיש, וואַרטנדיק אויף קידוש, און האָבן אויסגעהאָרכט פֿון מאַן און חתן די חניפֿהדיקע ריידעלעך, וואָס די מאַנספּערשוינען האָבן די ווייבער פֿאַרגעזאָגט:

„אשת חיל מי ימצא״...

מען זיצט ביים טיש. ר׳ יחזקאל זיצט אויבן־אָן מיטן חתן קעגנאיבער דער ווייב מיט לאהלען. עס איז שטיל אַרום, נאָר דאָס ווינטל, וואָס בלאָזט דורך דעם אָפֿענעם פֿענצטער, האַלט אין איין דערציילן... לאהלע הייבט אַלע ווילע פֿאַמעלעך אויף די אויגן און וואַרפֿט אַריבער אַ בליק.

ער, אין דער אַטלעסענער קאַפּאָטע און מיט דעם שוואַרצלעכן פּנים, איז אַזוי חנעוודיק. אַט זעט זי אויף אים דעם גאָלדענעם זייגער אין דעם זיידענעם זשילעט, דעם זייגער, וואָס ער האָט פון איר געקראָגן. ער איז איר חתן... מיט אים וועט זי וואוינען אין איין שטוב... קיינער נישט, נאָר זייביידע... און דאָס יונגע האַרץ באַוועגט זיך אַזוי לייכט, אַזוי שטיל... דאָס ווינטל הערט דעם סוד און פּליט מיט אים דורך דעם אָפענעם פענצטער אַרויס אין דעם גראָפּס שוואַרצן וואַלד אַריין, דאָרט פאַרן שבת-ליכטל דעם סוד צו פאַרטרויען...

ער זיצט שטיל, די אויגן אַראָפּגעלאָזט. וואָס קלערט ער איצט? וועגן איר, וועגן זיין לאהלען! זי ווערט רויט. דאָס איז איר חתן, אַ חתן פאַר איר האָט דער טאַטע מיטגעבראַכט... אָך, ווען ס'וואָלט קיינער נישט זיין, טאַטע-מאַמע וואָלטן שלאָפן געגאַנגען, וואָלט זי צו אים צו-געגאַנגען, שטילערהייט, עס איז דאָך איר חתן. צו אַ חתן מעג מען... וואָס, ניין?...

שאַ, דער טאַטע מיטן חתן זינגען. זיין קול, ווי עס קלינגט, ווי עס הילכט, עס לויפט אַרויס דורך דעם פענצטער:

„מנוחה ושמחה אור ליהודים!..."

זי, די כלה, דערלאַנגט צום טיש, שטעלט אַנידער אַ טעלער פאַרן טאַטעשי, פאַר דער מאַמעשי און פאַר אים...

„זאָל ער עסן געזונטערהייט..." און דאָס האַרץ קלאַפּט איבער זיין אַקסל, עפּעס האָט איצט געמוזט פאַר זיין געזיכט דורכלויפן...

אין מיטן עסן זיינען געקומען צו גיין דער מחותן ר' חיים מיט דער מחותנתטע, עס איז געקומען עוזרל, לייבל, איטעלע און הינדעלע מיט די קינדערלעך, און גלאַט קרובים און באַקאַנטע. מען האָט אָפּגעגעבן דעם חתן שלום-עליכם, געפרעגט אים, ווי דער חזן געפעלט. דערנאָך איז געוואָרן אַ שמועס וועגן חזנים. איינער האָט געזאָגט אַ שטיקל שיר-המעלותל, האָט דער חתן אים אָפּגעענטפערט מיט אַ זמרל. דאָס גאַנצע געסל איז זיך צוזאַמענגעלאָפן אונטערן פענצטער. דער חתן האָט פאַר-מאַכט די אויגן, די האַנט אונטער דער באַק אונטערגעלייגט און זיין קול האָט זיך געגאָסן, האָט זיך געלאָזט אויף אַ „שטייגערל". אונטערן פענצטער ווערט אַלץ מער מענטשן, מען שטעקט קעפּ אַריין. „לאהלעס חתן" — האָבן מיידלעך זיך געסודעט און מיטן פינגער געוויזן. די טיר האָט זיך געעפנט און פרעמדע מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַריינצוגנבענען זיך, צו-ערשט מיט אַ ספקדיקן געלעכטערל אויף די ליפּן: הייסט עס, גלאַט אַזוי, און דערנאָך האָט מען זיך שוין געדריקט, די שטוב אָנגעשטאָפּט.

און צום טיש האָט מען ווייַן דערלאַנגט, כוס-אויס, כוס-איין.

באַלד איז אָנגעקומען ר׳ יצחק יודלס מיטן ברייטן „גוט־שבת!” דער עולם האָט פֿאַר אים אַ וואַרע געמאַכט. עוזרל האָט אים אויפֿן אַקסל די האַנט אַרויפֿגעלייגט און הויך געדוצט. ר׳ יצחק יודלס האָט נישט געוואָלט לאַנג זיצן: „דער רבי גייט קידוש מאַכן”. דער עולם האָט זיך באַלד גענומען צום בענטשן. נאָכן בענטשן האָט דער יונגער עולם גענומען גיין צום רבין, און די מחותנים, ר׳ יחזקאל מיט ר׳ חיימען, אין בית־המדרש אַריין, וואו דער רב פֿלעגט לערנען יעדן פֿרייטאָג־צו־נאַכטס מיט די שטאָט־באַלעבאַטים די סדרה פֿון דער וואָך.

ר׳ יצחק יודלס האָט שטאַרק אָנגעהויבן בעטן, אַז ר׳ יחזקאל מיט ר׳ חיימען זאָלן לכּבוד דעם חתן מיטגיין צום רבינס קידוש.

די באַלעבאַטים האָבן זיך צוערשט אַ ביסל געשעמט דורכלאָזן אַ סדרה, נאָר די קינדער און דער חתן אַליין האָבן זיך שטאַרק אָנגעהאַלטן. ר׳ יצחק יודלס האָט געזאָגט: „מען מוז אייך געווינען”...

האָבן די באַלעבאַטים, אַ ביסל מיט בושה, געלאָזט זיך נאָכשלעפּן נאָך די קינדער צום רבין.

עס איז געווען דער ערשטער פֿרייטאָג־צו־נאַכטס, ווען די באַלעבאַטים האָבן זיך נישט געפֿונען אין בית־המדרש ביים רבס סדרה.

*

ביים רבין אין בית־המדרש.

איין עדה: אין גאָטס עדה זיינען אַלע גלייך, סיי קינדער, סיי אַלטע, אַלע איין נשמה, איין בנין. איין גאָט ליבט מען, אין איין בית־המדרש דאַוונט מען. און די תּפילה איז איינע, טויזנטער קולות פֿון איין האַרץ. דער עולם איז צוזאַמענגעגאָסן, אַ ים שוואַרצע שטריימלעך און שוואַרצע בערד איינס אין אַנדערן. אַלע אויגן זיינען אָנגעווענדט צו דעם ווייסן כאַלאַט, וואָס דרייט זיך אַרויף און אַראָפּ צווישן דעם ים שוואַרצע שטריימלעך און מאַכט זיך אַ וועג פֿון איין עק בית־המדרש צום צווייטן. דאָס איז דער רבי. זיינע הענט זיינען אין גאַרטל פֿאַרפֿלאָכטן. די אויגן צום באַלקן אָנגעווענדט און דער הויכער, שכינהדיקער שטערן איז אין איין שאַרפֿן קנייטש; איין מחשבה, איין כּוונה: צו גאָט!

און גאָט איז דאָ, דאָ, צווישן דער עדה. ער האָט זיך מיט יידן אויסגעמישט, ער איז געוואָרן איין חלק אין כּלל, איין קנייטשל, איין פֿלעמל אין דער מנורת־הכּלל. די שכינה און די כּנסת־ישראל, די כּנסת־ישראל און די שכינה. ביידע פֿאַרוואָגלט אין גלות, טרעפֿן זיך צוזאַמען און דערמאָנען זיך די כּלה־צייט. איז עס דען נישט ווי צווישן אַ חתן־כּלה, וואָס עס האָט זיך ביי זיי אַ ברוגזל געמאַכט? זיי זיינען זיך צעגאַנגען אין פֿאַר־

שיידענע וועגן און פרעמדע לענדער, און איצט טרעפן זיי זיך אין איינעם אין אַ פרעמדער סטאַנציע...

און דער רבי האָט געזונגען זיין ליבעס־ליד צו גאָט: שיר־השירים.

נישט געזונגען האָט ער, נאָר טיף געזאָגט, מיט כוונה. יעדער וואָרט מיט זיין טעם און זיין מיין:

..."איר זאָלט נישט קוקן, וואָס איך בין אַזוי שוואַרצלעך, וואָס די זון האָט מיך אָפּגעברענט. מיין מאַמעס קינדער האָבן מיר שלעכטס געטאָן, זיי האָבן מיך געמאַכט פאַר אַ גערטנער־היטערין, מיין גאָרטן האָב איך נישט געהיט".

"זאָג מיר, דו, וואָס מיין נשמה האָט ליב, וואו פאַשעט זי, וואו הוי־ערט זי אין מיטאָג־צייט?"

"אויב דו קענסט נישט די שיינע צווישן די פרויען? גיי נאָך די שעפסן־טריט און זע דיינע ציגעלעך אַרום די געצעלטן פון די פאַסטוכער".

"איך בין מיר אַ בלימל פון שרון, אַ רויז פון די טאָלן".

"אַזוי ווי אַ רויז צווישן די דערנער, אַזוי איז מיין געליבטע צווישן די טעכטער".

"אַזוי ווי אַן עפל צווישן די וואַלד־ביימער, אַזוי איז מיין געליבטער צווישן די זין. אין זיין שאָטן וועל איך ליגן, זיינע פרוכטן זיינען מיר זיס"...

"מיין געליבטער איז געגליכן צו אַ הירש, אָדער צו אַ יונגער אינד. אָט שטייט ער הינטער אונדזער וואַנט, קוקט אַריין דורך דעם פענצטער, וואַרפט אויגן דורך די שפּאַלטן"...

"ענטפערט מיין געליבטער און זאָגט צו מיר: מיין פריינדין, מיין שיינע, קום מיט מיר!"

"וואָרעם איז, דער ווינטער איז שוין אַוועק, דער רעגן איז שוין פאַרביי".

"פעלד־בלימעלעך ווייזן זיך שוין אויף דער לאַנקע, דעם פויגלס צייט איז געקומען, און דאָס קול פון דער טירטל־טויב הערט זיך שוין אין אונדזער לאַנד"...

"שטיי אויף, מיין פריינדין, מיין שיינע, און קום מיט מיר". — — —

און דעם רבינס קול זאָגט נישט, נאָר עס באַטאָנט יעדן וואָרט, גיט יידן צו פאַרשטיין דאָס זיסקייט, די צוגעבונדנקייט, די טריישאַפט, וואָס עס פילט די כנסת־ישראל צו דער שכינה און די שכינה צו דער כנסת־ישראל.

און די עדה פילט עס און נייגט זיך, ווי אַ דאָרשטיק פעלד זאַנגען צום טריפנדיקן וואָלקן. די עדה כאַפּט אַ וואָרט, און עס זינגט אין די

הערצער, עס טרייסט, אַ גרוס פֿון דער שכינה צו דער כּנסת־ישׂראל אין גלות.

„וואָלט איך געווען אַ פֿייגעלע אין וואַלד,
וואָלט איך צו דיר געפֿלויגן...”

און יידן נעמען זיך צוזאַמען, און עס ווערט איין האַרץ און איין נשמה.

און דער רבי זאָגט די ווערטער מיט אַזוי פֿיל ליבע, ווי ער וואָלט אַ בריוועלע געלייענט, אַ געטריי בריוועלע:

„איך שלאָף, און מיין האַרץ איז וואַך. די שטימע פֿון מיין געליבטן קלאַפּט אין טיר: עפֿן מיר, מיין שוועסטער, מיין פֿריינדין, מיין טייבעלע, מיין קאָפּ איז פֿול געוואָרן מיט טוי, מיינע לאָקן מיט נאַכט טראָפּן”.

„כ׳האָב אויסגעטאָן מיין העמדל, ווי אַזוי קען איך עס אָנטאָן? כ׳האָב אָפּגעוואַשן מיינע פֿיס, ווי אַזוי קען איך זיי פֿאַרשמוצן?”...

„האָט מיין געליבטער די האַנט אויסגעשטרעקט פֿון שליסל־לאָך, האָבן מיינע געדערים נאָך אים געטאָן ברומען.

„האָב איך מיך אויפֿגעהויבן צו עפֿענען מיין געליבטן, און מיינע הענט טוען מיר טריפֿן, און מיינע פֿינגער מיט מירוס די קליאַמקעס שמירן.

„איך האָב אויפֿגעעפֿנט מיין געליבטן, נאָר מיין געליבטער איז שוין לאַנג געווען אַוועק. די נשמה איז אים אויסגעגאַנגען אין זיין רעדן. האָב איך אים געזוכט און כ׳האָב אים נישט געפֿונען. האָב איך אים גערופֿן, האָט ער מיר נישט געענטפֿערט.

„האָבן מיך געטראָפֿן די, וואָס דרייען זיך אין שטאָט אַרום, האָבן זיי מיך געשלאָגן, האָבן זיי מיך געביילט, האָבן זיי מיר די קליידער אַראָפּגעצויגן, די מויערן־היטערס” — — —

פּלוצלינג האָט דער רבי אויפֿגעהערט צו זאָגן. ער האָט זיך איבערן בית־המדרש געדרייט, קיין וואָרט נישט גערעדט, וואָס־אַמאָל מער די אויגן אויפֿגעריסן און געקוקט אויפֿן באַלקן און דער שטריך אין שטערן האָט זיך אים אַלץ טיפֿער געשניטן, אויף חסידים איז געפֿאַלן אַ ליבע אימה, וואָס האָט אַלע אין איינעם צוזאַמענגענומען און געהאַלטן.

פּלוצלינג האָט זיך דער רבי געגעבן אַ כאַפּ אויף און מיט גרויס פֿרייד, ווי עס וואָלט עפּעס פֿאַר אים פּלוצלינג אַנטפּלעקט געוואָרן, האָט ער געגעבן אַ געשריי אויס:

„שלום עליכם, עליכם שלום, מלאכי השרת, מלאכי עליון”...

און עס איז געוואָרן צווישן עולם, ווי עס וואָלטן אַריינגעפֿאַלן טויזנטער מלאכים פֿון הימל. די מלאכי־השרת האָבן זיך אויסגעמישט מיטן

עולם חסידים ביים רבין אויף שבת, אַלטע באַקאַנטע, משלנו, און מען האָט זיך ביי די גאַרטלען אָנגענומען, געפּרייט זיך איינער מיטן צווייטן:

„שלום עליכם, מלאכי השרת!“...

און דער עולם האָט זיך טיפער געלאָזט, איינער אין צווייטן, איינער אין אַנדערן, מיט גדולה, מיט שבת־שמחה, מיט איין אַחדות, מיט איין ליבשאַפט:

„שלום עליכם, מלאכי השרת!“

און דער רבי איז אַריין צווישן עולם, אויסגעמישט זיך מיט דער עדה, צוזאַמענגענומען זיך ביי די הענט, און מיט גרויס גדולה, אַלע אין איין קול:

„בואכם לשלום!“

פּלוצלינג איז דער רבי ווייטער שטיל געוואָרן און געבליבן שטיין אין מיטן שטוב, די אויגן אַלץ צום הימל אָנגעווענדט, ווי זיי וואָלטן פון אויבן עפּעס געשעפּט, געפאָרשט. די הענט האָט ער טיפער אין גאַרטל פאַרקניפּט, און איז לאַנג געשטאַנען, זיך גישט אַ ריר געבנדיק. מיט אַ מאָל האָט ער זיך ווידער געגעבן אַ כאַפּ, אַוועק אין אַ באַזונדער ווינקל צווישן דעם אָרון און דער וואַנט, געבנדיק אַ בייג איין דעם קאָפּ אין ווינקל, און איז געבליבן שטיין פאַרטיפט אין זיך אַליין, און האָט עפּעס וואָס אין דער שטיל געזאָגט... דערנאָך האָט ער זיך פּאַמעלעך אָנגע־הויבן צו שאָקלען, און עס האָט זיך געגאָסן אַן ווערטער אַ שטיל־פליסנדי־קע תפילה. פון צייט צו צייט האָט ער מיט דער האַנט צוגעמאַכט, ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט וואָס באַטעמען, אויסזינגען, אויסזאָגן, און באַלד איז ער ווייטער געבליבן שטיל פאַרטיפט.

דער עולם אַרום, כוואַליעס קעפּ, איבער כוואַליעס קעפּ, איז שטיל פאַרזונקען געוואָרן אין אַ מתיקותדיק שווייגן, און אַ ליבע, זיסע אימה האָט אַלץ אַרומגענומען, און יידן האָבן זיך אָנגענומען ביי די הענט, און זיינען דערציטערט געוואָרן וואַרטנדיק.

נאָר פּלוצלינג האָט זיך דער רבי אויפגעכאַפּט און מיט גרויס חדווה־קייט האָט ער זיך געווענדט צום עולם:

— צום קידוש!

זיין פּנים האָט געלויכטן, ווי די שכינה וואָלט עס באַקושט און באַ־היילִיקט. פון זיך האָט עס אַ וואַרעמקייט געשיקט און אַלע, אַלע צו זיך און אין זיך אַרומגענומען.

דער עולם האָט אַ וועג געמאַכט. אין דער טיר האָט זיך געוויזן אַ צוג ווייבער, מיט דער רביצין אין מיטן. פון איר הויכן גלאַנצנדיקן שטערן האָט דער שטערנבאַנד, באַפּוצט מיט ברילִיאַנטן, גאָלד און פּערל, אַראָפּ־

געשיינט מיט אַ שבת־מלכותדיקן גלאַנץ און אַרום פאַרשפּרייט דאָס מלכות־דיקייט און געזאָגט: „גוט שבת!” די גרויסע בריליאַנטן פון די לאַנגע אוירינגלעך, פון הינטער דער שבת־הויב, ווי גרויסע שבת־טראָפּן, און די שנירלעך פערל, וואָס זיינען געווען פאַרצויגן איבער דעם האַרץ אויף דעם זיידענעם קלייד, ווי פאַרגליווערטע, אומשולדיקע טרערן, האָבן באַ־שיינט, האָבן באַגלאַנצט דאָס מלכותדיקייט. איבער דעם שבת־מלכותדיקן געזיכט איז געווען אויסגעגאָסן דער יידישער שטאָלץ, דער יידישער חן. אַרומגערינגלט פון די שניר און די טעכטער, איז זי צו צום טיש. די זיידענע קליידער האָבן נאָכגעשאַרכט, די בריליאַנטן און פערל האָבן די אויגן פאַרבלענדט און דרך־ארץ פאַרשפּרייט.

דער רבי האָט גענומען דעם הייסן זילבערנעם בעכער, פול אָנגע־גאָסן מיט וויין און האָט קידוש געמאַכט: „ויברך אלהים את יום השביעי ויקדש אותו — און גאָט האָט געבענטשט דעם זיבעטן טאָג און האָט אים געהייליקט”.

און דער רבי האָט אים געהייליקט. די קדושה האָט צווישן עולם איבער די קעפּ אַרומגעשוועבט, זי איז אַרויס דורך דעם אָפענעם פענצטער אין גאָטס פאַרסודעטער וועלט אַריין, און אַלץ, אַלץ, די גאַנצע וועלט פון וואָכעדיקן געהויבן, דערהייכט און פאַרשבתט.

*

אין געסל איז שוין פינצטער. די שטערן, טיף איינגעזעצט אין טיפן בלויען הימל, זעען־אויס ווי שבת־ליכטלעך, וואָס גייען אויס אין אַ יידישער שטוב, ווען דער עולם איז אַרום טיש ביי די מעשה־ביכלעך איינגעשלאָפן. דאָ און דאָרט האָט נאָך אין אַ פענצטער געברענט אַ שבת־ליכטל, געהאַלטן ביים אויסגיין, און פון אָפענעם פענצטער האָט זיך נאָך געהערט אַ פאַרשלאָפן, אויסגייענדיק זמירות. דעם רבינס קידוש האָט זיך אויסגעשפּרייט אין אַלע פיר עקן וועלט, צווישן נאַכט, הימל און ערד, און איז פאַרשלאָפן געוואָרן פאַר מתיקותדיקייט... ווייט אין דער גאַס האָבן זיך געהערט טריט פון די יידישע שומרים, וואָס האָבן ביי נאַכט דאָס שטעטל געהיט, אַז מען זאָל עס נישט אונטערצינדן...

פון דעם רבינס אָפענע פענצטער האָט דאָס זינגען הויך, ברייט און ווייט אין דער גאַס זיך אַ וועג געמאַכט.

צוויי ווייסע בערד, צוויי ווייס־גרויע קעפּ האָר, האָבן זיך אין דער טונקעלער נאַכט געווייסט. געווען זיינען עס ר' יחזקאל און ר' חיים, צוריקגייענדיק פון רבינס קידוש.

פֿון דעם בית־המדרש פֿענצטער האָט נאָך אַרויסגעדרונגען אַ קליין, פֿאַרדויכערט ליכטל, און אַ האַלב פֿאַרשלאָפֿן קול פֿון גאַנץ פֿאַרשלאָפֿענע יידן האָט זיך געלאָזט הערן.

זיי זיינען אַריין אין בית־המדרש.

ביים טיש וואָס איז שוין קוים באַלויכטן פֿון אַן אויסגייענדיקן לאָמפּ, זיצט דער רב, אַרום אים באַלעבאַטים, פֿאַרמאַטערט פֿון אַ גאַנצער וואָך אַרבעט, און לערנט מיט זיי די סדרה פֿון דער וואָך:

— ואתחנן אל ה׳ בעת ההיא לאמור: „האָב איך מיך געבעטן ביי גאָט אין יענער צייט, אַזוי צו זאָגן".

אַ גרויס דעמפּיקייט האָט געדריקט צווישן דעם קליינעם, האַלב־פֿאַרשלאָפֿענעם עולם.

צווישן עולם האָט דער הויכער בלינדער לייב שוסטער אַרויסגעשטאַרט, און הויך אויפֿן קול צוגעשנאַרכט...

די באַלעבאַטים האָבן זיך פֿאַרשעמט.

קאַפּיטל אַכט

# צומאָרגנס

שבת אין דער פֿרי. די זון גייט אויף אין הימל, איבערן שטעטל ציט זיך דער ליכטיקער טאָג. אַליין ווערט עס טאָג, פֿון שטעטל העלפֿט קיינער נישט צו. די געוועלבער זיינען פֿאַרמאַכט, פֿאַרהאַקט, עס וועקט זיך קיינער נישט. קומט אַ פּויער אין גאַס אַנצופֿאָרן מיט זיין פֿור, זעט עס קיינער נישט אָן. ער שטעלט זיך אָפּ די פֿערד פּאַשן און „האַלט שבת" אין מיטן גאַס... וואו־נישט־וואו און ווען־נישט־ווען ווייזט זיך אַ ייד אַ באַלעבאָס פֿאַר דער טיר, אין אַ פּאָר ריין געוואַשענע גאַטקעס, און גענעצט פֿראַנק־און־פֿריי אין דער וועלט אַריין. דאָרט גייט אַ ייד, אַ חסיד, צוריק פֿון מקווה און טראָפּנס וואַסער רינען אים פֿון די נאַסע פּאות אויף דים פֿריש־געוואַשענעם קאַלנער פֿון העמד, וואָס פֿאַרלייגט זיך מיט אַ באַזונדער באַלעבאַטישקייט איבערן קאַלנער פֿון פּאַלטאָ. אין מיטן מאַרק ווייזט זיך פּלוצלינג אַ הויכער, דאַרער ייד, מיט אַ לאַנגער ברייטער באָרד, און עפֿנט אַ גרויס מויל אויף און ציט אויס ווי אַ לאַנגן שנור:

— אין שו—ל—ל אַ—ר—יין!

הייבן זיך אָן ווייזן יידענעס אין ווייס געפּרעסטע ספּאָדניצעס, לויפֿן־צו און קלאַפּן אין לאָדן אַריין: שרהלע, מען האָט שוין גערופֿן! האַקן זיך פּרענטעס־אייזן, עפֿענען זיך לאָדן, און עס ווייזן זיך ווייסע שלאָף־מיצן פֿון די אויפֿגעעפֿנטע פֿענצטער. קוקן צום שטאָט־זייגער, וואָס איז אויפֿן טורעם פֿון ראָט־הויז: ווי שפּעט איז?

הייבן זיך אָן צו ווייזן אויסגעפּוצטע ווייבער. יידישע קינדער האָבן ליב צו סטראָיען זיך פֿון איין שבת צום צווייטן; אין אַלעם שענסטן, וואָס אַ יידענע האָט, וועט זי זיך אין דעם אויסצירן צו ווייזן זיך אין גאָטס הויז. דעמאָלט, פֿלעגן זיין די ברייט־זיידענע קליידער, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן פֿון אויבן שמאָל און זיינען וואָס ברייטער אַראָפּגעגאַנגען, אַזוי אַז די יידענע האָט אויסגעזען, גלייך זי וואוינט אין דער קלייד מיט אַ האַלב טוץ קינדערלעך. מען פֿלעגט ליב האָבן צו סטראָיען זיך אין קאַ־ראַנקעס; ירושות פֿלעגט מען זיך איבערלאָזן פֿון מאַמע צו טאָכטער, רעכטע קאַלישער קאָראַנקעס. יעדער קאַפּטאַנדל איז אַרום די אַרבל און

ביים האַלדז־מויל געווען באַהאָפטן מיט ברייטע, זיידענע קאָראָנקאָווע פריד־קעס. און אויפן קאָפ אַזאַ מין האַלב קאַפּעלושל, צוויי בלימלעך אויפגע־צויגן אויף צוויי דראָטן, אויפגעפּוצט אין דער הייך, און אַרומגעהילט מיט אַ טערקישן טוך, וואָס מען פלעגט עס רופן „שול־טוך". יונגע ווייבלעך פון דער היינטיקער וועלט פלעגן טראָגן קראַגנדלעך מיט לאַנגע צוויי שפּיצן און פאַרבונדן מיט אַ לייפּציגער זיידן שאַלעכל; און די צוויי אויסגעהאָפטענע שפּיצן פון שאַלעכל זיינען געווען פאַרשלייפט אין אַ ברייטן שלייף איבערן האַרץ. דאָס פלעגט זייער פּאַסן און פאַראיידעלן דאָס ווייבלעכע געשלעכט. און אויף דעם גלאַטן שייטל אַזאַ מין קאַפּעלוש פון שוואַרצע קאָראָנקעס מיט אַ לאַנגן, שוואַרצן פעדער, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט זיידענע צוויי בענדער איבערן האַלדז. מיידלעך, אָנגעטאָן שוין אין די שבתדיקע אָפּגעגלאַנצטע קאַמאַשלעך, אין די ווייסע אונטער־קליידער, שטייען אין די טירן, אין די פענצטער איבער דער גאַנצער גאַס, און מען קוקט נאָך. די אויסגעפּוצטע פילן, אַז זיי גייען אויפן פּאַראַד, גייען זיי פּאַמעלעך, מיט אַ מינעלע און אַ חנדל, ווייסן, אַז הונדערט אויגן קוקן איצט אויף זיי, באַטראַכטן אַלע זייערע מינעס, יעדער באַווע־גונג, און אַלץ וואָס איז אויף זיי, ווערט אָפּגעוואויגן און אָפּגעמאָסטן אין הונדערטער מיילער... די ייִנגלעך פאָראויס, טראָגנדיק דער מאַמע, אָדער דער מומע דאָס סידורל מיט דער תחינה, פאַרבונדן אין אַ נאָז־טיכל. עס האָבן זיך געלאָזט יידן, באַלעבאַטים, אין שבתדיקע קאַפּאָטעס, אין ריינע שטיוול, מיט די קעלנער פון די געוואַשענע העמדער. טייל אין טלית אָנגעטאָן, נאָך טייל האָבן די ייִנגלעך די טליתים מיט די חומשים נאָכגעטראָגן. עס האָבן זיך געלאָזט חסידים אין אַטלעסענע קאַפּאָטעס און שטריימלעך און ווייסע געפּרעסטע קראַגנדלעך מיט זיידענע שניפּסלעך, וואָס עס האָט צו וויסן געגעבן פון באַלעבאַטישקייט אין דער היים; טייל אין מקווה, טייל פון דער מקווה. די גאַס איז וואָס אַ מאָל באַלעבטער געוואָרן, היימישער און שבתדיקער, די זון האָט זיך ליכטיק צעגאָסן איבערן הימל, אַ פרישע, אַ ליכטיקע, אַ נייע, אָנגעקומען אויף שבת. און זי האָט באַגאָסן מיט ליכט איין ריי הייזער, און די צווייטע זייט איז אין שאָטן געלעגן. און אויף די בלעטער פון די בליענדיקעביימער פאַר דער טיר האָט זיך נאָך דער נאַכט־טוי אויפגעהאַלטן.

נאָר די שול איז נעבעך געשטאַנען וויסט, אַ חורבן, און אַרומגע־צוימט מיט ברעטער, אַ קבר פון אַ שול... און די איינציקע וואַנט, וואָס איז נאָך שטיין געבליבן נאָך דער שׂרפה — אַ „כותל מערבי", אַ מצבה אויף אַ שול. און יידן גייען דורך, קרעכצן און גייען דאַווענען אין בית־המדרש אַריין.

אין בית־המדרש האָט מען שוין געדאַוונט. דער שול־חזן האָט זיך אָנגעגרייט נייע „שטיקלעך״ פאַרן עולם, וואָס קומט צום רבין. דער חזן, אַרום די משוררים, די יינגלעך, די קוויטשערלעך, וואָס אַ גאַנץ יאָר טוען זיי זיך אין די גאַסן אַרומוואַלגערן, קיינער קוקט נישט אויף זיי, היינט מיט איין מאָל זיינען זיי גרויס געוואָרן, מאַכן פרייִלעך, מאַכן ווייִנען דעם עולם, און טראָגן זייער געבעט אין הימל אַריין... ביי דער טיר שטייען די „מבינים״, דער הענטשקע־מאַכער מיטן געשוירן בערדל און חברה, און קריטיקירן, דרייען מיט די נעז פון צייט־צו־צייט, טאַפּן מיט די פּיס, פאַרהאַלטן זיך די אויגן, און מיט אַ מאָל גיבן זיי אַ פאַרדריי דעם קאָפּ, האָרכן זיך איין: אָט... אָט!... ר׳ יחזקאל מיטן חתן זיינען געקומען אַ ביסל שפּעטלעך, נאָר עס פּאַסט אַזוי פאַר אַ חתן, פאַר אַ חסיד. מען האָט אים מכבד געווען מיט מפטיר, ווייבער האָבן פון דער ווייבערשער שול אַראָפּגעקוקט און איינגעהאָרכט זיך, ווי דער חתן זאָגט דעם מפטיר.

נאָכן דאַווענען האָט ר׳ יחזקאל אַהיימגעבעטן דעם עולם אויף קידוש. אַלע באַלעבאַטים האָט מלכהלע פאַרהאַלטן אין אַ צווייטער שטוב איבערצואוואַרטן די פּיש, ביז חסידים וועלן קומען. איז געקומען עוזרל מיט ר׳ יצחק יודלס און מיט זייערע מענטשן, מען האָט אָנגעהויבן צו כאַפּן, צו רייסן, נישט געוואוסט, נישט ווען, נישט וואו, אָוועקגעשטופּט די באַלעבאַטים. חסידים האָבן אַ גרויס גערודער געמאַכט, אַלע אין איינעם, יונג און אַלט, געשטופּט זיך, געשטויסן זיך, געכאַפּט, אויסציִענדיק די הענט, וואָס מען האָט דערלאַנגט צום טיש. מלכהלע האָט נאָר געקוואָלן פון נחת: אין איר שטוב חסידים, למדנים, ר׳ יחזקאל איז אליין אויך אַ חסיד געוואָרן. חסידים האָבן אים געכאַפּט אין קאָן אַריין, געקלאַפּט אים אין די פּלייצעס. מען האָט אָנגעהויבן צו זינגען, עס איז פרייִלעך געוואָרן. מלכהלע האָט געטיילט פּיש. דער עולם האָט זיך געזעצט צום טיש, פון דער גאַנצער שטאָט האָט מען אָנגעהויבן צו ברענגען פאַרן חתן „קוגעל״: „די מאַמע שיקט קוגעל פאַרן חתן״ — האָבן די מיידלעך געזאָגט, אַריינברענגנדיק עפּעס אין אַ טעלער, פאַרשטעלט מיט אַ צווייטן און מיט אַ סערוועטל אַרומגערינגלט.

— אַ שיינעם דאַנק — זאָגט די מאַמע — אם ירצה השם, אַז דיין חתן וועט זיצן ביים טיש, וועט מען מיט פלאַשן וויין אָפּשיקן — האָט געקלונגען דער ענטפער פון דער באַלעבאָסטע.

דער טיש איז געוואָרן פאַרשטעלט מיט פאַרשיידענע קוגלען, און לויט דעם קוגל האָט מען דערקענט די באַלעבאָסטע. אַ באַלעבאַטישער לאָקשןקוגעל — פון אַן אַלטער באַלעבאָסטע, וואָס פירט זיך אויפן אַלטן שטייגער;

אַ געלייגטער קוגעל מיט אַ סך ראָזשינקעס און געפּילעכץ — פֿון אַ היינט־וועלטיקער „מאַדאַם“, אַ האַלבער שטרודל שוין; אַ טרוקן־מעליקער קוגעל, גוט דורכגעפּרעגלט מיט שמאַלץ, מיט ווינציק ראָזשינקעס, נאָר אַ סך פּעפּער — פֿון אַ חסידישן טיש קומט ער אַראָפּ...

*

אין דער גאַס איז לעבעדיק, פֿריילעך, דער עולם זיצט נאָך ביי די טישן, פֿון טייל פֿענצטער הערט זיך דער יום־מנוחה — טייל באַלעבאַטים זיינען איינגעשלאָפֿן אויף די סידורים, ביים בענטשן. דער יונגער עולם, אָדער די חדר־יינגלעך, גנבענען זיך אַוועק פֿון טיש, לויפֿן אַרויס פֿאַרן בענטשן אויף דער גאַס אַרויס, אַרויף דעם באַרג, וואָס איז הינטער דער שטאָט, שפּאַצירן מיט מיידלעך...

און דער שבת איז אויפֿן באַרג, דאָס שטעטל שלאָפֿט זיך געשמאַק, אונטער דער מאַמעס פֿאַרטוך — די מנוחה פֿון שבת. און חדר־יינגלעך האָבן זיך אויף דעם באַרג פֿאַרקליבן, אויף דעם שפּיץ באַרג שטייען יונגען און קוקן דורך די פֿויסטן אויפֿן שטעטל, מרגלים הייסט עס, שפּירן אויס דאָס אָרט מיט שפּאַקטיוון, באַרג־אַראָפּ גליטשן זיך ידישע קינדער איינס נאָכן אַנדערן, איינס נאָכן אַנדערן, און צערייבן די שבתדיקע קאַפּאָטקעלעך מיט די שבתדיקע שטיוול. ווייבער גייען שפּאַצירן אויפֿן וועג, פֿאַרן באַרג, און שטעלן זיך אָפּ, שרייען אויף דעם באַרג אַרויף: „נחום, די שבתדיקע קאַפּאָטע! חיים, גייסט אַראָפּ, דו גייסט?“ חברה הערן נישט און גליטשן זיך ווייטער איינס נאָכן אַנדערן באַרג אַראָפּ. באַלד שרייט אַ יינגל: „דער רבי גייט, דער רבי!“ און חברה מאַכן פּליטה, ווייט אַוועק...

און דאָרט ווייט, אונטערן באַרג, ציט זיך דער וועג אַוועק. אָט וויזט זיך דאָס וואַסערל, וואָס טיילט דאָס שטעטל דורך, דאָרט איז די וואַסער־מיל, דאָס ראָד קלאַפּט אין וואַסער, און עס פּאַטשט פֿון דער ווייטן, און דאָרט, נאָך דער וואַסער־מיל, גייען בית־המדרש־בחורים ווייט אויפֿן וועג שפּאַצירן...

*

נאָכן טיש ביי ר' יחזקאלן. ר' יחזקאל, ווי דער דרך פֿון אַ באַלעבאָס אום שבת, איז אַרונטערגעקראָכן אונטער דער דעק, מלכּהלע האָט דאָס זעלבע געטאָן.

לאהלע, אָנגעטאָן אין אַ שבתדיק קליידל און אַ וויס שירצל, איז אַריין אין סאַלאָן און, ווי אַ היינט־וועלטיקע כּלה, האָט זי זיך ביים פֿענצטער אַנידערגעזעצט, לייענען אַ מעשה־ביכל. „ער“ האָט זיך איבערן סאַלאָן געדרייט אַהין און צוריק, שוין אַ ביסל דרייסטער, צוגעוואוינטער.

מען האָט זיך געפֿילט „אונדזער״, כאָטש מען האָט נאָך קיין רעכט וואָרט צווישן זיך ניט געהאַט גערעדט. זי האָט ווייטער געלייענט און זיין ביי־זיין האָט שוין נישט געשטערט, נישט געשעמט; מען האָט זיי דאָך פֿאַר חתן־כּלה געמאַכט. זי האָט גאָרנישט גערעדט, נאָר געפֿרייט זיך, אינעווייניק זיך עפּעס געפֿרייט אין האַרצן: עס איז אירס, פֿאַר איר אַ חתנדל. און זי האָט אין האַרץ זיינע טריט געציילט. זיי האָבן ס׳מאָל נישט געקוקט אויף זיך, טייל מאָל האָבן זיי פֿון זיך די אויגן נישט אַראָפּגענומען, מען טאָר דען נישט? נאָר רעדן האָבן זיי נישט געהאַט וואָס צו רעדן, זיינען זיי שווייגעדיקערהייט אין שטוב געווען.

— וויל אַברהמל אפֿשר זאָדע־וואַסער טרינקען? — האָט זי אים פּלוצלינג אַ פֿרעג געטאָן, שוין דרייסטער אַ ביסל.

— אַ שיינעם דאַנק — האָט ער איר אָפּגעענטפֿערט.

האָט זי אים אַ גלאָז זאָדע־וואַסער דערלאַנגט, פֿאַר אים אַנידערגעשטעלט נעענטער צוגערוקט, האָט ער דאָס גלאָז אין דער האַנט גענומען, און האָט הויך אַ ברכה געמאַכט. האָט זי געפֿילט, ווי די ברכה קערט זיך שוין מיט איר אָן, האָט זי אין דער שטיל „אָמן״ אָפּגעענטפֿערט. איז איר עפּעס אַזוי גוט געווען, ווי זי וואָלט בשותּפֿות מיט אים די ברכה געמאַכט...

זיינען זיי ווייטער שטיל געוואָרן. ער האָט זיך ווייטער אין דער שטוב געדרייט אַהין און צוריק. ער האָט איר געוואָלט דערציילן די מעשה פֿון לאָוויטשער בחור, פֿון זייער בית־המדרש, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז זי איז אַ מיידל, פֿון וואַנען ווייסט זי פֿון אַזעלכע זאַכן? האָט זי אים געוואָלט דערציילן פֿון אירע חברטעס, — איז ער אַ יינגל. האָבן זיי געשוויגן, נאָר געפֿילט, אַז עס איז זיי גוט אין איינעם, עפּעס זיינען זיי זיך ביידע חתן־כּלה, און ווייטער — פּטור...

און פֿון דרויסן האָט די שבת־זון דורכן אָפֿענעם פֿענצטער אַריינגעשיינט, אַרויפֿגעגאָסן ליכט אויפֿן שויבן־שענקל און באַלויכטן די זילבערנע לייכטער מיט די גלעזער. פֿון אָפֿענעם פֿענצטער, פֿון וואַנען דער פּולער בוים בלעטער שאָקלט זיך אַריין, האָט זיך געהערט דאָס געלעכטער, דאָס אַרומלאָבעסן פֿון די יונגען, וועלכע זיצן אויף דער באַנק פֿאַר זייערע פֿענצטער, און דאָ, און דאָרט שפּאַצירן אויסגעפּוצטע מיידלעך אין דער גאַס און וואַרפֿן אַריין אויגן אין פֿענצטער און ווילן כאַפּן אַ בליק אויף לאהלעס חתן.

פּלוצלינג ווערט אַ טומל, אַ געלויפֿיק געשריי הילכט פֿון דער ווייטן; אין דער גאַס ווערט אַ געלויף, מען כאַפּט זיך פֿון די בענק אויף, און מען לויפֿט ערגעץ־וואו אין געסל אַראָפּ. פֿון די אַרויסגעבייגטע ליי־

לעכער, וואָס הענגען איבער די פֿענצטער, ווייזן זיך שלאָף־מיצן; אויף שוועל און טירן ווייזן זיך ווייסע ספּאָדניצעס, קעפּ אין טיכער פֿאַרהילטע, און מען קוקט... און דאָס געלויפֿעניש, שוואַרצע קעפּ, ווייסע האַלקעס, קינדער, ייִנגלעך, מיידלעך, איינער נאָכן צווייטן — קומען אָן נעענטער אין געסל אַריין. צעהיצטע ייִנגלעך, פֿון די פּנימלעך גיסן זיך אַנגסטן שווייס, קומען אָן צו לויפֿן, שרייענדיק הויך: „געכאַפּט, געוואַלד, מען האָט זיי געכאַפּט!" די „לוויה" קומט אָן אין דער גאַס. אין מיטן דער קעפּיקער מאַסע יידן און ווייבער פֿירט מען ר' יחזקאלס פֿערדס־יונג, נאָטע. אוי! דאָס זעלנערישע היטל אַרונטערגעריסן, אויסגעריסענע האָר, רויטע, אויסגעריסענע אויערן, און ווער עס האָט האָט אַ האַנט, אַ פֿוס, פּאַטשט, קלאַפּט, צופּט. און ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ קרבן תּמעוואַטע, ווי ער וואָלט אַליין נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז. פֿון דער צווייטער זייט — יענטעלע, מלכּהלעס דינסט. דאָס טוך אַרונטערגעריסן, די האָר צעפּלאָשעט, דער קאַפּטן צעריסן. זי באַהאַלט דאָס רויטע פּנים צווישן די רויטע, גראָבע הענט. אַ יידענע גייט נאָך נאָך איר און קלאַפּט איר נאָכאַנאַנד מיט די פֿויסטן אין קאָפּ אַריין: „נחת האָב איך דערלעבט פֿון דיר, נחת!" און מען פֿירט דאָס פּאַרפֿאָלק פֿאַר יחזקאלס פֿענצטער. און די גאַנצע גאַס אין איין קול: „געכאַפּט, געוואַלד, געכאַפּט!..." ר' יחזקאל כאַפּט זיך אויף אין דעם שלאָף־ראָק מיט די לאַצן און גייט אַרויס: פּאַטשן!...

— געוואַלד, אַן עבֿרה!

אונדזער חתן־כּלה האָבן זיך פֿאַר בושה באַהאַלטן, וואו דער פֿעפֿער וואַקסט...

*

דאָס געסל נאָכן מיטאָק האָט געלערנט. פֿון יעדן פֿענצטער זיינען אַנדערע קולות אָנגעקומען צו שווימען. ר' יחזקאל, ווי אַ ייד אַ באַלעבאָס, האָט זיך פּשוט אַנידערגעזעצט, ווי זיין שטייגער, צוערשט די סדרה אָפּגעלייענט, דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן די אייניקלעך צו שיטן, ר' יחזקאל האָט פֿאַרהערט די סדרה, די באָבע האָט געטיילט שבת־אויבס, אַ באַרנע מיט אַן עפּל און אַ האַנט אַגרעס, און האָט געקוואָלן פֿון נחת.

דער חתן איז געזעסן און געלערנט ביי דער צווייטער זייט טיש, הויך, הויך אויפֿן קול, אין דער לאַנגער גמרא, גערעדט צו זיך, געקריגט זיך מיט זיך, און זיך אַליין איבערגעבעטן. באַלד האָט ער זיך געגעבן אַ לאָז אַוועק און ערגעץ־וואו פֿאַרבלאָנדזשעט געוואָרן, און וואָס אַ מאָל זיך טיפֿער און טיפֿער פֿאַרטיפֿט. ר' יחזקאל איז פֿאַרשעמט געוואָרן מיט זיין אָרעם חומש פֿאַר דער גרויסער גמרא, פֿאַר דער הייליקער גמרא... אין זיין שטוב, אונטער זיין באַלקן קריגן זיך אַרום אַזעלכע גרויסע תּנאים, אַביי און רבא, ווי שיין איז דאָס, ווי גוט איז דאָס!

פֿאַר דער טיר זיינען געזעסן אויף די שטולן מלכּהלע מיט דער מחו־תּנתטע, די שנור און די טאָכטער, אין זיידנס, אין סאַמעטן, אין די גאָל־דענע קייטן, און האָבן זיך אין דער גאַס צוגעקוקט צו די שפּאַציר־גייער.

און די זון ציט פּאַוואָליע מיט רואיקע, שבתדיקע טריט אַרונטער אונטערן שטעטל. יידן גייען אַהיים שלש־סעודות עסן, גייען צוזאַמען און שמועסן צווישן זיך. עס גייען די ווייבער שבתדיק אָנגעטאָן מיט קינדער־לעך, קינדערלעך און קינדערלעך אָן עין־הרע... וואָס רייסן די מאַמעס ביי די פֿאַרטיכער: „שבת־אויבס! שבת־אויבס!" די ווייבער מאַכן זיך נישט הערן, שפּאַצירן רואיק, און פֿון אָפֿענעם פֿענצטער קלינגט אַרויס דעם חתנס קול און מאַכט זיך ברייט זיין וועג, און פֿאַרשבתט דאָס געסל; די דורכגייענדיקע שטעלן זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע: דער חתן לערנט! דער חתן לערנט!

לאהלע האָט זיך אין דער שטיל מיט איר גאָלדענער קייט געשפּילט: איר חתן לערנט, א י ר ח ת ן...

ס'איז שוין פֿינצטער געוואָרן. דאָ און דאָרט האָבן שוין פֿון די פֿינצ־טערע פֿענצטערלעך ליכטלעך אָנגעהויבן אַרויסצודרינגען און באַלויכטן דאָס פֿינצטערניש וואָס איז אין שטוב. פֿון גאַנץ ווייט קומט אין געסל אָנ־צואשווימען אַ פֿאַרגעסענער ניגון, געזונגען ביים רבינס טיש צו שלש־סעודות, און שווימט דורך דאָס געסל אין אַן אַנדער וועלט אַריין. אַ בענ־קעניש פֿון באַהאַלטענע פֿעלדער האָט געטוליעט דאָס געסל. געוועלבלעך האָבן זיך געעפֿנט, און וואו־נישט־וואו און ווען־נישט־ווען איז אַ יידענע, אין אַ טוך איינגעהילט, דורך דער גאַס דורכגעלאָפֿן מיט אַ שטיל געוויין: „געוואַלד, מיין מאַן איז מיר אַוועקגעפֿאַלן!" טייל זיינען געלאָפֿן אין דער אַפּטייק אַריין נאָך זאַדע־וואַסער, טייל צום רופֿא נאָך דער וואָרעם־פֿלאַש, און דאָס „ווייבערשע יידל" איז פֿון שטוב־צו־שטוב אַרומגעלאָפֿן מיטן שמעק־פֿלעשעלע...

אַ שרעק איז דורכן שטעטל דורכגעלאָפֿן, ווי דער מלאך־המוות וואָלט מיט זיין פֿליגל אין אויער געפּאַכעט, מען האָט עס מורא געהאַט מיטן מויל איבערצוחזרן. אין האַרץ האָט עס געשניטן.

— די כ־אָ־ל — —

און די לבנה האָט זיך געמאַכט אַ וועג צווישן די טונקעלע וואָלקנס און איז אַרויסגעשוואומען אַזוי גוט, הערצלעך, אַזוי „גוט־וואָכעדיק"...

דאָ און דאָרט זיינען קופּקעלעך יידן געשטאַנען און האָבן די לבנה מחדש געווען...

און ערגעץ ווייט האָבן די זשאַבעס אין וואַסער געקוואַקטשעט, אָבער ווער ווייסט זיי דאָרט, וואָס דאָס זיינען פֿאַר אַ לייט?...

קאַפּיטל נײַן

# ראש חודש אלול

דערווייל זיינען אָנגעקומען די אלול־טעג אין שטעטל אַריין.

געברענגט האָט זיי צו פֿירן דער וואָלן־ייד, וואָס ווייזט זיך יעדן יאָר אין „די טעג" אין שטעטל...

איין גאָט ווייסט, פֿון וואַנען ער איז אָנגעקומען און ווער ער איז. דער ערשטער ווינטער־שליח איז ער געווען... אין „די טעג", ווען די באַלע־באַטעס זיצן פֿאַר דער טיר נאָכן אָנבייסן און טיילן די קינדער צווייערס אין חדר אַריין, די זון באַזוכט נאָך דאָס געסל, אָבער זי וואַרעמט עס שוין נישט, באַווייזט ער זיך פּלוצלינג, דער „וואָלען־ייד". ער האָט גע־מוזט אָנקומען פֿון ערגעץ־וואו וייט, וואו עס מוז איצט ווינטער זיין, וואַרעם ער טראָגט טיפֿע קאַלאָשן, מיט קלומבען וואָל אונטערן אָרעם, וואָלענע זאָקן צו שטריקן. אַ קליינער, אַ דאַרער איז ער, און טראָגט אין די גרעסטע היצן אַ דיקן וואָלענעם שאַל אויפֿן האַלדז, אַ זכר פֿון ווינטער, אַ ייד מיט אַ סוד, וואָס דער ווינטער, דאַכט זיך, האָט אים אין שטעטל געשיקט — אָנזאָגן עפּעס. און דערזעט מען אים פּלוצלינג אין שטעטל, גיט עס אַ קלאַפּ אין האַרצן, און עס דערוועקט זיך אַ הירהור תשובה...

דער ערשטער ווינטער־פֿויגל.

און נאָך אים האָבן אין שטעטל אָנגעהויבן צו ווייזן זיך אַזעלכע מיני אורחים, וואָס מען האָט זיי אַ גאַנץ יאָר נישט געזען, אורחים מיט זשיווגע היט, מיט לאַצן און קאַפּעטעס, געשניטן מיט אַ שניט פֿון אַ פֿרעמד לאַנד. אורחים מיט פּעקלעך ציצית, מיט פֿאַרשיידענע קמיעות און קינ־דערשע ביינדלעך, וואָס האָבן צו ווייזן געגעבן, אַז ערגעץ ווייט־ווייט איז פֿאַראַן אַ וועלט, זיינען פֿאַראַן יידן... און דער וועג מיט די טאָפּאָלן פֿירט אַריין, פֿירט אַרויס, אונדזער שטאָט אין דער וועלט אַריין און פֿון דער וועלט אַרויס... אורחים אין ביידלעך מיט „בלינדע יתומות", מיט יידן אויף קלעצלעך, מיט וויסטע עגונות; יידן אָרענטלעכע מיט שיינע בערד; נשרפֿים מיט כּתבים אין די הענט. עס זיינען אָנגעקומען גרים אין שטעטל, יידן מיט גויישע פּנימער, אָדער גויים מיט יידישע סידורימלעך,

האָבן דערציילט פֿון זייערע טאַטעס, אַז זיי זייִנען גראַפֿן און גענעראַלן, און זיי האָבן ליב געקראָגן די יידישע אמונה, צוליב איר אַלץ אַוועקגעוואָרפֿן, און האָבן זיך גרויסערהייט געלאָזט מל־זיין. יידן האָבן עפּעס אין האַרץ פֿאַר זיי מורא געהאַט: יידן און דאָך נישט קיין יידן...

אין בית־המדרש־געסל איז היימלעך געוועזן; מוכר־ספֿרימניקעס מיט ביידלעך זייִנען אָנגעקומען צו פֿאָרן, מיט פֿאַרשיידענע ספֿרים, תּחינות־לעך און סידורימלעך, וואָס שמעקן פֿון וואַרשוי, פֿון בערדיטשעוו און פֿון „רייסן" אויך. די חדר־ייִנגלעך האָבן פֿון די פֿערדס עקן געריסן האָר, געפּייניקט די פֿערדלעך און אויפֿן וועג אַרויסגעפֿירט צו רייטן אויף זיי. די מוכר־ספֿרימניקעס האָבן אין בית־המדרש געוואוינט, הינטערן קאַסטן שמות, און טיי זיך געקאָכט, ווען יידן דאַווענען. זיי האָבן אויף לאַנגע טישן די ספֿרים פֿאַרשפּרייט, ייִנגלעך האָבן פֿון די מאַמעס טאַשן געריסן אויף סידורימלעך, אויף ספֿרימלעך, און וועלכע יידישע מאַמע וועט דעם ביסן פֿון מויל נישט אָפּשפּאָרן און איר ייִנגל אויף אַ ספֿרל, אויף אַ סידורל אַ פּאָר גראָשן נישט געבן?...

זייִנען אָנגעקומען אין שטעטל אַריין פֿאַרשיידענע קראַנקע צום רבין צו פֿאָרן: אַ ייִד מיט אַ דיבוק, וואָס עס קרייט פֿון אים אַ האָן אַרויס; אַ ווייבל מיט אַ בויך־קוויטשער; פֿאַרשיידענע יידן מיט פֿאַרשיידענע חולאתן, יעדערער מיט אַן אַנדער פּעקל; און פֿלוצלינג — נאָך איינער, אַ דין־תּורה האָבן מיט אַ געשטאָרבענעם, וואָס לאָזט אים נישט ביי נאַכט רוען, און קומט אים רופֿן צום בית־דין של־מעלה; דאָס גאַנצע שטעטל קומט זיך צו לויפֿן הערן דעם טויטן רעדן פֿון הינטער דעם פֿאָרהאַנג.

און אויף דעם ליגט אויסגעגאָסן דאָס יידישע חנדל, דאָס יידישע היימ־מיט באַהאַלטענע סודות, דער שטויב, וואָס ליגט איבער אַלטע, הייליקע ספֿרים, און עס דאַכט זיך, אַז עס איז ערגעץ־וואו פֿאַראַן אַ יידישע וועלט, אַ יידיש לעבן, אַ גרויסער יידישער בית־המדרש און דאָס גאַנצע יידישע פֿאָלק לעבט אין אַ גרויסן קאַסטן שמות, באַהויכט מיט הייליקן שטויב, און אויף דעם ליגט אויסגעגאָסן דאָס יידישע חנדל — דאָס יידישע היימ־לעכקייט, בענקעניש...

*

אַ שיינער, העלער טאָג. די ווייבער זיצן אַרום די שוועלן פֿאַר זייערע טירן און שטריקן זאָקן און מאַטלען גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין. פֿון ערגעץ־וואו אַ הויף שווימט אין מאַרק אַרויס דאָס קול פֿון קליינע קינדערלעך, וואָס זיצן אין חדר און לערנען די הייליקע תּורה, און אַ יידענע דערמאָנט זיך וואָס אין דער תּחינה שטייט געשריבן: „אין זכות פֿון די קליינע, אומשולדיקע קינדערלעך, וואָס האָבן געטאָן די העלדזלעך אויס־

שטרעקן...״ די זון זעט מען שוין נישט אַזוי אין הימל אָן ווי אויף דער ערד, די שטראַלן בלאָנדזשען אין מאַרק אַרום לאַנגווייליק, ווי אומגעבעטענע געסט, און פּלוצלינג דערהערט זיך אַ שופר־בלאָזן. דאָס קול ציטערט אין דער לופֿט פֿון שטעטל און פֿאַרציטערט קליין און גרויס.

זיינען די ווייבער פֿאַר די שוועלן פֿון זייערע הייזער געזעסן, און דאָרט איינע האָט זיך איר ווייס שלייפֿל, איר ראָש־חודש־אלול־בלימל אויפגעציטערט, זיינען פֿורן פֿאַר די טירן אָנגעקומען צו פֿאָרן, און ווייטע מומעס, ווייטע שוועסטער־קינדער, וואָס זיינען ערגעץ אין דער פֿרעמד, זיינען אָנגעקומען מיט זייערע טיכער און שירעמס אויף קבר־אָבות, אויפצוזוכן זייערע טויטע טאַטעס, זייערע טויטע טאַטעס, אויפֿן אַלטן בית־הקברות.

און דאָס בית־הקברות ליגט אויסגעשפּרייט אַ גאַנץ יאָר אויפֿן באַרג, באַהאַלטן אין יעדער מצבה הינטער איר בוים. אַ נשמה הינטער אַ בוים — און אַלע קוקן זיי אין שטעטל אַרונטער. יעדער רב פֿון זיין דור אין דער סביבה פֿון זיינע באַלעבאַטים פֿון זיין צייט אויף אַן אַנדערן פּונקט פֿון גוטן־אָרט. קום, לאָז מען ציילן די דורות, די טאַטעס פֿון שטעטל! טייל נעמען פֿון די געשטאָרבענע הערן זיך נאָך צווישן די לעבעדיקע. ווער עס האָט זיין נאָמען איבערגעלאָזט אויף שטיינער און העלצער, ווער אויף אַ געסל און ווער אויף אַ הויף: „ר׳ יוחננס״, „ר׳ משהס הויף״, און ביי־קאָזמער בויט זיך אויף נייע הייזער און עס שטייען אויף נייע באַלעבאַטים... שטיל איז אויפֿן בית־עולם. פֿון ערגעץ הינטער אַ מצבה, וואָס איז פֿאַרוואָרפֿן הינטערן פּלויט, מיאַנטשעט אַ בייזע קאַץ אַרויס. פֿון ערגעץ־וואו שיקט אַ משוגענער הונט זיינע שטאָל־קאַצענע אויגן אַהער. דער שטאָט־באָק מיט זיין האַרעם ציגן באַלעקן די מצבות, און אַ שטילער, בייזער ווינט קלאַפּט די צווייגן פֿון די ביימער. דאָרט און דאָ זיינען לעבעדיקע פֿאַרבאָרגן צווישן די מצבות און אַ שטיל געוויין גייט אויף פֿון צווישן דעם הויכן, ווילדן גראָז, וואָס פֿאַרשפּרייט זיין בית־הקברות־געשמאַק און מען ווייסט נישט, צי דאָס געוויין קומט פֿון די טויטע אָדער פֿון די לעבעדיקע... דאָרט פּירט חנה־אסתּר, די בית־הקברות־יידענע, די עלטסטע פֿון דער שטאָט, אַ ווייבל, און ווייזט איר אָן, וואו איר פֿאָטערס ביינער רוען. און דעם חזנס „קוויטשערלעך״, צווישן איין אל־מלא־רחמים און דעם צווייטן, קלאַפּן אָפּ פֿון די הויכע ביימער די קליינע עפּעלעך, דאָס וואָס קער זיך פֿון קהל אָן צו זיי...

*

און דעמאָלט איז אָנגעקומען דער ארץ־ישראל־ייד נאָך דעם ארץ־ישראל־געלט, וואָס איז געווען אין די פּושקעס אויף די טירן ביי די מזוזות

אין יעדן יידישן הויז און וואָס יעדע מאַמע האָט צו ליכט־צינדן אַרייַנ־געלייגט אַהין „ליכט־געלט".

ווי אַ שאָטן איז ער אַנגעקומען. אַ הויכער, דאַרער ייד מיט אַ בלייך יום־כּיפּורדיק פּנים, און אין זיין הויכן, געקנייטשטן שטערן איז געווען אַ טיפער סוד אויסגעגאָסן. דער סוד, פאַר וואָס מיר זיינען אַזוי לאַנג אין גלות... דער סוד, ווען משיח וועט קומען... אַ ייד פון יענע יידן, וואָס מיר גלייבן, אַז זיי זיינען ערגעץ־וואו דאָ, נאָר מיר ווייסן נישט וואו; אַ ייד פון יענע יידן, וואָס דערזעענדיק זיי, דערמאָנען מיר זיך אָן עפּעס... אַ פאַרבאָרגענע געטריישאַפט ווייעט אין אונדזערע הערצער, און מיר פילן זיך, אַז מיר געהערן צו וועמען...

אָן ארץ־ישראל־ייד אין אַ ווייסן, אַטלעסענעם כאַלאַט מיט לאַנגע שוואַרצע פּאות. ער זיצט אין בית־המדרש, אין אַ באַהאַלטן ווינקעלע. אַרום אים האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אַ פּאָר אַלטע יידן, ר' משה־דוד, דער „שמות־ייד", וואָס האָט אויף זיך גענומען די מצווה די שמות אויפן „גוטן־אָרט" מקבר צו זיין. ר' ישעיה וואָלף, ר' נאָטע, די וואָס זיצן אויף דער עלטער אין בית־המדרש; אַלטע באַלעבאַטים פון דער חברה תהילים, משה רבנוס לייב־גוואַרדיע און דוד המלכס גוטע פריינט. זיי האָבן שוין לאַנג אין דער היים תּכריכים אָנגעגרייט מיט זעקעלעך ארץ־ישראל־ערד. און די אַלטע יידן האָרכן אויס, וואָס דער ארץ־ישראל־ייד דערציילט פון דער אַלטער מאַמען.

יידן קוקן אויף אים. אין די קנייטשן פון זיין קאַפּאָטע האַלט זיך ארץ־ישראל־שטויב אויף, דער שטויב וואָס ווייעט איבער די הייליקע קברים, איבער דער מאַמע רחלס קבר. און דאָס האַלט אין זיך אויף אַ שטומען, ליבן סוד, פון וייט...

פון זיין פּעקל האָט ער שטיקלעך קאַלך אַרויסגענומען, וואָס ער אַליין האָט אָפּגעקרישלט פון דער כּותל המערבי: „אַליין דאָרט געווען, מעריב מיט אַ מנין יידן געדאַוונט". יידן נעמען די קרישקעלעך קאַלך אין האַנט אַריין, טוען זיך אָן די אייזערנעברילן, און באַטראַכטן: שטיקלעך קאַלך פון דער כּותל המערבי, פון בית־המקדש. פון בית־המקדש איז דאָס, דאָס שטיקל קאַלך, פון דעמאָלט אָן נאָך... דעם כּהן־גדול געזען, געזען יידן עולי־רגל זיין, קומען מיט קרבנות קיין ירושלים...

פון זיין פּעקל נעמט ער אַרויס ערד. ערד פון דער מאַמע רחלס קבר. דאָרט געווען, אויפן וועג קיין אפרת, ווי עס שטייט אין חומש, וואו יעקב אָבינו האָט אונדזער מאַמע רחל באַגראָבן, אויפן וועג קיין בית־לחם, פון קבר האָט ער ערד אָראָפּגענומען.

און יידן באַקוקן די ערד פֿון די אַלטע קברים, פֿון דער מאַמע רחלס קבר, וואָס יעקב אָבינו, אונדזער טאַטע יעקב, האָט מיט זיינע אייגענע הענט באַגראָבן...

און אַ שטימע זאָגט אין האַרץ:

ואַני, און איך האָב נישט אַזוי געטאָן, בבואי מפדן — און אין מיין טאָן קומען פֿון פדן, מתה עלי רחל — איז דיין מאַמע רחל אויף מיר געשטאָרבן, בארץ כנען — מיינט מען אין ארץ־ישראל, בדרך — אויפֿן וועגן, בעוד כברת ארץ — עס איז נאָך געווען אַ תחום־שבת, לבוא אפרתה — אַריינצוקומען קיין אפרת, ואקברנה שם. זאָגט רש״י: און דאָך האָב איך זי נישט אַריינגעבראַכט קיין אפרת, אַז איך זאָל זי באַגראָבן אין ארץ־ישראל; ביסטו דאָך בייז אויף מיר; זאָג איך דיר, אַז עס איז געווען על־פי הדיבור: אַז נבוזראדן וועט יידן אין גלות טרייבן, וועט די מאַמע רחל פֿון קבר אַרויסגיין, און בעטן פֿאַר זיי רחמים, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „קול ברמה נשמע״. וועט גאָט זי טרייסטן, ווי עס שטייט אין פסוק: ויש שכר לפעולתך: עס איז דאָ אַ באַלוינונג צו דיין מי...״

און די אַלטע, תהילימדיקע באַלעבאַטים האָבן זיך פֿאַרבענקט... און וואו־נישט־וואו און ווען־נישט־ווען האָט אַ טרער־טראָפּן אויף דעם ברילן־שייבל געקאַפּעט...

*

עס איז געווען פֿאַר נאַכט. פֿון אַן אַנדער לאַנד האָט אַ קאַלטער ווינט געווייעט אין גאַס. דאָרט און דאָ האָט זיך אַן אַלטער באַלעבאָס געוויזן אין זיין ווינטער־פּאַלטאָ; ווינטער שוין געמאַכט, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אין בית־המדרש געגאַנגען, מנחה דאַווענען. שניידער־ און שוסטער־געזעלן האָבן אַוועקגעוואָרפֿן די חול־המועדיקע שטעקלעך, מיט וועלכע זיי האָבן שפּאַצירט אין די סעדער, אין די גערטנער, און מיט שיינע מיידלעך ליבעס געפֿירט — און זיינען ווי אַלטע, מיט די סידורים אין די הענט אין בית המדרש געגאַנגען, אַ קאַפּיטל תהילים זאָגן צווישן מנחה און מעריב — ראש־חודש אלול. פֿון די קליינע געוועלבלעך פֿאַלן אַרויס גרויסע פּאַסן ליכט פֿון קליינע רויכערדיקע לעמפּעלעך און פֿאַרפֿרומען דאָס געסל. דער הימל אין איין זייט ברענט אין אַ רויט־העלן גיהינומדיקן פֿייער: מען ברענט, מען בראָט דאָרט די רשעים, און זייער שטראָמענדיק בלוט פֿאַלט אַריין אין די פֿלאַקערס פֿייער און גליט און פֿלאַקערט. פֿון דער צווייטער זייט ציט זיך אַ רואיקער, פֿרומער, ערנסטער וואָלקן, איי־בערלייגט זיך מיט אַן ערנסטער, פֿרומער מינע, וואָס ער טוט, גלייך ווי

אין אים וואָלטן פֿאַרטריקנט געוואָרן די טרערן פֿון די גוטע מלאָכים, וואָס וויינען אויף די רשעימס בייזקייט. און ער נעמט אַרום און באַשיצט דאָס שטעטל, ווי עס וואָלט געהייסן: אייך נישט! אין גאַס, צווישן די ביי־מער, איז ליידיק און לער, עס ווייזט זיך קיין נישט קיין בחור, נישט קיין בתולה, אַלטע, פֿרומע ווייבער רייבן די הענט אָן די טירן פֿון זייערע געוועלבער, און פֿאַרגלייזן די אויגן צום הימל און ענטפֿערן־אָפּ אָמן נאָכן קדיש, וואָס הערט זיך פֿון בית־המדרש אַרויס... דאָס בית־המדרש איז אָנגעשטאָפּט מיט יידן, יונג און אַלט. אין גאַטס הויז ווערט אַ וואַרעמקייט. יידן האָבן זיך געגעבן אַ נעם צוריק צום רבונו־של־עולם. אַ מגיד איז גע־שטאַנען אויף דער בימה און האָט יידן מוסר געזאָגט, און מיט זיין זינ־גענדיקן, מגידותדיקן קול האָט ער יידן אויפֿגעמישט דעם ייחוס, ווער זיי זיינען, און וואָס זיי זיינען, — אַז זיי זיינען גאָטס קינדער, גאָט וויל זיי נאָר פּרואוון און ער וואַרט יעדע מינוט, אַז יידן זאָלן צו אים צוריק־קערן; און ער האָט זיי אַ משל געגעבן מיט אַ בן־מלך, וואָס האָט זיך פֿאַר־זינדיקט צו זיין טאַטן דעם מלך, און האָט זיי אויסגעטייטשט אַ פּסוק אין ישעיה: „כה אָמר ה׳ — גאָט טוט זיך אַזוי זאָגן: אי זה ספֿר כריתות אמכם — וואו איז דער גט, וואָס איך האָב אייער מוטער געגעבן?"

און יידן האָבן זיך געפֿילט ווי קינדער, פֿאַרוואָגלטע קינדער אין גלות, פֿון זייער טאַטן אין הימל. און נאָך דער דרשה האָבן זיך יידן געגעבן אַ נעם צום מעריב.

דער זעלבער וואָכעדיקער „והוא רחום", וואָס דערמאָנט אָן דעם ווינ־טער־לאָמפּ, דער זעלבער ר׳ אָשר־אַהרן־קל־וחומרס הייזעריקער ניגון (ר׳ אָשר האָט שוין זיין חזקה), נאָר דאָך איז עס נישט דער זעלבער מעריב. עס לעבט עפּעס צווישן דעם שוואַרצן עולם, וואָס איז באַהאַלטן אין דער האַלב־טונקלקייט פֿון בית־המדרש; אַ פֿאַרגעסן בענקשאַפֿט ווייעט צווישן עולם, דאָס בענקשאַפֿט פֿון פֿאַרטריבענע פּרינצן צו זייער פֿאָטער דעם מלך... אַ גלאַנץ איז געפֿאַלן, אַ טונקל־טרויעריקער גלאַנץ, אַ באַ־האַלטענער גייסט, וואָס האָט יידן אַ בשותּפֿותדיקע נשמה געגעבן. און דער פּראָסטער, וואָכעדיקער „והוא רחום" איז אַן אַנדערער געוועזן, אַנדערע ווערטער גאָר. בורא יום ולילה, גולל אור מפּני חושך וחושך מפּני אור — אַ נשמה האָט געלעבט צווישן דעם פּראָסטן עולם, די נשמה פֿון יידישן כּלל, די פּראָסטע, די וואָכעדיקע פֿון דער חברה תּהילים...

דער עולם איז געשטאַנען שמונה־עשרה. אין בית־המדרש איז האַלב־טונקל, די ליכטלעך פֿאַרן עמוד האַלטן שוין אין צאַנקען, נאָר ערגעץ דאָרט, אין באַהאַלטענע ווינקעלעך, טוקן זיך טראָפּן ליכט אין אַרומיקע

ימים פֿינצטערניש. אַ שטומע שטילקייט איז אַרום איבער די קעפּ גע־האָנגען. דער איינציקער טלית צווישן דער מענגע שוואַרצע קאַפּאָטעס האָט אויסגעזען ווי אַ לעבעדיקער צווישן טויטע שאָטנס: אַן עולם פֿון שוואַרצע שאָטנס באַוועגן זיך אַהין און אַהער, ווי אַ סודותדיקער ווינט וואָלט אין זיי געבלאָזן און געבייגט זייערע קעפּ אַהין און צוריק ווי אַ ווינט וואָלט זאַנגען געלייגט... צווישן עולם איז קיין וואָרט, קיין הויך נישט געהערט געוואָרן. דאָ און דאָרט האָט זיך אַן „אוי, טאַטע!" אַרויס־געריסן פֿון אַן אַלטער, פֿאַרקרענקטער ברוסט. און דער שטומער עולם שאָטנס, ווי ער וואָלט מסבים געווען אויף דעם קרעכץ, האָט זיך אַהין און אַהער אין אַ באַהאַלטענעם סוד געשאָקלט. אַ שטומע נשמה, געהילט אין אַ שוואַרץ ליילעך, האָט אין דער שטיל צווישן עולם מתפּלל געווען, און די תּפֿילה איז אַ שטומע און אַ שוואַרצע געווען...

*

עס איז שוין נאַכט געוואָרן.

פֿון די טאַפּאָלן, וואָס זיינען אויפֿן „שוואַרצן וועג" צום בית־עולם צו, זיינען די ניגונים פֿאַרשטומט געוואָרן, אַפּנים די „הויכע דייטשן מיט די לאַנגע בייטשן" האָבן זיך צו־פֿרי שלאָפֿן געלייגט. און פֿון דאָרטן ווייען קאַלטע ווינטן. אין געסל איז טונקל, אַלץ איז אין שוואַרצע ליילעכער געהילט. די לאָדן זיינען איבער די פֿענצטער פֿאַרמאַכט, און פֿון די לאָדן־שפּאַלטן דרינגען שטראַלן ליכט פֿון די אָנגעצונדענע לעמפּלעך אַרויס. יידן זיצן ביי דער אַרבעט שוין. עס הערט זיך אַ קלאַפּן פֿון אַ שוסטערס אַ העמערל אויפֿן שוסטער־שטיין, און דאָס קלאַפּן שלאָגט אָפּ אין געסל, ווי עפּעס באַקאַנטס, איינגעבוירענס, ווי די גריל אין אויוון... און דער־מאָנט דעם עולם אָן די לאַנגע, פֿינצטערע ווינטער־נעכט ביים ווערק־שטעלכל. אין האַרצן קלאַפּט עס מיט שרעק: ביי נאַכט.

אַרום דער שטאָט און אין דער שטאָט זיינען די הייזלעך פֿאַרטרונקען אין ימים גרין־באַוואַקסענע ביימער פֿון די שטאָט־סעדער, וואָס האָבן זיך אין שטעטל אַריינגענומען און געמאַכט עס פֿאַר אַ גרויסן בלומען־טאָפּ. די בני־ישראל האָבן אין די סעדער גערוט, דאָ און דאָרט האָבן פֿון דעם טונקעלן גרינס פֿייערלעך אַרויסגעשיינט, און אַ רויך טראָגט זיך פֿון די סעדער: אַ סעדערין קאָכט אָפּ וועטשערע, און די ליכטלעך צווישן די טונקעלע גרעזער האָבן מיט אַ ליבער, פֿרומער אימה פֿאַרסודעט דאָס שטעטל, און אין דער שטיל געצויגן צו זיך. און דאָ און דאָרט זיינען צווישן די טונקעלע גרעזער אַרויסגעפֿלויגן ברענענדיקע ווערעמלעך, ווי פֿונקען פֿייער, ווי פֿאַרלוירענע נשמות...

און גאָטס וועלט איז געווען ווי אַ פֿאַרליבטע, צנועהדיקע כּלה, וואָס שפּאַצירט איינע אַליין ביים עק וועג, אין געסל אַראָפּ, צום שוואַרצן וועג צו.

דער טונקעלער, שטילער הימל האָט קריאת־שמע געלייענט איבערן שטעטל: המפּיל שנה על עיני — טוט וואַרפֿן אַ שלאָף אויף מיינע אויגן, ותנומה על עפעפּי — און אַ דרימל אויף מיינע ברעמען...

# נאָך יום־טוב

אַריבער די ימים־טובים. דאָס שטעטל האָט זיך אָפּגעפּאַסט אַ תּענית און דערפֿאַר נאָך דעם געקראָגן אַ שמחת־תּורה. אין דער פֿרי האָט נאָך אהרון־לייב שוסטער מיטן בלינדן אויג אָנגעטאָן זיך פֿאַר אַ טערק מיטן טלית אויפֿן קאָפּ, געטאַנצט אין שטעטל מיטן ספֿר־תּורהלע און גע־קלאַפּט אין טיש פֿון בית־המדרש מיטן פֿורסט: „אונדזער משה רבנו, אונדזער...״ האָט זיך אָבער צוגערוקט די ערשטע נאַכט פֿון נאָך יום־טוב, אַ ווינטערדיקע חשון־נאַכט...

אַ שטומע, געשטאָרבענע נאַכט, — קיין הייזל, קיין ליכט. קאַלטע ווינטן בלאָזן און רייסן זיך אָן אַן אָנהויב, אָן אַ סוף. דאָ און דאָרט מאָלט זיך אויס אַ שאָטן פֿון אַ שטייענדיקן בוים, וועלכער באַוועגט זיך מיט אַ נאַקעטער צווייג און מאַכט אין דער נאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ גלגול פֿון אַ געשטאָר־בענעם בוים. דער שאָטן פֿון זיינע פֿאַנטאַסטישע, נאַקעטע צווייגן שיידט זיך אָפּ און שרעקט אין דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט, אַרום און אַרום איז שטום, טויט און שוואַרץ. ווייט אין געסל אַראָפּ, דוכט זיך, גייט פֿאַ־מעלעך דער שאָטן פֿון רחל־לאה, פֿון דער געשטאָרבענער מאַמע. זי גייט פּאַמעלעך אין אירע ווייסע תּכריכים און האָרכט זיך איין הינטער דעם לאָדן פֿון איר שטוב, צי פּייניקט נישט די שטיף־מאַמע אירע קינדער... דאָ און דאָרט שפּילט זיך דער ווינט מיט אַן אָפּגעריסענעם בלעך, מיט אַ שילד ערגעץ פֿאַר אַ געוועלבל, און קלאַפּט אַהין און אַהער. ערגעץ דאָרט, אין אַ פֿאַרלאָזטער רינע, טריפֿן טראָפּן וואַסער, און די טראָפּן קלאַפּן, בלאָנדזשענדיק אין דער רינע... ווייט אין געסל הערט זיך אַ רעשן פֿון אַ גרויפּן־מילעכל. די גרויפּן פֿאַלן אויף דעם רייב־שטיין, און עס קלאָגט זיך, האָט פּרעטענציעס — וויס איין גאָט, אויף וואָס און אויף וועמען ...

אין דער טויטער נאַכט הערן זיך איינזאַמע טריט, אָפּקלאַפּנדיק אָן שטיינער, עס גייט שוין אַ ייד מיט אַ טלית־זעקל אין בית־המדרש אַריין תּהילים זאָגן, און אַ קאַלטער „גוט־מאָרגן״ קלאָגט אין געסל. פֿון אַ הויכן פֿענצטער דרינגט אַ ליכטל אַרויס, ווי עס וואָלט אין דער לופֿטן געהאַנגען,

און אַ שטיל קלאַפּן פון אַ ניי־מאַשין צערייסט די געשטאַרבענע נאַכט: אַ שניידער איז אויפגעשטאַנען צו דער אַרבעט. פון אַ הינטער־געסל הערט זיך אַ וואָגן שפּאַנען, און ווער לויפט דאָס ווייט אין דער פינצטערער נאַכט אין געסל ?...

די נאַכט ליגט נאָך טויט איבערן שטעטל, און דאָך הערט זיך שוין דאָס לעבן פון שטעטל, פון אונטער דער נאַכט וועקט עס זיך...

גרויער ווערט די נאַכט, און דער טאָג הייבט אָן אַרויסצוקוקן ווי דורך באַהויכטע ברילן. עס שניידן זיך אַרויס פון גרויען שטח שאָטנס פון הויכע, הילצערנע געביידעס, און ווי ניי־באַשאַפן נעמען זיי ערשט אָן אויף זיך פלייש און ביינער... פון די פענצטער ווייזן זיך מאָרגן־ליכטלעך. אַ קאַל־טער ווינט בייגט דיביימער אין געסל, און עס דוכט זיך, אַז די הילצערנע געביידעס לאָזן זיך אויך בייגן נאָכן ווינט... אין מיטן מאַרק שטייען פויערישע פורן געשפּאַנט. יידן לויפן מיט פעקלעך, קאַסטנס, מיט דרענגער און ברעטער. מען פאָרט אויפן מאַרק אינם צווייטן שטעטל אַריין.

פון געסל קומט אָנצופאָרן ר׳ משה פעלצנמאַכער, ער פאָרט אַרויס מיט די פעלצן־פעלכלעך צו וואַשן זיי אין טייך. דער נאַכט־טוי הויכט נאָך אויף זיין וואָגן. דער הימל ווערט גרויער, אין אַ טלית זיך איינגע־וויקלט, און האַלט ערשט ביי „מה טובו״. די הייזלעך שטייגן און שיידן זיך אָפּ אַלץ בולטער פון גרויסן שטח. דאָ און דאָרט פאַרלעשן זיך שוין די ליכטלעך אין די פענצטער, און ווי זיי וואָלטן פון זיך אַ סוד אַראָפּגע־וואָרפן, שטייען זיי, ווי אָנגעקומענע פון אַן אַנדער וועלט, מיט אונטער־טעניקייט: אָט אַזוי זיינען מיר, אַזוי ווי איר זעט אונדז!...

בחורים, באַלעבאַטישע קינדער אין וואַרעמע פּאַלטאָס מיט די תּפֿי־לין־זעקעלעך גייען אין בית־המדרש אַריין לערנען. ס׳איז שוין גרויסער טאָג, און פון בית־המדרש שיינען נאָך אַלץ אַרויס אָנגעצונדענע ליכט. עס הערט זיך לערנען, דאַווענען — וואַרעם מוז אינעווייניק זיין... איבער די דעכער, איבער די פּלויטן ליגט פאַרהויכט דער ווייסער מאָרגן־טוי, פריש, קאַלט, און שניידט פון דער ווייטן — דער ערשטער ווינטער־הויך. פון טייל קוימנס גייט אַ רויך אַרויס: אַ יידענע קאָכט שוין דאָס אָנבייסן — דעם אַסיענדיקן קרויט־באָרשטש מיט קאַרטאָפּליעס, און איבערן שטעטל פאַרגרויט זיך אַ קאַלטער תּחינה־טאָג...

*

טייל מאָל האָט זיך די זון פלוצלינג אין הימל אַנטפּלעקט, ווי פון דער העלער הויט אַרויסגעקראָכן, ווי דעם חוב עפּעס אָפּגעפּטרט. אַ מינוט האָט זיך אין האַרצן האָפענונג געפילט. באַלד אָבער האָט אַ ווינט אין

מאַרק געבלאָזן, געכאַפּט דאָס ביסעלע שטויב מיט די פּאָר שטרויען, וואָס די דאָרפס־פֿורן האָבן אין מאַרק איבערגעלאָזט, מיט נאָך שמאַכטעס און לאַכטעס, וואָס דער גוטער יאָר ווייסט זיי, פֿון וואַנען זיי האָבן זיך אין מאַרק פֿאַרבלאָנדזשעט, און דער ווינט האָט מיט זיי אַ טענצל אין קאָן געמאַכט. דאָס שדים־טענצל האָט אין פּנים ווי מיט ריטער פֿון אַ בעזים געשניטן, און ווי מיט אַ בעזים האָט עס אין האַרץ יעדן שטיקל האָפֿענונג אויסגעקערט...

די סוכות שטייען נאָך פֿון נעכטן, דער ווינט נעמט אַ ביסל סכך אַראָפּ און טראָגט עס אין מאַרק, און ווי פֿאַרשעמט בלייבן זיי שטיין, די סוכּות, בגילוי־ראש, גאַרנישט, — פּיר ליידיקע ווענט, צוזאַמענגעקלאַפּט פֿון העלצלעך און ברעטלעך, אָן אַ דאַך, אָן אַ שטיקל סכך, צו וואָס? און צו ווען? אַ שיין פּנים האָט דאָס!

און די דרײַ ביימער אין דער יידישער גאַס שטייען איינגעטונקט אין זייערע אָפּגעוועלקטע בלעטער. די ביימער מיט די נאַקעטע צווייגן קוקן שטום און טויט, ברייט און ווייט אין מאַרק אַרײַן. טייל מאָל זײַנען זיי, ווי עפּעס מסכּים אויף וואָס, שאָקלען צו מיט אַ נאַקעטער צווייג, וואָס האָלט נאָך אַ בלעטל אויף איר שפּיץ — אַ זכר פֿון זומער: אַזוי, אַזוי, מיינע קינדערלעך!

נעכטן איז שמחת־תּורה געווען, און אָן אַלץ האָט מען געהאַט פֿאַר־געסן: איין מאָל אין יאָר פֿריילעך זײַן — איז מען פֿריילעך געווען. האַלב־שיכּור האָט מען זיך שלאָפֿן געלייגט, האָט מען זיך אויפֿגעכאַפּט אין דער פֿרי האָט עס פֿון די בעטן געהויבן. איבער יום־טוב האָט אַ יידישער קרעמער דאָס ביסל מעל פֿון זעקל אויפֿגעגעסן, ביי אַ יידישן באַלמעלאַכע איז דאָס העמערל מיט דער צוואַנג ערגעץ־וואו פֿאַרפֿאַלן געוואָרן...

מען איז אין מאַרק געקומען מיט די שטעקעלעך, מוכן־ומזומן אַ גראָשן געלט צו פֿאַרדינען. דער ווינט בלאָזט. אַ „בעל־יכול" דרייט זיך אין מאַרק אַרום, אַרײַנגעקראָכן און צעלייגט זיך אין זײַן שאָפּן־פּעלץ, איינער נאָך אין זײַן יום־טובדיקן, זיידענעם הוט (דער וואָכעדיקער איז אים ערגעץ־וואו איבער יום־טוב פֿאַרפֿאַלן געוואָרן). יידן דרייען זיך אַרום, קוקן אויס אויף אַ פֿור ווי אויף משיחן. איינער איז אויפֿן צווייטן ברוגז, פֿון דער ווייטן, פֿאַר גאַרנישט אין דער וועלט... אויף דער שוועל פֿון ר׳ לייבוש עפּשטיינס געוועלבל שטייען מעקלערס, פֿירן אין די כאָלאָטלעך, עס הייסט, ווי זיי האָבן שוין גאַרנישט וואָס מער צו טאָן. דער „בעל־יכול" קויפֿט אַ רעטעך אין גאַס ביי די שטעלן צום מיטאָג. יידן קוקן אים נאָך און קרעכצן, טייטן אויף אים מיט די פֿינגער, אַלע קלערן איצט איין געדאַנק: נאָר ער אַליין וועט היינט מיטאָג עסן...

אין געסל דערהערט זיך אַ גערודער. דער סטראַזשניק שלעפּט צוויי לייכטערלעך מיט די שבת־קאַלדרעס פאַר פּאַדאַטקעס, אַ יידענע לויפט נאָך, בעט זיך, — דער סטראַזשניק הערט נישט. יידן ציטערן אין די לייכטע כאַלאַטלעך, און עס קלאַפּט אין די הערצער: אוי, אוי, דירה־געלט...

קינדער גייען נישט אין חדר אַריין. פון אַלטן חדר אַרויס און אין נייעם נאָך נישט אַריין, דרייט מען זיך דערווייל פוסט און פּאַס אַרום, און מען וואַרפט זיך דער מאַמען אין די אויגן. די מאַמעס שילטן, כאַפּט מען אַ שטיק ברויט אין קעשענע אַריין און מען לאָזט זיך. אין קצבישן געסל זיינען אויסגעשפּרייט פעלצן־פעלכלעך צו טריקענען זיך אויף דער זון. אויף לאַנגע זעק איז פאַרשפּרייט ווינטער־אויבס, עפּל, פלוימען, כאַפּט מען הויפנס פלוימען און מען לויפט אין שטאָט־פעלד אַראָפּ, וואו די בהמות פּיטערן זיך. אַ שווערער טוי הויערט אויף אַלץ, נאָר עס שאַדט נישט, מען נעמט צוזאַמען צווייגן, שטענגלעך פון טערקישן ווייץ, אי־בערגעבליבן סכך און מען מאַכט פייער, מען בראָט קאַרטאָפל, מען זעצט זיך אַרום און מען פלעכט לולב־פינגערלעך (אָוועקגעגנבעט פון איבער־געבליבענעם לולב). דער רויך פון פייער גייט אויף און לייגט זיך שוואַרץ איבערן שטעטל, קינדער האָבן דאָס שטעטל איינגענומען...

מלמדים דרייען זיך אין מאַרק אַרום, חנפענען די אָרעמע באַלע־באַטים. אַנגעגעסענע טאַטעס האָרכן אויס די גוטע רייד און שאָקלען צו מיטן קאָפּ... בחורים קומען־אָן צו פאָרן פון דער פרעמד מיט די קעסט־לעך אויף די פּלייצעס און נייע קאַפּאָטעס (געמאַכט אויף יום־טוב), גייען אין די הייזער אַרום שאָפן זיך טעג. מאַמעס באַגלייטן זייערע בחורימלעך אויסער דער שטאָט אַרויס, נאָכשלעפּנדיק נאָך זיי די קעסט־לעך, שיקן זיי אין דער פרעמד לערנען, קלערן אויף אַ תכלית...

דאָס גאַנצע שטעטל האָט פאַר עפּעס מורא. עס ציטערט, ס׳קלערט אויף אַ תכלית...

הינטער דער שטאָט אַרויס שפּאַצירט אַ ייד אַ שניידער מיט אַ לאַנ־גער, געלער באָרד און פאַרלאָפענע אויגן מיט אַ הויכן, דאַרן געזעל. אַ יונג, אַנגעטאָן אין אַ נייעם „סאַק־ראַק״ — זיין זומער־לוין. גייט מיט אים דער שניידער, זאָגט אים גליקן צו, דער יונג שווייגט שטיל. און דאָרט אויפן וועג לאָזט זיך שוין איינער מיט אַ פּעקל אויף די פּלייצעס ווייט אין דער וועלט אַריין, זוכנדיק ערגעץ אַ שטיקל ברויט אין דער פרעמד, און אַ מאַמע גייט נאָך און בענטשט און וויינט...

פאַר נאַכט קומען־אָן די פורן צו פאָרן פון מאַרק, מיט פּעק, קאַסטנס, דרענגער און ברעטער. פון די געוועלבער דרינגען די לעמפּלעך אַרויס,

די הימלען זיינען פאַרכמאַרעט, ליגן געדיכט נאָענט איבערן שטעטל, אַ קאַלטער רעגן קאַפּעט — אַזוי איז שוין, אַז עס איז מאַרק־טאָג מוז רעגענען — מיט איין מאָס, מיט איין כוונה, אָדער גאָר אָן כוונה. די רינשטאָקן ווערן ברייטער, פולער מיט וואַסער, נעמען אַ האַלבע גאַס צו. מען קען שוין נישט אַריבער פון איין זייט גאַס צו דער צווייטער. מען שטייט אויף די שוועלן און מען קוקט זיך אַריבער. דאָס וואַסער פון די רינשטאָקן קומט אַריין אין די געוועלבלעך, וועלכע ליגן מיט די שוועלן אין דער ערד איינגעקאַפּעט. יידן שאַרן אַרויס דעם אומגעבעטענעם גאַסט מיט לאָפּעטעס, פלעדער־ווישן. דורך איין טיר גייט ער אַרויס, דורך צען צוריק אַריין, און גזלט אַרויס שטיקער האָלץ און ברעטלעך פון די געוועלבלעך און שווימט דערמיט אין גאַס. די ווייבער לויפן נאָך: כאַפּט, האַלט־איין, האַלט־איין!

אין געסל שפּאַצירט אין בית־המדרש אַריין גדליה יודלס, דער טויט אַליין, אַ ייד אַ סוכאַטניק פון טאַטן און זיידן, הויך ווי אַ ייד און שמאָל ווי אַ יינגל, אַזוי אַז מען האָט מורא, אַז דער הויכער גוף זאָל זיך נישט דורכברעכן. זיין דינער האַלדז איז מיט אַ דיקער פאַטשיילע פאַרבונדן. ער כאַרכלט און קוקט מיט די גרויסע אויפגעריסענע אויגן. דאָס שטעטל ווייסט, אַז ער וועט שטאַרבן דעם חודש, דער ערגסטער חודש פאַר סוכאַט־ניקעס, און זיי קוקן אויף זייער גלייכן, וואָס איז נאָך היינט מיט זיי, און מאָרגן וועט ער שוין געהערן צו דעם סוד, וואָס איז אַזוי באַהאַלטן פון אונדז און וואָס מיר האָבן אַזוי מורא דערפאַר. אין געסל ווערט שטיל, אַז גדליה יודלס גייט דורך, מען הייבט אָן אין די הערצער תשובה צו טאָן, ווי דער מלאך־המוות מיט זיינע ברייטע, שוואַרצע פליגל וואָלט דורכן געסל דורכגעפלויגן. ייִנגלעך שטייען און סודן זיך אין אויער, און ווייזן מיטן פינגער אויף אים... און דאָס געסל האָט דרך־ארץ פאַרן טויט...

*

ביי נאַכט זיינען די באַלעבאָסטעס געזעסן מיט די שכנות אַרום דעם אויוון, אין וועלכן עס האָבן זיך געבראָטן עפּעלעך פאַר די יינגלעך, וואָס לערנען אין חדר ביי נאַכט. דער ווינטער־לאָמפּ האָט זיך אויפן טיש געברענט, און ווייבער זיינען געזעסן אַרום, די ווינטער־וועש פאַרריכט און מעשיות דערציילט. די יונגע קינדער, וועלכע לערנען אין די דרדקי־חדרים, האָבן די באַהעלפערס שוין פון חדר געבראַכט, און ביז די עלטערע וועלן פון גמרא־חדר קומען און אָנהייבן דאָס גרויסע שפּיל, זיצן זיי דערווייל ביים קליינעם קינדערשן טישעלע און שפּילן „הענגלעך".

אין שטוב איז דערווייל נאָך שטיל. דורך די פֿינצטערע פֿענצטער קוקט אַרייַן די פֿינצטערע נאַכט. אין דרויסן איז נאַכט — און דאָ זייַנען מיר אין דער היים, „ביי דער מאַמען".

פֿון לאָוויטשער מאַרק איז אויך צוריקגעקומען מיט אירע פּעק און קאַסטנס מלכהלע, ר' יחיאל גאַמבינערס וויַיב. ווי אַן אַלטע באַלעבאָסטע איז זי געפֿאָרן אויפֿן מאַרק איינקויפֿן דעם אויסשטייער פֿאַר לאהלען, דער יינגסטער טאָכטער. אַז זי איז געקומען מיט די פּעק און די קאַסטנס, איז זיך צונויפֿגעקומען דאָס גאַנצע הויז־געזינט, די גאַנצע משפּחה, און אַלע נאָענטע און ווייטע באַקאַנטע, איטל און הינדעלע, און רחל־לאה מיט די מומעס, באַקוקן די זאַכן, זאָגן מבינות, וויפֿל עס קאָסט, און ווינטשעווען דער כּלה. מלכהלע האָט אויסגעפּאַקט דעם ציץ מיטן קאָרט, די טיכער און די געצויגענע ליילעכער, און פֿון יעדן שטיקל באַזונדער זיין היסטאָריע דערציילט, די טרעפֿענישן און די געשעענישן, ווי אַזוי און ווי אַרום עס איז געוואָרן געקויפֿט און די „שיעורן", וואָס האָבן זיך גע־טראָפֿן ווי די האָר אויפֿן קאָפּ. די ווייבער האָבן יעדער זאַך באַזונדער געטאַפּט, געוואויגן און געמאָסטן און געגאַנגען טרעפֿן, וויפֿיל עס קאָסט און קיין מאָל נישט געקענט טרעפֿן: אָדער אַ ביסל צו פֿיל, אָדער אַ ביסל צו ווינציק. אַליין צו פֿאַרשטייך, האָבן די ווייבער, ווי דער שטייגער איז, פּונקט קאַפּויער געטראָפֿן, איינע ווי די צווייטע. אַז איינע האָט געזאָגט בוידעם, האָט די צווייטע געמוזט פּונקט טרעפֿן קעלער. איז דאָרט אַרויס־געקומען אַ ביסל מינעס, מיט מויל־פֿאַרקרימעניש, נו, נו... איז געקומען צו גיין דער קאַלישער ווייבערשער שניידער, אַ שוואַרצער יונגערמאַן נאָך דער חתונה, וואָס דאָס וואויל־יונגקייט ליגט אים נאָך אויפֿן פּנים אויסגעגאָסן, דער מיטן אַכט־קאַנטיקן היטעלע, וואָס לייענט מעשה־ביכלעך, וואָס אַלע שבת טאַנצן ביי אים יונגעג מיט מיידן, און וואָס ער האָט אַ געוואוינהייט די ווייבער צו קיצלען הינטער די אָרעמס, אַז ער נעמט זיי די מאָס, און וואָס טאַקע איבער דעם האָט ער שוין נישט איין מאָל געקראָגן אויסגעפּאַטשט פֿון אָרענטלעכע באַלעבאַטים. ער איז גע־קומען מיטן בוך, וואָס ער רופֿט עס „זשורנאַל" — אַזאַ מין בוך מיט ווייַ־בערשע מענטעלעך — און האָט געוויזן, ווי מען טראָגט אין פּאַריז קליידער מיט שמאָלע אַרבל און אַרום האַלדז אַזעלכע פֿרענדזלעך, איינס אויפֿן צווייטן פֿאַרוואָרפֿן, און האָט דערציילט, ווי מען טראָגט אין פּאַריז אַזעלכע מיני מאַנספּערשוינענדיקע קאַפּאָטעס מיט באַשליקן פֿון הינטן. ער ווייסט, זאָגט ער, ווי צו אַרבעטן, ווי מען טראָגט אין דער וועלט, נאָר דאָ איז נישטאָ פֿאַר וועמען. טאַקע דערפֿאַר וועט ער באַלד נאָך פּסח פֿאָרן קיין לאָנדאָן, אויפֿן ים, ער האָט שוין אין דער היים אַ שיפֿס־קאַרטע

ליגן. און דאָס אַלץ האָט ער „געשפּראָכן״ אין אַזאַ מין ניי־מאָדנער שפּראַך, מיט דייטשע ווערטער, פֿון די ביכער אַרויס. אַזאַ שניידער־ייִנג איז דאָס, קיין ייִד וועט שוין פֿון אים נישט זיין...

אין קיך שטייען אויסגעשטעלט אַלע קינדער, ייִנגלעך און מיידלעך (ערשט צוריקגעקומענע פֿון חדר, די ליכטלעך ברענען זיך נאָך אין די לאַמטערנדלעך). אין מיטן צווישן זיי שטייט רחל־לאה די בעקערין און טיילט פֿון אַ גרויסער שירץ אַרויס קליינע האָניק־לעקעכלעך, לאַנגע פּלעצלעך, געמאַכט ווי פֿייגעלעך, וואָס זי האָט פֿאַר זיי געבאַקן, וואָרעם אַזוי איז שוין דער מנהג פֿון לאַנג, צו טיילן די קינדער לעקעכלעך, אין דער נאַכט, ווען מען גיט אַוועק דעם אויסשטייער צו נייען.

קאַפּיטל עלף

# דריי חופּות

מזל־טוב, מזל־טוב! היינט איז לאהלעס חתונה.

אַ שטילע, קלאָרע טבת־נאַכט.

נאָך אַ פּאָר טעג, ווי דער שניי האָט אָן אויפהער געשאָטן אויפן קליינעם שטעטל און באַשאָטן עס פון קאָפּ ביז צו די פּיס, איז אין אַ שיינעם פּאָר נאַכט די לבנה אָנגעקומען. זי האָט זיך געמאַכט אַ וועג דורך די וואָלקנס און האָט דאָס שטעטל ליכטיק געמאַכט אַזוי, אַז די קינדער, וואָס זיינען אַהיימגעגאַנגען פון חדר מיט די ברענענדיקע לאַמטערנדלעך, האָבן זיך מיט זיי מער באַנוצט פאַר אַן אילומינאַציע, ווי אויף צו באַלייכטן דעם וועג. נאָך דער לבנה זיינען אַרויסגעשוואומען די שטערן, יעדערער איינציקווייז, פון די באַהאַלטענע ערטער, וואו זיי ליגן אין זייער רו, און האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צווישן די גרויסע ריסן פון איין וואָלקן און צווייטן אין די עקן וועלט אַריין. די שטערן האָבן געשימערט און באַלויכטן די בערג שניי, וועלכע האָבן געהויערט איבערן שטעטל און אין שטעטל, ווי סטאָדעס ווייסע שעפּסן, איינס ביים צווייטן...

אין שטעטל איז היימלעך. די געוועלבלעך זיינען אָפן, די לעמפּלעך שיינען אַרויס, ייִנגלעך כאַפּן זיך אַרויף אויף די שליטנס, וואָס קלימפּערן אין גאַס. אין שטעטל איז אַ שמחה: דריי חופּות! דער גביר פון שטעטל, ר׳ יחזקאל, מאַכט חתונה זיין יינגסטע טאָכטער, לאהלע. ר׳ יחזקאלס פערד־יונג נאָטע פירט אונטער דער חופּה יחזקאלס קעכין יענטען, און דער בלינדער עקיבא גיט איין אַ ספר־תורהלע. ביי ר׳ יחזקאלן וועט דער רבי אַליין מסדר־קידושין זיין. אַזוי פיל חסידים, נגידים זיינען אָנגעקומען אויף דער חתונה, מיט אַ מוזיק פון סאַמע פידלען, און ר׳ נח בדחן איז אויך דאָ — עס וועט זיין אַ לעבן!... אויך נאָטעס חופּה וועט זיין ניט אַבי ווי, נאָטע וועט צודעקן יענטען דעם קאָפּ פאַר כל־ישראל. ניט אומזיסט איז שוין אַזאַ מנהג ביי די אַלטע באַלעבאַטים חתונה צו מאַכן אַ דינסט אין איין טאָג, ווען מען גיט די יינגסטע טאָכטער אויס. און היינט דער יום־טוב פון אַריינגעבן דאָס ערשטע מאָל אַ ספר־תורה אין חברה תהילים!

דאָס גאַנצע שטעטל איז פֿול מיט מחותּנים און מחותּנתטעס, מען ראַמפּלט אַרום אויף שליטנס, וועלכע קלינגען מיט די גלעקלעך אין אַלע גאַסן. יונגען כאַפּן זיך פֿון הינטן אַרויף, און עס איז אַ ליאַרעם און אַ געטומל. עס באַווייזן זיך חסידים אין זיידענע היט, סאַמעטענע היט, אין שטריימלעך און ספּאָדקעס, געקנייטשט אין דרייען, טיילן זיך כּיבודים אין דער גאַס. עס באַווייזן זיך יידן אין אויסגעשמירטע שטיוול מיט אייל, אין שבתדיקע, טוכענע קאַפּאָטעס מיטן שניט פֿון הינטן; מחותּנתטעס מיט הויכע הייבן, מיט שלייפֿעלעך און זיידענע ברייטע קליידער. ברוגזדיקע מומעס שטייען פֿאַר די טירן, אָנגעטאָן מיט די קייטעלעך, מיט די בראַש־קעלעך און וואַרטן אויף דעם שליטן, וואָס מען האָט אַרויסגעשיקט נאָך די חתונה־געסט — אַ ניי־מאָדישער אויטאָ — כאָטש זיי האָבן נאָר אייניקע טריט אַריבערצוגיין. מיידלעך, באַלעבאַטישע קינדער, וואָס אַ פּאָר טאָג פֿאַר דער חתונה זיינען זיי נאָך אַרומגעגאַנגען מיט קליינע צעפּ־לעך, וועלכע זיי האָבן זיך געפּלאָכטן, כּדי די האָר זאָלן זיין „געקאַרבט”, זיינען אויסגעצירט אין ווייסע קליידלעך מיט בלויע סטענגעס און מיט ווייסע שיכלעך. אין די הענט האַלטן זיי סאַמעטענע בייטעלעך אויף טאַנץ־געלט. עס גייען צום חתן בחורים אין אַטלעסענע קאַפּאָטעס, אין סאַמעטענע היט, טייל אין משפּחה־שטריימלעך, וואָס איז אַ צייכן, אַז דער בחור האַלט ביי אַ שידוך טאָן. עס באַווייזן זיך יינגלעך אין קאַפּעלעך און מיידלעך מיט אויסגעצוואָגענע קעפּלעך, וואָס גייען מיט די מאַמעס אויף דער חתונה. די מוזיק הערט זיך שוין אין געסל. מען טאַנצט, דאָס גאַנצע שטעטל קומט אָן אויף איין פּלאַץ און מען טאַנצט אין שניי. יונגען קנעטן קוילן שניי, און גרייטן זיך אָן, ווען מען וועט חתן־כּלה צו דער חופּה פֿאַרן שול־הויף פֿירן... און די לבנה שטיפּט אויף אַרום, באַגיסט מיט ליכט דעם שניי, וואָס ליגט ווי אַ וואַרעמער דעק איבערן שטעטל. ליכטיק, היימלעך, ווי ביי טאָג. די שטערן ווינקען אַראָפּ, דער שניי פֿינקלט אַרויף, בריליאַנטן פֿליען אין אַוויר אַרום, און די הייזלעך שטייען אין די ווייסע קאַפּקעלעך אויפֿן קאָפּ, און שליטנס ראַמפּלען, גלעקלעך קלינגען, רוישן, און יונגען כאַפּן זיך אויף פֿון הינטן אויפֿן ברעטל.

אין גאַס האָבן זיך געהערט פֿידלען שפּילן חסידישע, לאַנגע, אויס־געצויגענע ניגונים. ר׳ שלמה לינטשעצערס פֿידעלע זינגט אין דער גאַס, און עס האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַ שטייגער. די שטערן אין הימל, די ווייסע וועלט אַרום און אַרום שווייגט און האָרכט זיך איין. חסידים זינגען זיסע ניגונים. פֿון די פֿענצטער ווייזן זיך ליכט און לאָמפּן. אויפֿן געסל ווערט העל, ליכטיק, ווייבער שטעלן זיך פֿאַר די טירן מיט אָנגעצונדענע קין־העלצלעך. די פֿייערן צעפּלאַקערן זיך. מען פֿירט דעם חתן מיט דער

כלה צו דער חופּה פאַרן שול־הויף. עס הייבן אָן גיין חסידים אין שוואַר־צע שטריימלעך — אַ ים שוואַרצע סאַמעטענע היט, אַטלעסענע קאַפּאָטעס. עס שיטן זיך ווייבער אין בלאַנקענדיקע שטערנטיכער און מיט ברילּיאַנטן, וואָס זיינען איינגעזעצט ווי שטערן. ברייטע, זיידענע קליידער רוישן. כּפול־שמונהדיקע הבדלות פלאַקערן אין די הענט. שוואַרצער סאַמעט טוקט זיך אין זיידענע, העלע קליידער, ווי שוואַרצע שטראָמען וואַסער אין ווייטן שניי. דער רבי איז אין אַ ווייסן כּאַלאַט אין מיטן, און די שוואַרצע סבי־בה איז אַרום אים. די לאַוויטשער ר׳ביציין אין דעם ברייטן שטעון־באַנד טאַנצט פאַר חתן־כלה, שיט ראָזשינקעס און מאַנדלען, קליינע חדר־יינגלעך, מיידלעך כאַפּן די ראָזשינקעס, וואָס פאַלן איינע נאָך דער אַנדערער. די שמשים מיט רצועות טרייבן פונאַנדער די קינדער, מאַכן אַ וועג. עס ווייזן זיך חתן־כלה. זיי גייען בייזאַמען, פאַרדעקנדיק זיך די אויגן מיט די נאַז־טיכלעך. די מחותּנים גייען פון ביידע זייטן. ר׳ יחזקאל אַליין איז אין אַ שטריימל, אין שיך און זאָקן גלייך מיטן מחותּן. די מחותּנתטעס פירן די כלה אונטן אַרום. דאָס אַלץ וואַרפט אָן אַריסטאָקראַ־טישן גלאַנץ, חסידיש און נגידיש. און די פידלען שפּילן און די חסידים זינגען מיט און די הבדלות לייכטן מיט...

נאָך דעם ערשטן צוג האָט זיך געוויזן דער צווייטער. נאָטע פירט יענטען אונטער דער חופּה. פון פאָרנט איז געלאָפן אַ יונג און האָט גע־טראָגן די שול־לאָמטערנע מיט די אויסגעשניטענע לייבן און בערן, וואָס יעדערער פון זיי האָט זיך געברענט אין אַן אַנדער קאָליר. עס האָט זיך געהערט יעקלס מיט די אַרומגעבונדענע באָקן־בעמבע: בים־באָם, בים־באָם! עס האָט געהילכט און געקלונגען דאָס געסל. אַ יונג האָט ערגעץ־וואו דערפאַקט דעם שטאָט־גרעגער, וואָס הענגט אויפן קלאָץ פאַר דער קאָזע, און האָט אָנגעהויבן צו גרעגערן. יידן באַלעגאָלעס האָבן אַרויס־גענומען די שטורקאַצן פון די וועגן און חתן־כלה באַגלייט. רחל־לאה די מומע האָט זיך מיט אַ מחותּן אַ באַלעגאָלע ביי די הענט אָנגענומען און האָבן פאַר חתן־כלה געטאַנצט. און די בעמבע קלאַפּט־צו, און די יונגען פייפן־צו, כאַפּן קוילן שניי, קנעטן זיי פעסט און לאָזן אין די קעפּ. דער חתן פירט די כלה. נאָטע זעט אויס אין זיין שבת־היטל, ווי גאָר אַן אָרענטלעכער מענטש, נאָר די אויגן ווינקען לאָבוסעוואַטע פון הינטער דער חופּה אַרויס... די כלה יענטע, אָנגעטאָן אין אַסתּרלס שבתדיק קליידעלע, וויינט אויפן קול. דער שטאָט־רב גייט צווישן די מחותּנים, באַלעגאָלעס, וואָס זיינען אין קאָרטענע כאַלאַטלעך, אין אויסגעשמירטע שטוול און אין שוואַרצע שבתדיקע טוך־היט. דאָ און דאָרט שפּרינגט אַרויס אַ מחותּנתטע אין אַ ברייט קלייד מיט באַנדן, און מיט אַ שלייפעלע אויפן קאָפּ, פאַר־

ליגט די הענט אויף די זייטן און, אָננעמנדיק אַ פֿאַרזאָרגטן מחותּן ביי די באַקעס, טאַנצט זי מיט אים אויף איין אָרט און זינגט:

און וואָס איך האָב געוואָלט
האָב איך אויסגעפֿירט.
זאָל איך אַזוי לעבן,
זאָלן מיינע שונאים צעפּלאַצט ווערן!

און יעקלס מיט די געשוואָלענע באַקן בעמבע באָמבלט צו: בים־באָם! בים־באָם!

נאָך דעם צווייטן צוג איז אָנגעקומען פֿון אַ הינטער־געסל דער דריטער פֿון דער „חברה־תּהילים". די טראָמייטערס האָבן פֿאָרויס פֿאַר זיי אַ וועג אויסגעשאַלט אין שטעטל. וואָס איז? צי איז משיח אין שטעטל געקומען? אויף די פֿערד רייטן פֿאַרשטעלטע ייִדן. דאָרט רייט אַ טערק מיט אַ טלית אַרומגעבונדן אויפֿן קאָפּ, אַ מכשפֿה אין אַ קיטל רייט אויף אַ בעזים אין דער הויך, עס קומען אָנצולויפֿן ווילדע ברואים און פֿירן דעם שטאָט־באָק אין אַ קאַפּאָטע אָנגעטאָן. האַלאָוועשקעס אין טמאָלע געטונקען, אין פֿייער געצונדן און אין הימל געוואָרפֿן. שראָט אָן שטיינער געקלאַפּט, די קנאַקן גייען אין הימל אויף. צי ווילן זיי יריחוס מויערן איינעמען? שוואַרצע מאַסן ייִדן, ימים שוואַרצע סאַמעטענע היט און קאַפּאָטעס, מיט די קינדער אויף די הענט, מיט ניגונים אויף די ליפּן, טאַנצן אַרום דעם בלינדן עקיבא, וועלכער האַלט דאָס קליינע ספֿר־תּורהלע און האָפּצעט דערמיט בלינדערהייט: אונדזער ספֿר־תּורהלע! אונדזער ספֿר־תּורהלע! קיין וואַרים לעפּל עסן האָט דער סגי־נהור קיינמאָל נישט געהאַט, אויף אַ שטיין איז ער געשלאָפֿן, אין די הייזער געגאַנגען, אַ גראָשן צו אַ גראָשן צוגעלייגט, און אויף דער על־טער אַ ספֿר־תּורהלע זיך געלאָזט שרייבן, אַ ספֿר־תּורהלע, אַ קינד, אַ קדיש נאָך זיך. און ייִדן, די חברה־תּהילים, האָפּצען מיט אים און זינגען מיט אים: „אונדזער ספֿר־תּורהלע, אונדזער ספֿר־תּורהלע!" אהרן־לייב דער שוסטער האָט די קאַפּאָטע פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן, דעם פֿעלדשערס קאַפּעלושל זיך אָנגעטאָן, מיט פֿעדערן עס נאָך באַפּוצט, געכאַפּט דאָס ספֿר־תּורהלע און אַ טענצל אין קאָן דערמיט געמאַכט. דער בלינדער עקיבא פּאַטשט מיט די הענט: זיין קינד, זיין יורש, זיין מצבה נאָך אים. ער קושט עס. ייִדן מיט די קינדער אויף די הענט טאַנצן אַרום דעם ספֿר־תּורהלע, קושן עס, האַלדזן עס: אונדזער ספֿר־תּורהלע, אונדזער ספֿר־תּורהלע! און די גלעקלעך קלינ־גען מיט, און די פּייערלעך קנאַקן מיט, און די טראָמייטן שאַלן מיט, און די ייִדן מיט געזאַנג, מיט געוואַלדן, טאַנצן־צו, שפּרינגען־צו, און יונגען קנעטן קוילן שניי און שיסן־צו און וואַליען־צו...

אויף דעם הויף פֿון דער שול, וועלכער איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ נידעריקן פּלויט פֿון שוואַרצע, האַלב־פֿאַרברענטע ברעטער, זייַנען די דרייַ חופּות אָנגעקומען. הינטער אַ ווייַסן צודעק שניי, וועלכער האָט געגרייכט ביז צום פּלויט, איז די חורבה געלעגן צוגעדעקט. די באַשנייטע חורבה האָט געקוקט מיט איר ווייַסער קאַפּקע אויפֿן קאָפּ אין הימל אַרייַן; די לבנה האָט זי מיט ליכט באַגאָסן.

ביי דער חורבה האָבן זיך די דרייַ חופּות אָפּגעשטעלט. די ניגונים פֿון די אַלע דרייַ חופּות האָבן זיך נישט אויסגעמישט, נישט געשטימט אין איינעם. יעדער ניגון פֿון יעדער כּלי איז זיך זייַן באַזונדערן וועג געגאַנגען, פֿאַר זיך, און האָט באַזונדער אָפּגעקלונגען. און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די ניגונים האַלטן צווישן זיך מלחמה, איין כּלי מיט דער צווייטער. די אײדעלע, חסידישע פֿידלען, די באַלעגאַלישע בעמבע און די באַלעבאַטישע טראָמייטן האָבן זיך געקריגט, און איינע האָט די אַנדערע געוואָלט גובר זיין...

*

הינטער דער שטאָט איז די וועלט אַרום און אַרום אין ווייַסן געווען באַדעקט. שטיל און רואיק איז געווען אַרום, ווי אויף אַ גרויסן בית־עולם. אין דער לופֿטן איז ווייט געהאַנגען אַ נישט־באַשטימטע ווייסע כמאַרע, וואָס האָט צוזאַמענגעוועבט הימל און ערד. די לבנה האָט איינע אַליין אַרומגעשפּאַצירט אין דער ווייסער, שטומער אומענדלעכקייט. אויפֿן ווייַס־באַשנייטן באַרג איז אַלץ נאָך געלעגן אויסגעשפּרייט דער בית־עולם, און צווישן זייַנע מצבות, וואָס האָבן קויב פֿון הינטער דער ווייסער דעק אַרויסגעשטאַרט, האָט די לבנה אַרומגעשפּאַצירט און וואו־נישט־וואו און ווען־נישט־ווען אַ הויכע מצבה מיט ליכט באַגאָסן. הינטער דעם פּלויט פֿון בית־עולם איז דער שוואַרצער טייך געוואָנען, דער טייך, וואָס מען זאָגט וועגן אים אין שטעטל, אַז ער רינט פֿון משה רבנוס שטיין אַרויס, און וואָס זיין וואַסער איז אַ רפֿואה צו קראַנקע אויגן. נאָר דער טייך אַליין האָט זיך נישט געלאָזט צודעקן הינטער דעם ווייסן צודעק. דאָ און דאָרט האָבן זיך אין זיין שוואַרץ וואַסער שטיקער שניי קעגנאיבער דער לבנה געגעצט, וואָס האָבן אויסגעזען ווי ווילדע ברואים, ווי זיי זיצן אויף די אייער... ווייט הינטערן בית־עולם האָט דער שוואַרצער טייך, אַ שוואַרצע רינע, אין דער ווייסער אומענדלעכקייט זיך פֿאַרבלאָנדזשעט, און מען האָט נישט געוואוסט וואו זיין סוף איז.

איינער אַליין, מיט דעם פּעקל אויף דער פּלייצע און מיטן שטעקן אין דער האַנט, איז דער וואַנדלער געגאַנגען איבערן וועג, וואָס פֿירט

פֿאַרביי דעם בית־עולם. צווישן די הויכע, ווייס־באַשנייטע טאָפּאָלן, וועל־
כע האָבן אין ליכט פֿון דער לבנה אויסגעזען ווי ווייסע עדות. דאָ איז אַלץ
רואיק און שטיל געווען, געלעבט זיין טויט לעבן. אַלט־קאַזמער האָט פֿון
דער ווייטן פֿאַרנומען די ניגונים פֿון די פֿידלען, די צעריסענע טענער
פֿון די געזאַנגען און דעם ווייטן שאַלנדיקן עכאָ פֿון די טראָמייטן און
פֿון דער בעמבע. נאָר דאָ האָבן זיך די ניגונים נישט געקריגט, נישט
איינער געוואָלט דעם צווייטן גובר זיין. שטיל און רואיק, ווי פֿון אַ באַ־
האַלטענער וועלט, האָבן די טענער אַהער געבלאָנדזשעט, און האָבן זיך
דאָ אין איינעם אויסגעמישט, צוזאַמענגעקלונגען: יעדערער האָט געגעבן
זיין טאָן אין ניגון, די חסידישע פֿידל, דער באַלעבאַטישער טראָמייט, די באַ־
לעגאַלישע בעמבע, און עס איז איין ניגון געוואָרן פֿון איין שטעטל...

און דער וואַנדלער צוזאַמען מיט דעם ניגון האָבן זיך אין איינעם
מיט דער שוואַרצער וואַסער־רינע ערגעץ ווייט אין דער ווייסער אומ־
ענדלעכקייט פֿאַרבלאָנדזשעט...

### קאַפּיטל איינס

# אויף שבת אַהיים

איבער דעם ווייס־באַשטויבטן וועג צום שטעטל צעלאָזט זיך אַ פֿעסטע באַלעבאַטישע פֿור מיט שטאַרקע צוויי בולאַנעס. אַ וואָלקן שטויב לויפֿט פֿאָרויס פֿאַר דער פֿור און זאָגט אָן: „דער סוחר פֿאָרט!" דער רעש פֿון וואָגן וועקט אויף די קאָרן־זאַנגען פֿון דעם וואָרעמען תּמוז־שלאָף, זיי סודן זיך אין דער שטיל און בייגן מיט שרעק איין זייערע בעזעמלעך צו דער ערד פֿאַר דעם סוחרס פֿור. אָבער שטאָלץ לאָזט זיי דער וואָגן אין אַ וואָלקן שטויב הינטער זיך און פֿאַרנעמט זיך אין געדיכטן וואַלד אַריין, וואָס לאָזט זיך טאָל אַראָפּ. עס קומט צו לויפֿן דער רעש פֿון דעם וואָגן אין געדיכטן וואַלד אַריין. און אַ שרעק לויפֿט צווישן דיביימער דורך. זיי טרעסען זייערע בלעטער און נייגן זייערע צווייגן מיט כּבֿוד פֿאַר דעם סוחרס פֿור, וואָס פֿאָרט פֿאַרביי. נאָר הינטער זיך לאָזט זיי די פֿור אין דעם וואָלקן שטויב. עס קנאַקט די בייטש, און עס הירזשען די ווייסע באַשטויבטע פֿערד און לאָזן זיך ווייטער אין וועג אַריין.

ווער איז דאָס, וואָס פֿאָרט פֿאַרביי? פֿאַר וועמען בייגן זיך עס די ביימער אין וואַלד, די זאַנגען אין פֿעלד? עס איז דער סוחר ר׳ שלמה נגיד, וואָס פֿאָרט אויף שבת אַהיים. פֿאַר אים שרעקן עס זיך די ביימער איז וואַלד און די זאַנגען אין פֿעלד. אָפּגעקויפֿט האָט ער זיי, די שטר־מכירות אין זיין בזים־טאַש. פֿאַר אים וואַקסט דער וואַלד, רייפֿט די זאַנג. ער וועט זיי וואַקסן לאָזן, ווי ער וועט זיי שניידן לאָזן, ווען ער וועט וועלן.

נאָר אומזיסט שרעקן זיך פֿעלד און וואַלד פֿאַר ר׳ שלמהן. נישט האַנדלען פֿאָרט איצט אַ ייד, נישט שניידן לאָזן די רייפֿע זאַנגען, נישט האַקן דעם אויסגעוואַקסענעם וואַלד. עס איז פֿרייטיק. און כאָטש הויך שטייט נאָך די זון אין הימל פֿאַר דער מיטאָג־שעה, נאָר אויסגעטאָן איז שוין דער ייד פֿון געשעפֿטן. אַ צוואה פֿון טאַטן צו דעם זון, — פֿרייטיק קיין געשעפֿטן מאַכן. פֿאָרט ער פֿון אַ גאַנצער וואָך האַנדלען און וואַנדלען אויף שבת אַהיים. אָנגעשטאָפּט איז דער בוזים־בייטל מיט שטר־מכירות. אַ האַלבע מדינה פֿעלדער און וועלדער, האָלץ אויפֿן וואַסער, וואָל אויף די שעפּסן אָפּגעקויפֿט. און

מיט אַ האַרץ, פֿול בטחון אויפֿן רבונו של עולם, האָט ער געענדיקט זיינע וואָכעדיקע עסקים און איז אין גאַנצן שוין אָפּגעגעבן דעם שבת.

דער שבת איז ביי ר׳ שלמהן אַ לאַנגער. „וואָס מער פֿון דער וואָך צוציען צום שבת" האָט עס געהייסן אין דער משפּחה, איז דער פֿרייטיק אויך שבת געווען. אין דאָרף האָט מען זיך אָפּגעשטעלט. די פֿויערטעס האָבן געוווּסט, אַז רב שלמה פֿאָרט אַהיים אויף שבת, האָבן זיי אַנגעהויבן פֿון די הייזער אַרויסשלעפּן ווער וואָס האָט נאָר געהאַט, — אַ פֿעטע הון, אַ מענדל אייער. און כאָטש אין דער היים גרייט מען שוין דעם שבת פֿון דאָ־נערשטיק אָן, האָט דאָך ר׳ שלמה מיטגעקויפֿט, טאָמער וועט אויספֿעלן. גוים־פֿישער זיינען נאָך דער פֿור נאָכגעלאָפֿן מיט זעקלעך לעבעדיקע פֿיש, ערשט פֿון וואַסער געפֿאַנגען. נישט געדונגען זיך, געוואָרפֿן אין וואָגן אַריין און וויטער געפֿאָרן. אַרויסגעקומען פֿון דאָרף, האָט מען אָנגעטראָפֿן די ערשטע אורחים, ציענדיק זיך אין שטעטל אַריין אויף שבת. ר׳ שלמהס שבת האָט געהאַט אַ שם אין דער סביבה, און די אורחים פֿון דער געגנט אַרום האָבן געצויגן אויף שבת אין שטעטל אַריין. „זרח, שטיי!" — שרייט ר׳ שלמה צום שמייסער, „קומט אַרויף, ר׳ ייד, אויף דער פֿור". און אַלע די וואָס ער האָט אויף דעם וועג אָנגעטראָפֿן, זיינען שוין געווען זיינע אורחים. אַזוי קומט מען אין שטעטל אַריין: אַ פֿולע פֿור, אָנגעהאָנגען מיט אורחים, אַ פֿולע פֿור, אָנגעלאָדן מיט עסנוואַרג אויף שבת אַהיים.

די פֿור קלאַפּט איבער דעם שטעטלשן ברוק־שטיין. עס גריסן די ער־שטע באַלעבאַטים אויף די שוועלן פֿון זייערע געוועלבלעך, רב חיים קאַשע־מאַכער און דוד שמיד. דאָס געסל קוקט נאָך — „אַ ייד דערלעבט צו אַזאַ גדולה, אָן עין הרע, אַ פֿולע פֿור אורחים!" נאָר ר׳ שלמהן איז מען נישט מקנא, דאָס האַרץ קוועלט נאָר פֿאַר נחת. „אַ שאַד, נעבעך, וואָס זיין ווייב נעכע איז געשטאָרבן אין קימפּעט". אַ צדקנית געווען, איר צדקה געבן האָט דאָך געהאַט אַ שם. פֿון דער נייער ווייבל, וואָס ער האָט געבראַכט אין שטעטל אַריין, רעדט מען נישט קיין גוטס. „זי וויל פֿירן רייך", רעדט מען אויף די שוועלן פֿון די געוועלבלעך, נאָכקוקנדיק ר׳ שלמהס וואָגן.

דערווייל איז מען אַהיים געקומען. ברייט עפֿנט זיך אויף די טיר פֿון הויף, און אַ שווערן קרעכץ גיט אָפּ די פֿור. די קינדער — פֿאַרשיידן־יע־ריקע יינגלעך און מיידלעך — לויפֿן אַקעגן, כאַפּן זיך אויף דער פֿור אַרויף, הענגען זיך אָן וואָגן אָן. פֿון די אָפֿענע פֿענצטער פֿון קיך טראָגט זיך דער ריח פֿון פֿיש, וואָס קאָכן זיך, פֿון מערן־צימעס, פֿון שבת מאַכן. עס וואַרפֿט פֿון זיך אַראָפּ ר׳ שלמה זיין גרויען באַשטויבטן מאַנטל, פֿירט דורך די פֿינגער דורך זיין פֿאַרשטויבטער באָרד, און עס בלישטשען אַרויס די שוואַרצע גלאַנצנדיקע אויגן פֿון אונטער די שוואַרצע ברעמען. עס שפּריצט

מיט שטאַרקייט פֿון אים, און די שוואַרצע האָר פֿון דער באָרד זיצן געדיכט און פֿעסט אין די וואָרצלען. עס שפּרינגט פֿון וואַגן אַראָפּ דער ברייט־ביי־ניקער פֿערציק־יעריקער ייִד, ווי אַ ייִנגל, און רופֿט אין קיך אַריין: „שפּרינ־צע, חנה, דבורה״... עס ווייזן זיך די דינסטן מיט די רויט־צעקאָכטע גע־זיכטער, עס פֿלאַמט זיי דאָס פּנים פֿון קאָכן אין דער קיך. זיי שטרעקן אויס זייערע נאַקעטע הענט, און דער יונג זרח הייבט אָן פֿון וואָגן אַראָפּצודער־לאַנגען די זעקלעך פֿיש און די הינער.

דאָס ווייבל אָבער ווײַזט זיך נישט אין פֿענצטער פֿון קיך. עס הערט זיך נישט דאָס ברייטע פֿרייטיקדיקע לאַכן פֿון זיין ווייב נעכע, עליה השלום, ווען ער איז פֿון וועג אַהיים געקומען. ר׳ שלמה פֿאַרשטייט, אַז דאָס ווייבל איז בייז. קומט ער אין קיך אַריין: חנהלע שטייט ביי דעם ברייטן מעש־באַדעקטן קיך־טיש און מאַכט דעם קוגעל. אירע שוואַרצע ברעמען און שוואַרצע וויעס לייגן זיך איבער דעם שוואַרץ־אַפּל. אַ מינוט וואַרט ער. דאָס ווייבל הייבט נישט אויף איר בליק פֿון טעלער. שטייט רואיק און לאָזט זיך באַטראַכטן פֿון אים. ער פֿאַרשטייט, וואָס זי איז בייז — איבער די אורחים. אַ יונג ווייבל נאָך דער חתונה וויל ניט האָבן צו טאָן מיט אַזאַ גרויסער באַלעבאַטישקייט. און ניט־ווילנדיק דערמאָנט ער זיך ווידער אָן נעכען, ווי זי האָט זיך געפֿרייט, ווען ער איז אַהיים געקומען פֿון וועג און די פֿור איז אָנגעלאָדן געווען מיט אורחים. „וואָס מער אורחים, אַלץ פֿריילעכער דער שבת״ — פֿלעגט זי זאָגן. און אַ קרעכץ רייסט זיך אַרויס פֿון זיין האַרץ. חנהלע פֿאַרשטייט דעם קרעכץ און טיפֿער רוקן זיך אַראָפּ די ברעמען איבער אירע אויגן. דער שיינער הויכער שטערן קנייטשט זיך, און אויף די וויעס בלישטשעט עפּעס. ער קוקט אויף איר, זעט איר פֿולע פֿיגור, דערמאָנט זיך אָן ברית, וואָס שטייט פֿאָר, אם ירצה השם, און קריגט גרויס רחמנות אויף איר. „די טויטע זיינען טויט — זאָגט ער זיך — און זי איז דאָך אַ כשר ווייבל, איז נאָך ניט געוואוינט צו אַזאַ באַלעבאַטישקייט״. ער גייט אַ טריט נענטער צו איר און זאָגט מיט אַ ווייכער שטים, מיט אַ שמייכל אין זיין שיינער שוואַרצער באָרד אַריין:

— חנהלע, דו זעסט מיך נישט? איך בין דאָך געקומען צו פֿאָרן.

אַ מינוט קוקט זיך חנהלע אום, צי קיינער איז אין קיך ניטאָ, די מיידן זיינען ביי דער פֿור, און זי זאָגט מיט אַ טיפֿער וואַרעמער שטום, וואָס עס קוועלט פֿון איר ליבע אַרויס:

— איך קאָן דאָך דיר ניט אַנטקעגן לויפֿן, שלמה!

אין די ווערטער פֿילט ער, אַז זי האָט נאָך מורא פֿאַר אים. שוין אַ פּאָר חדשים נאָך דער חתונה מיט איר, דאָס קינד טראָגט זי שוין פֿון

אים, און זי איז נאָך דאָס אַכצן־יעריקע מיידל פֿון דער היים און איז נאָך נישט געוואוינט צו אים. האָט נאָך מורא פֿאַר אים. דאָס טוט אים צוגלייך אי הנאה, אי עס רירט אים, און ער קריגט זי ליב דערפֿאַר. ער נעמט זי אָן ביי דער האַנט און זאָגט:

— חנהלע, קום אַריין אין דער צווייטער שטוב, איך האָב דיר עפּעס צו זאָגן!

שטיל, מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ גייט איר נאָך דאָס ווייבל אין זייער שלאָף־שטוב אַריין. ער נעמט אַרויס פֿון קעשענע אַ שאַכטעלע און גיט עס איר איבער:

— איך האָב עס דיר מיטגעבראַכט.

זי האַלט דאָס שאַכטעלע אין האַנט און טרויט זיך ניט צו עפֿענען עס.

ער עפֿנט עס אויף אין איר האַנט און נעמט אַרויס אַ גאָלדענע קאַליע מיט אַ בראָש.

— עס האָט זיך מיר געטראָפֿן אַ מציאה.

און ער גיט צו:

— עס איז פֿאַר דעם, אַז דו זאָלסט ליב האָבן אורחים, אורחים דאַרף מען ליב האָבן און דאַנקען דעם רבונו של עולם, וואָס ער האָט דיר געהאָלפֿן, און דו קאָנסט אורחים אַהיימברענגען — און ער גיט איר אַ גלעט איבערן שייטל.

— איך האָב דען ניט ליב קיין אורחים? הלוואי זאָל אונדז דער רבונו של עולם אַזוי פֿיל העלפֿן, וויפֿל מיר זאָלן קאָנען... — האַקט זי זיך אָפּ אין מיטן און בלייבט שטיין פֿאַרשעמט און דערוועגט זיך ניט אים צו קוקן אין די אויגן אַריין איבער דעם וואָרט „אונדז". וואָרים זי איז נאָך ניט געוואוינט געווען צו אים.

ער האָט זי דערפֿאַר נאָך מער ליב געקראָגן.

און באַלד האָט שוין אין הויף אַ קעסל מיט קאַרטאָפֿל איבער אַ פֿייער געקאָכט, אַ פֿרייטיקדיקער מיטאָג פֿאַר די אורחים. די יונגען האָבן שעניקעס שטרוי אָנגעשטאָפּט אויף נאַכט־לעגערס אין די שטעלער צו מאַכן, און די דינסט־מיידן האָבן די פֿרישע פֿיש געשאָבן, אַז די שופּן זיינען געשפּרונגען, געשפּריצט איבער זייערע צעהיצטע פּנימער. און אַז מען האָט די פֿיש אין די ראָנדלעס געקאָכט, זיינען נאָך די אָפּגעשניטענע קעפּ פֿיש פֿון ראָנדל געשפּרונגען, אַזוי פֿריש זיינען זיי געווען.

*

ר' שלמה איז געזעסן אין עס־צימער און האָט זיין פֿרייטיקדיקן מיטאָג געגעסן. ניט רייך איז געווען דער מיטאָג, מען דאַרף דאָך אָפּעטיט

האָבן צו דער נאַכט־סעודה. אַ פֿרישער קאָפּ פֿיש און די פֿריש־געבאַקענע חלה פֿאַרשמעקט די שטוב. די שטוב איז שוין צוגעראַמט צום שבת; די פּאַדלאָגע געוואַשן, מיט זאַמד באַשאָטן. די קופּערנע הענג־לייכטער בליש־טשען אויף די ווענט; אויפֿן קאָמאָד שטייען שוין אויסגעשטעלט די פֿיר פּאָר זילבערנע לייכטער, אָנגעשטעקט מיט ליכט, צוגעגרייט צום ליכט־צינדן. דאָס ווייבל זיצט לעבן אים. אין דער שטיל פֿרעגט ר' שלמה ביי איר, צי זי האָט נישט קיין עגמת־נפֿש פֿון די שטיף־קינדער. פֿאַרשעמט ווערט זי און ענטפֿערט, אַז זי האָט, חלילה, נישט וואָס צו קלאָגן זיך. די קינדער האָבן זי ליב און דער געשטאָרבענערס קינדער זיינען ביי איר ווי אייגענע.

אויף דעם טיש ליגט אַרויסגעוואָרפֿן דאָס געלט, וואָס דער סוחר האָט פֿון וועג אַהיימגעבראַכט. עס לייגט דאָס ווייבל דאָס פּאַפּיר־געלט צו פּאַפּיר־געלט, און באַלד ווערט די שטוב פֿריילעך. עס קומען אַהיים צו לויפֿן די יינגלעך פֿון חדר מיט די חומשים אונטער די אָרעמס. אויף די ליפּן ליגט נאָך דער נגון פֿון מהפך־פשטא, פֿון דעם מעביר־סדרה־זיין. זיי גיבן דעם טאַטן שלום־עליכם אָפּ, קושן די האַנט און שרייען „עסן".

פֿון דער אויבערשטער שטוב קומט אַראָפּ דער איידים, דער עלטסטער טאָכטערס מאַן, וואָס זיצט ביים שווער אויף קעסט. דער יונגערמאַן גיט דעם שווער „שלום־עליכם" און דרייט זיך איבער דער שטוב אַרויף און אַראָפּ אין זיין זיידענעם קאַפּאָטקעלע, וואָס ער טראָגט אין דער היים (ער לערנט אויף אַ רב צו זיין). די טאָכטער, שרהלע, איז אַ ביסל ברוגז אויפֿן פֿאָטער, וואָס ער האָט אַזוי פֿרי, באַלד נאָך דער מוטערס טויט, חתונה גע־האָט.. אָבער מיט דער שטיף־מאַמע איז זי גאָר קניפּל־בקניפּל. כאָטש זי פֿאַרנעמט דער מאַמעס שטעל, דאָך איז זי אויך אַ יונג ווייבל ערשט נאָך דער חתונה, האָבן זיך די ביידע ווייבלעך באַלד באַפֿריינדעט. זיצן צוזאַמען, און חנהלע איז נענטער צו דער שטיף־טאָכטער ווי צום מאַן.

עס קומט אַהיים עוזרל פֿון בית המדרש. דאָס איז דער עלטסטער זון און דער חתן־בחור, אויסגעפּוצט מיט דעם גאָלדענעם זייגער, וואָס ער האָט פֿון דער כּלה אַ מתּנה געקראָגן. ער גיט אויך דעם טאַטן „שלום־עליכם" און זעצט זיך ברוגזדיק אַוועק אין אַ ווינקל. ער איז אַ משכּיל שוין, לייענט די נייע לשון־קודשדיקע ביכלעך און שפּראַכן קען ער (ר' שלמה שטערט אים נישט). דער בכור און דער רייכער חתן־בחור, נאָענט פֿאַר דער חתונה, איז ער דער ערשטער אין דער היים און ער האַלט זיך פֿון דער ווייטנס פֿון אַלעמען. נאָר ר' שלמהס נחת איז חיימל, דאָס פֿערצן־יעריקע יינגל, וואָס קומט איצט אַריין מיט די געקרייזטע פּאהלעך, מיטן גאָלדענעם זייגערל, וואָס ער האָט פֿון דעם טאַטן צו בר־מצוה געקראָגן. דער עלוי אין שטעטל, עס קלינגט זיין גוט קעפּל אויף דער וועלט, און דער רב אַליין לערנט מיט אים

אַ באַזונדערן שיעור. דער אור־התּורה וועט זיך ווידער פון אים אין דער משפּחה אָנהייבן. שדכנים שלאָגן שוין ר׳ שלמהס טירן אָפּ, אַ שידוך פאַר אים. נאָר אַ הייַנטוועלטיקער איז ר׳ שלמה, וויל ער נישט, עס איז נאָך צו פרי. דאָס ייִנגל ווייסט, אַז ער איז דעם פאָטערס ליבלינג און גייט צום פאָטער צו מיט אַ גאַנץ אַנדער דרייסטקייט, ווי אַלע אַנדערע קינדער. דער טאַטע גיט אים אַ קניפּ אין בעקל אַריין און פרעגט אים עפּעס אין לערנען.

אַזוי האָט זיך די גאַנצע משפּחה צוזאַמענגעקליבן דעם טאַטן מקבל פּנים זיין. אַלע זיצן אין די ווינקעלעך און קוקן אויפן פאָטער מיט געטרייַער ליבשאַפט, און קיינער דערוועגט זיך נישט קיין וואָרט אויסצורעדן..

אָפּגעגעסן, אָפּגעבענטשט, רופט ער די חדר־ייִנגלעך אַריין, אייזיקלען און גדליהן, איינער צען, דער אַנדערער עלף יאָר אַלט, וואָס זיי זעען אויס ווי אַ צווילינג. (קינדער האָט ר׳ שלמה געהאַט פון יעדן עלטער, יעדער יאָר האָט געבראַכט זיין פּרוכט). ר׳ שלמה נעמט אַראָפּ דאָס געלט, וואָס ליגט אויפן טיש, וויקלט אין פּאַפּירלעך איין און שיקט די ייִנגלעך איבער דער שטאָט: דעם רב אַ פּאַפּירל, דעם דיין רב לייבוש, דעם שוחט, דעם חזן און גלאַט אַזוי אַ שיינעם ייִד, ר׳ יצחק אליהס. דאָס פּאַפּיר־געלט לייגט מען אין דער שאַנק אַריין, דאָס קליין־געלט אָבער איז ביי ר׳ שלמהן אַ חזקה פריי‎טיק צו צעטיילן אָרימע־לייט. אָנגעפּילט די קעשענעס מיט קליין־געלט, גייט ר׳ שלמה אין געסל אַרויס. אין געסל רעדט ער מיט קיינעם נישט. ער שטעלט זיך אין ערגעץ נישט אָפּ, כּדי אַ נצרך זאָל זיך נישט שעמען צו אים צוצוגיין, און ער בעט אין האַרצן דעם רבונו־של־עולם, ער זאָל אים צושיקן יידן נצרכים, וואָס דאַרפן אויף שבת. עס ווייסט שוין דאָס געסל, צו וואָס ר׳ שלמה גייט דאָ, און קיינער וויל אים נישט שטערן אין זיין גאַנג, מען מיידט אים אויס דעם וועג. ער פאַרקריכט אין די קרומע געסלעך, און יעדן מאָל קומט אַ אַנדערער ייִד צו צו אים, רופט אים אין אַ ווינקל אַריין און רוימט אים אַ סוד איין... ר׳ שלמה גייט אין אייניקע שטובן אַריין צו קראַנקע ייִדן. קיינער ווייסט נישט פון זייער נויט נאָר ער אַליין. דאָס איז ביי אים „צדקה בסתר" און פאַר דער גרעסטער מצווה האַלט ער עס.

אויסגעליידיקט די קעשענעס, קערט זיך ר׳ שלמה אום אַהיים מיט אַ האַרץ, פול נחת, און ער דאַנקט דעם רבונו־של־עולם, וואָס ער האָט אים אויסגעקליבן פאַר זיין קאַסיר, נישט, אַז ער זאָל, חלילה, דאַרפן צו אַנדערע אָנקומען. וואָרים דאָס גאַנצע פאַרמעגן זיינס, האַלט ר׳ שלמה, איז אים פון גאָט איבערגעגעבן נאָר כּדי ער זאָל דערמיט גוטס טאָן. ער איז גאָטס נאמן, זאָגט ער זיך, און ווען ער וועט, חלילה, נישט גוט פירן, וועט גאָט פון אים דאָס פאַרמעגן אָפּנעמען און אַן אַנדערן פאַר זיין נאמן מאַכן. טראַכ־

טענדיק זיך אַזוי, קומט ער צוריק צופֿרידן אין שטוב אַריין. אין דער קיך הערט ער שוין דאָס קוויטשען פֿון די קינדער, ווי מען וואַשט זיי די קעפּ־לעך אויף שבת. און ליב האָט ר׳ שלמה די קינדער זיינע, גייט ער אין דער קינדער־שטוב אַריין. ביי פֿיר וואַש־שיסלען שטייען די דינסט־מיידלעך און וואַשן די קעפּ אויף שבת. חנהלע שטייט ביים קאַמאָד און נעמט אַרויס וועש. עס שרייען די יונגען פֿון אונטער די שיסלען אַרויס, זיי רייסן די אָפּגעצוואָגענע קעפּעלעך פֿון אונטער דער קאָם אַרויס. טייל זיינען שוין אָפּגעצוואָגענע, אויסגעקעמטע, שטייען זיי האַלב־נאַקעט און ווילן נישט קריכן אין די פֿרישע העמדלעך אַריין.

אַ צופֿרידענער שמייכל וויזט זיך אויף ר׳ שלמהס ליפּן. די קינדער דערזעען דעם פֿאָטער און שטילן זיך באַלד איין. ער פּאַטשט אַ קינד איבער דעם נאַקעטן לייב און גייט, אַ צופֿרידענער, פֿון דער קינדער־שטוב אַרויס. דאָס ווייבל ברענגט אים באַלד פֿרישע וועש אַריין, גרייט אים אָן צום וואַשן, נעמט די שבתדיקע מלבושים אַרויס, און ר׳ שלמה הייבט זיך אָן אַליין צו־צוגרייטן צום שבת.

*

אין עס־שטוב איז שוין אַלץ צוגעגרייט צום שבת. דער לאַנגער טיש איז אויסגעצויגן, די ווייסע שבת־צוועל און די פֿיר זילבערנע לייכטער אויפֿן טיש. פֿיל ליכט איז ביי ר׳ שלמהן צום שבת געווען, „וואָס מער ליכט אַלץ מער פּרנסה״, און די חלות צוגעדעקט מיט דעם נייעם חלה־צווע־לעכל, וואָס חנהלע האָט געמאַכט כּלה־וויז. דאָס אַלטע חלה־צווועלעכל, נעבעכס, עליה השלום, האָט ר׳ שלמה באַהאַלטן, און קיינמאָל ווערט עס נישט באַנוצט, כּדי עס זאָל נישט דער יונגער ווייבל קיין צער אָנטאָן. אויסגע־לייגט פֿאַר יעדן קינד זיין זילבערנע פּאַר גאָפּל־מעסער. געווען איז ביי ר׳ שלמהן טאָפּלט געפֿעס: ציגענס אויף אין דער וואָכנס, זילבערנס — אויף שבת. אַזוי איז עס נאָך פֿון נעבכס צייטן אָן. אַ גרויסע באַלעבאָסטע איז נעבכע געווען.

צונויפֿגעזאַמלט האָט זיך אין עס־שטוב דאָס גאַנצע הויז־געזינט. די יינגלעך אָפּגעוואַשן, אויסגעקעמט, אין די נייע שבתדיקע קאַפּאָטקע־לעך אָנגעטאָן, די מיידלעך מיט קורצע צעפּלעך פֿאַרפֿלאָכטן, אין נייע קורטענע קליידלעך אָנגעטאָן. פֿון אויבן קומט אַראָפּ דער איידים אין דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, אין דעם שטריימל. אַ מתנגד איז ר׳ שלמה, אין דעם פּשוטן בית־המדרש דאַוונט ער, און זיין איידים, כאָטש אַ חסיד, דאַוונט אין איינעם מיטן שווער אין בית־המדרש. עס קומט אַריין פֿון זיין צימער דער חתן־בחור, אין דער שיינער, עלעגאַנטער קאַפּאָטע. אַרויסגעוויזן האָט ביי דער קאַפּאָטע יחזקאל, דער הויז־שניידער, אַלע זיינע קונצן, וואָרים דאָס

בחורל האָט ליב געהאַט זיך צו פּוצן ווי אַ מיידל. אַ מינוט האָט ר׳ שלמה אַרומגענומען זיין גאַנץ הויז־געזינט מיט זיין בליק, אַ שמייכל אין דער באָרד געגעבן, הנאה געהאַט. די יינגלעך האָבן די סידורים אין די הענט גענומען און געגאַנגען אין בית־המדרש אַריין דאַווענען. און ווער עס האָט אין שטעטל געזען, ווי ר׳ שלמה גייט מיטן איידים און די קינדער, אויסגעפּוצטע, געוואַשענע, די אורחים הינטער אים, אין בית־המדרש אַריין, האָט אים יעדערער אין האַרץ געבענטשט, הנאה געהאַט און גליקלעך געווען.

אַז די מאַנספּאַרשוינען זיינען אַוועק, איז חנהלע געבליבן אַליין מיט די צוויי קליינע יתומהלעך פֿון זעקס און זיבן יאָר ביים טיש זיצן. די עלטערע טאָכטער איז צו זיך אין שטוב געגאַנגען, די שבת־ליכט אָנצוצינדן. חנהלע האָט צום ליכט־צינדן זיך אָנגעטאָן איר נייע שבתדיקע הויב מיט דעם צירונג באַפּוצט, און דאָס שבתדיקע, זיידענע קאַפּטאַנדל, אין וועלכן זי איז צו דער חופּה געגאַנגען, באַהאָפֿטן מיט די טייערע זיידענע שפּיצן, וואָס דער מאַן האָט איר פֿון לייפּציגער יריד געבראַכט. די פּערל האָט זי נישט געוואָלט אָנטאָן, — עס איז געווען פֿון דער פֿריערדיקער ווייב, האָט זי נישט געוואָלט די קינדער קיין פֿאַרדרוס אָנטאָן. אָבער געפֿעלן האָט זי געוואָלט היינט דעם מאַן. האָט זי זיך מיט דער נייער בראָש און גאָלדענער קייט אויסגעפּוצט. שטייט זי ביי דעם שבתדיק געדעקטן טיש, ווי אַ יונגע יידישע פּרינצעסן, צינדט די ליכט אָן און הייבט אויף אירע איידעלע, ווייסע הענט, וועלכע זיינען ווי שיינע, איידעלע פֿרוכטן אויסגעוואַקסן, און פֿאַרשטעלט זיך מיט זיי איר געזיכט. די תחינה ליגט פֿאַר איר, נאָר קיין וואָרט זאָגט זי נישט. הייסע, שטילע טרערן רינען איר איבער דעם פּנים. צו וויינען האָט זי פֿיל. נישט, חלילה, איבער איר מזל, וואָס זי האָט געמוזט מיט אַן אַלמן חתונה האָבן. זי האָט דעם מאַן גאַנץ ליב. פֿון אַ שיין יידיש הויז קומט זי אַרויס. אין דער היים ביים טאַטעשי האָט מען זיך געפֿירט פֿיין, מענטשלעך. אָבער אָרעם איז ער געווען, און אייניקע דערוואַקסענע טעכטער אין שטוב. תשעה־באב איז אין דער היים געווען, ווען זי איז פֿאַר דעם אַלמן אַ כּלה געוואָרן. אין שטאָט האָט געקאָכט: „ר׳ שמואל גראָסגליקס טאָכטער נעמט אַן אַלמן מיט זיבן קינדער. וויי, צו וואָס מען האָט דערלעבט!״ געוואוסט האָט זי, אַז אין דער היים איז שלעכט. דאָס שניט־געשעפֿט, וואָס איז איבערגעגאַנגען פֿון פֿאָטער צום זון און איז אַלט געווען, ווי די שטאָט איז אַלט, איז פֿאַרמאַכט געוואָרן. דער פֿאָטער האָט באַנקראָטירט. זי איז קוים ניינצן יאָר אַלט געווען, אָבער די עלטסטע אין שטוב, און דער חתן איז רייך, ר׳ שלמה נגיד פֿון שערעץ. דעם טאַטן האָט ער געעפֿנט צוריק דאָס געשעפֿט, אין דער שטיל אויך אויף אויסשטייער און חתונה־הוצאות געגעבן און נאָך אויף חתן־מתנות פֿאַר זיך אונטערגעשטעקט. צו באַ־

דויערן האָט זי איר מזל גישט. די שטיף־קינדער באַהאַנדלען זי גוט; איידעלע קינדער, אונטער אַ מוטערס געטרייער האַנט, אונטער דעם פֿאָטערס שטרענגען בליק אויפֿגעצויגן געוואָרן, האָבן זיי זיך באַלד צו איר צוגעוואוינט. די יינגערע קינדער האָבן זי ליב ווי דאָס לעבן. די ייִנגלעך נאָך אַביסעלע פֿרעמד , זיי טרויערן אין דער שטיל נאָך דער מוטער און האָבן נישט ליב צו זען. אַז דער פֿאָטער איז צו איר גוט. דערפֿאַר מיידט זי אויס צו רעדן מיטן מאַן ליבע־רייד, ווען די קינדער זיינען דאָ. מיט דער עלטסטער טאָכטער לעבט זי גוט, און איז זיך מיט איר מיישב אין שטוביקע זאַכן און טיילט מיט איר די מוטערלעכקייט צו די יינגערע קינדער. נאָר פֿאַר דעם מאַן איז זי פֿרעמד. זי האָט אים ליב פֿון דער ערשטער מינוט אָן, ווי זי האָט אים געזען; אַזאַ שטאַרקער און זיכערער, מען קאָן זיך אויף אים פֿאַרלאָזן. און ווען מען האָט זי צו דער חופּה געפֿירט און דערנאָך זיי געלאָזט אַליין, איז ער צוגעגאַנגען און האָט גערעדט צו איר. איר האַרץ האָט אַזוי געקלאַפּט אין דער שטיל, געציטערט האָט זי אין זיינע אָרעמס. ליב האָט זי אים און מורא האָט זי פֿאַר אים, און זי ווייסט נישט צי זי טוט גוט. זי וויל אים געפֿעלן זיין, נאָר אַלץ, וואָס זי טוט, קומט אַרויס קאַפּויר. זי קען אים נאָך נישט און ווייסט נישט, וואָס עס געפֿעלט אים. זי ווייסט נישט, ווי אַזוי יענע איז געווען. נאָר אַזוי טאָן ווי יענע, וויל זי נישט, זי וויל זיך אַליין פֿירן, אויף איר שטייגער. נאָר איר דוכט זיך, אַז ער שטעקט נאָך אין יענערס אָרעמס און זי וויל אים צונעמען צו זיך. אָ, זי וואָלט אים שוין געפֿעלן, ווען זיי וואָלטן נאָר געווען אַליין. ווען זי וואָלט געהאַט מיט אים איין היים, איין שטיבל, כאָטש אַ קליין שטיבל, נאָר אַליין. די קינדער רייסן אים אַוועק, מאַכן אים פֿרעמד, שליסן אים אין די אָרעמס פֿון דער טויטער... און זי וויינט דערויף, וואָס איר איז נישט באַשערט צו האָבן דעם מאַן אַליין, ווי יעדער אָרעם מיידל האָט. נאָר באַלד דערמאָנט זי זיך אין די קליינע קינדער, אין די מיידלעך, וואָס זיצן ביים טיש, אין די יתומים. וואָס זיינען זיי שולדיק, אַז זייער מוטער איז טויט?

און די קינדער זיינען שוין צו איר צוגעגאַנגען. זיי האָבן געזען, אַז די „מומע״ וויינט, האָבן זיי אָנגעהויבן זי צו רייסן ביים קלייד און אַוועקנעמען די הענט פֿון פּנים. „מומע, וויין נישט״, האָבן זי די קינדער געבעטן. זי האָט זיי געקושט, צוגעדריקט וואַרים צו איר האַרץ און אויסגעווישט זיי די טרערן. זי האָט זיך דערפֿילט אויפֿאַמאָל אַזוי גליקלעך צו האָבן אַזאַ שטאַרקן מאַן און אַ בכּבודן מענטש, דעם שענסטן ייִד פֿון שטאָט, און זי איז שטאָלץ געווען אויף איר גליק. און האָט אַלץ ליב געקראָגן — אַלץ, וואָס קומט פֿון אים און וואָס עס געפֿינט זיך אין זיין שטוב. אפֿילו די זאַכן, וואָס זיינען איר ביז איצט פֿרעמד געווען: די זילבערנע לייכטער, די שענק,

די זשיראַנדאָלן, דאָס זילבערנע געפּעס, וואָס איז איר ביז איצט פרעמד און ווייט געווען, ווייל נישט זי האָט איינגעשאַפט דאָס באַלעבאַטישקייט, זיינען איר מיט אַ מאָל ליב געוואָרן: אירס איז עס, און זי האָט זיך דער־פילט די באַלעבאָסטע פון שטוב.

זי האָט געוואָלט דעם מאַן געפעלן ווערן. זי האָט זיך אין שטוב אַרומ־געקוקט, צי איז אַלץ אַזוי צוגעגרייט, ווי ער האָט עס ליב. זי האָט באַמערקט דעם צוגעשטעלטן טיש פאַר די אורחים מיט די וואָכעדיקע מעשענע לעפל און מעשענע לייכטער און מיט ברענענדיקע ליכט אין זיי. און געוואוינט איז זי געווען פון דער היים אויס, אַז אַלץ זאָל זיין שיין, יעדע זאַך אויף איר אָרט, און עס האָט איר געשטערט אָט דאָס וואָכעדיקע, וואָס רייסט זיך אַריין אין איר שבת אַריין. זי האָט נישט פיינט געהאַט די אורחים, נאָר זיי, מיט זייערע שמוציקע קאַפּאָטעס, דאָ ביים הערלעך־געדעקטן טיש. פאַר ליכט־צינדן איז עס נאָך געווען, האָט זי געהייסן די דינסטן גרייטן פאַר די אורחים אַ באַזונדערן טיש אין קיך און אויפשטעלן דערויף די מעשענע לייכטער מיט דעם וואָכעדיקן געפּעס, כדי זי מיט דעם מאַן און די קינדער זאָלן זיין ביי דעם טיש אַליין. זי האָט געמיינט, אַז עס וועט אים געפעלן. דער טיש איז אַזוי שיין, שבתדיק...

עס איז אַראָפּגעקומען די עלטערע טאָכטער פון דער הייך, אויך שבתדיק אָנגעטאָן, מיט איר צירונג באַפּוצט. זי האָט געזען דעם באַזונדערן טיש, וואָס איז אין דער קיך געגרייט געווען, און איר האָבן פאַרדראָסן די נייע מאָדעס, וואָס מען פירט דאָ איין נאָך איר מוטערס טויט. נאָר דער „מומען" זאָגן עס האָט זי נישט געוואָלט. זי האָט געוואָרט ביז דער פאָטער וועט קומען אַהיים פון שול. כאָטש זי האָט די „מומע" ליב געהאַט, און זיך גוט פאַרטראָגן מיט איר, האָט זי דאָך אין האַרצן נקמה געוואָלט דערלעבן אין איר דערפאַר, וואָס זי פאַרנעמט דער מוטערס אָרט. זי האָט געוואוסט, אַז דעם פאָטער וועט פאַרדריסן דאָס גרויסאַרטיקייט, וואָס דאָס ווייבל פירט איין אין דער היים. דאָס ווייבל האָט זיך געוואָלט מיט דער טאָכטער אַפילו מיישב־זיין, האָט זי אָבער געוואוסט, אַז אַ טאָכטערס האַרץ איז שטענדיק אָנגעקניפּט אָן דער מוטער. און, ווידער, איז זי די באַלעבאָסטע אין דער שטוב און טוט וואָס איר געפעלט.

דערווייל איז דער שבת אָנגעקומען מיט רויקע טריט. איבערן הימל האָט זיך די טונקעלע נאַכט אויסגעשפּרייט, ווי אַ שוואַרץ, זיידן טוך מיט שטערן באַנייט. דאָס שטעטל האָט זיך אין טונקעלן שאָטן געהילט, די גע־וועלבער זיינען געווען פאַרמאַכט, די שבת־ליכטלעך האָבן פון די פענצטער אַרויסגעקוקט. און אַ שבת־יום־טובדיקייט איז איבערן שטעטל ווי אַ זאַנפ־טער שלאָף געפאַלן. יידן גייען שוין פון דאַוונען אַהיים. ר' שלמה מיט דעם

אײדים און קינדער, מיט די יונגען, זיינען מענטשן, און אַ פּעקל אורחים הינטער אים. רואיק, מיט שבתדיקע טריט, טרעט ר׳ שלמה און מאַכט זיך מיט דער האַנט די שוואַרצע, געדיכטע באָרד גלייך, צעשפּרייט זי איבער זיין ווייס, געפּרעסט העמד, איבער זיין שוואַרצן, זיידענעם ראָק, און דאָס יידישקייט שמעקט אַראָפּ פֿון אים. ער קוקט אויף די אָרעמע, שטעטלשע גוים, וואָס דרייען זיך האַלב־שיכּור אין געסל אַרום, אין זייערע וואָכעדיקע קליידער, און ער באַדויערט זיי פֿון טיפֿן האַרצן, וואָס דער רבונו־של־עולם האָט מיט זיי דעם חסד נישט געטאָן און זיי דעם שבת נישט געגעבן. עס בעט דער ייד און ווינטשט פֿון גאַנצן האַרצן, אַז משיח זאָל קומען, די וועלט זאָל ווערן אויסגעלייזט, און אַלע גוים פֿון דער וועלט זאָלן אָננעמען יידישקייט.

אַריינגעקומען אין שטוב, געזאָגט „גוט־שבת״. מיט אַ שטילן, רואיקן שמייכל, וואָס שיינט איבערן פּנים פֿון אַ פֿול האַרץ מיט פֿרייד, באַגעגנט חנהלע זיין „גוט־שבת״ און ענטפֿערט אין דער שטיל: „גוט־שבת, גוט יאָר״. ר׳ שלמה דערפֿילט אין איר טאָן און אין דער מינע דאָס וואַרעמקייט פֿון איר האַרץ, וואָס ליגט ווי אַ ליכט אויסגעגאָסן איבער איר גאַנץ געשטאַלט, און מיט אַ האַרץ פֿול מיט פֿרייד, באַגריסט ער די שבתדיקע מלאַכים, וואָס קומען מיט אים אין שטוב אַריין. ער קוקט אויף דעם ווייס־געדעקטן טיש, אויף די זילבערנע לייכטער און דאַנקט דעם רבונו־של־עולם פֿאַר אַלץ, וואָס ער טוט מיט אים. און אַ גרויס שטאָלצקייט פֿילט אים אָן, אַ שטאָלצקייט אויף זיין יידישקייט, אויף גאָט און אויף דער תּורה, וואָס ער האָט די יידן געגעבן. ווי אַ קעניג פֿילט ער זיך אין זיין היים. אַוועק איז דער גלות, חורבן־ירושלים איז קיינמאָל נישט געווען, און בבל און רוים האָבן קיינמאָל נישט עקזיסטירט. און ווי אַ נצחון־ליד איבער זיינע אייביקע שונאים, די גריכן מיט די רוימער, ווי ער וואָלט ערשט פֿון בית־המקדש צוריקגעקומען, און דאָ איז זיין ירושלים, זינגט ער „שלום־עליכם, מלאכי השרת״.

אָבער פּלוצלינג דערזעט ער דעם געדעקטן טיש אין קיך פֿאַר די אורחים. אַ צער דריקט זיין האַרץ, וואָס זיין שבת ווערט פֿאַרשטערט. ער ווייסט, וואָס דאָס איז, און האַלט זיך איין מיט אַלע מעגלעכקייטן נישט צו צעשטערן דעם שבת. ער זעט ווי די אורחים זעצן זיך שוין אויס אין קיך ביים טיש און דער צער אין האַרצן ווערט נאָך גרעסער. פֿאַרשעמט ווערט ער פֿאַר זיך. „אַן אורח איז געגליכן צום רבונו־של־עולם; אַז דו ביסט מכבד אַן אורח, איז ווי דו וואָלסט דעם רבונו־של־עולם מכבד געווען״, — דערמאָנט ער זיך, וואָס דער גאָסטינינער רבי האָט אים אַמאָל געזאָגט. און ווער איז ער דען, וואָס ער זעצט זיך ביי זיין שיינעם טיש, און דעם רבונו־

של־עולם לאָזט ער אין קיך? אָבער שבת איז עס. קיין איין וואָרט רעדט ער נישט. גייט צו צום טיש, נעמט אַראָפּ די פלאַש ווייַן מיט דעם כּוס פון זיין טיש, טראָגט עס אין דער קיך אַריין און זעצט זיך אַוועק מיט די אורחים. באַלד האָבן זיך אַלע אויפגעהויבן פון טיש און זייַנען נאָכגעגאַנגען דעם פאָטער אין קיך אַריין. קיינער האָט נישט געוואָגט קיין וואָרט צו רעדן, נישט צו פרעגן. די אורחים האָבן באַלד צווישן זיך אָרט געמאַכט. מען האָט אָנגעהויבן איבערטראָגן אין קיך אַריין די שטולן, די טעלער און לעפל. אַלע האָבן אין קיך זיך אויסגעזעצט ביים אָרעם־געדעקטן טיש, מיט די מעשענע לייכטער, און די גרויסע זילבערנע לייכטער האָבן זיך פאַרשעמט און איינזאַם געברענט אין דער גרויסער שטוב.

דאָס ווייבל איז פאַרשעמט געוואָרן. רויט און בלאַס איז זי דעם גאַנצן אָוונט געווען, און נישט איין מאָל זיך טועה געווען ביים טיילן. דער עולם איז געזעסן שטיל, נאָר באַלד האָט זיי ר׳ שלמה באַרואיקט מיט זייַנע בליקן. נאָך דעם קידוש ביי די פיש, האָט ער אָנגעהויבן פריינטלעך צו רעדן מיט די אורחים, מיט די קינדער, און געשמייכלט ליבלעך צו חנהלען און גערעדט צו איר, גלייך עס וואָלט גאָרנישט געווען פאַרגעקומען. און געשפּילט האָט ער זיך מיט די קינדער, געגלעט די מיידלעך איבער די קעפּלעך און גע־פרעגט די ייִנגלעך עפּעס פון לערנען. באַלד האָט מען אָנגעהויבן זמירות צו זינגען און אַלע האָבן פאַרגעסן, אַז זיי זיצן אין קיך. אַלע זייַנען צוריק פריילעך געוואָרן, באַרואיקט זיך, און דער שבת איז געגאַנגען מיט זיין געווענלעכן יום־טובדיקן גאַנג.

נאָר דאָס ווייבל אַליין איז געזעסן אַ טרויעריקע. און וויפל ר׳ שלמה האָט זיך נישט באַמיט צו באַרואיקן זי מיט די בליקן און מיט גוטע ווערטער, האָט עס נישט געהאָלפן. זי איז געזעסן אַ טרויעריקע און האָט רואיק גע־טיילט ביים טיש.

אַז זיי זייַנען צו זיך אין צימער אַריינגעקומען, איז ר׳ שלמה צוגעגאַנ־גען צום ווייבל, האָט זי געגלעט איבערן קאָפּ און געזאָגט אַזוי:

— ביסט פאַרשעמט געוואָרן, חנהלע. אָבער וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? אַז דו ביסט מכבד אַן אורח, איז ווי דו וואָלסט מכבד געווען דעם רבונו־של־עולם. און ווער, וואָלסטו געוואָלט, זאָל ליבער פאַרשעמט ווערן: דו, צי דער רבונו־של־עולם?

זי האָט אין דער שטיל דעם קאָפּ צו דער ערד געבויגן און געזאָגט מיט אונטערטעניקייט און מיט אַ פאַרטרערטער שטימע:

— איך ווייס נישט, ווי אַזוי איך זאָל זיך פירן. לערן מיך, שלמה, לערן מיך, איך וועל דיך פאָלגן.

און זי האָט גענומען זייַנע הענט און האָט זיי אין דער שטיל געקושט.

# ר׳ שלמהס יחוס

אויף אַן אַלטן חומש, וואָס אַן עלטער־זיידע האָט איבערגעלאָזט, ציט זיך אַוועק אַ ייחוס־ברייוו פֿון ר׳ שלמהס משפּחה. לויט דער אַלטקייט פֿון דער משפּחה דערגרייכט דער ייחוס־בריוו ביט זייער ווייט. אַן עלטער־זיידע, דער מחבר פֿון דעם ספר „אור ישראל״, האָט אין שנת תקל״ז, אין דעם שטעטל שערעץ, וואָס איז במדינת גרויס־פּוילן, פֿאַרשריבן, אַז ז׳ כסליו איז ביי אים געבוירן געוואָרן אַ זון, אליקום־געציל. דער ייחוס־בריוו ציט זיך ביז צום „נודע ביהודה״. און דער „נודע ביהודה״, ווי מען ווייסט, רעכנט אויס אין דער הקדמה צו זיין ספר זיין ייחוס ביז צו דוד המלך, — אַזוי איז ר׳ שלמה און אַזוי זיינען ר׳ שלמהס קינדער זיכער ביי זיך און גלייבן באמונה שלמה, אַז זיי קומען אַרויס פֿון דוד המלך.

אַ לאַנגע צייט האָט די משפּחה פֿאַרנומען אין שטעטל די שטעל פֿון אַ רב, וואָס האָט קיין שכירות נישט גענומען פֿאַר רבנות. דער רב איז צוגלייך אויך געווען אַ סוחר, און דאָס איז אַזוי איבערגעגאַנגען פֿון די טאַטעס צו די זין. אַז אַ רב איז עלטער געוואָרן און געפּילט, אַז ער האַלט ביים שטאַרבן, האָט ער נאָך ביי זיין לעבן באַשטימט איינעם פֿון זיינע זין, וואָס איז ראוי געווען דערצו, פֿאַר אַ ממלא־מקומו. אַליין איז דעמאָלט אַוועקגעפֿאָרן קיין ירושלים שטאַרבן און דער זון האָט זיך מתחייב געווען צו צאָלן דעם פֿאָטער וואָכן־געלט אַזוי לאַנג ווי ער וועט לעבן. די שטאָט האָט געמאַכט אַ גרויסן מאַלצייט דעם טאָג, איידער דער רב איז פֿון דער שטאָט אַרויסגעגאַנגען קיין ירושלים. אויף דעם מאַלצייט האָט מען דעם אַלטן רב געוואונטשן מזל־טוב, וואָס זיין זון איז ממלא־מקומו און צומאָרגנס אין דער פֿרי האָט דאָס גאַנצע שטעטל אַרויסבאַגלייט דעם רב מיט דער רביצין אין וועג אַריין. און דער רב איז אַרויסגעגאַנגען צו־פֿוס פֿון שטעטל, כּדי עס זאָל הייסן, אַז ער איז „עולה־רגל״.

פֿיל רבנים פֿון דער משפּחה זיינען אָנגעקומען קיין ירושלים, און ליגן אויפֿן הר־הזיתים, וואָס איז קעגנאיבער דעם הר־הבית. נאָר פֿיל רבנים פֿון דער משפּחה זיינען אין יענע אומרואיקע צייטן, ווען די מלכים

האָבן געפֿירט צווישן זיך מלחמות, פֿאַרלאָרן געוואָרן אויפֿן וועג. מען ווייסט ניט, וואו זיי זיינען אַהינגעקומען, און זייערע ביינער זיינען פֿאַר־שפּרייט אויף די בית־עלמינס פֿון אַלע שטעט, וואָס ליגן אויף דעם וועג צווישן דעם שטעטל שערעץ און ירושלים. זיי זיינען געשטאָרבן אויפֿן וועג און האָבן ניט די זכיה געהאַט צו טרעטן אויף דער הייליקער ערד.

אַזוי האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע שנור פֿון דורות רבנים, ביז דאָס אומגליק איז געקומען. דאָס אומגליק איז געווען, אַז דער ממלא־מקום פֿון דעם באַרימטן „אור ישראל", טאַקע דער אליקום געציל, וואָס איז געווען אַן עילוי, אַ פֿייערדיקן קאָפּ געהאַט און די וועלט האָט געשמט מיט אים, האָט פּלוצלינג מעגן געווען זיין ווייב מיט די קינדער, פֿאַרלאָזן דעם בית־המדרש מיט די ספֿרים און איז אַנטלאָפֿן קיין בערלין, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ מקום־טומאה, רחמנא לצלן, וואָרים דער דעסער האָט דאָרט דעמאָלט געלעבט, און ער איז אַרויסגעגאַנגען לתרבות־רעה.

פֿון דעמאָלט אָן איז די שנור פֿון רבנים־סוחרים געוואָרן איבערגע־ריסן. די קינדער פֿון דעם מומר זיינען געוואָרן איידימס אין פֿרעמדע שטעט, האָבן פֿאַרלאָזט דעם כסא־רבנות און זיך גענומען צום האַנדל. ר' שלמהס פֿאָטער האָט אַפֿילו יאָ דערגרייכט צו זיין אַ שוחט, אָבער ווייטער איז עס ניט געגאַנגען. מען האָט אים אויך די שטעל געגעבן נאָר צוליב זיין ייחוס. דער אור־התורה איז אָפּגענומען געוואָרן פֿון זיי, און קיין סוחרים זיינען זיי אויך ניט געווען קיין גרויסע. און מחמת דעם פֿאָטערס שפּלקייט האָט מען באַלד אויף זייער ייחוס פֿאַרגעסן. אויף ר' שלמהן פֿלעגט מען אויך היינט נאָך זאָגן אין דער שטיל, אַז ער איז אין דער יוגנט געווען אַ קאַלבן־טרעגער, נאָר ר' שלמה פֿלעגט זיך דערמיט ניט שעמען. אַדרבא, נאָך ביז היינט, אויף יעדן פּסח צום סדר, אַז די קינדער זיצן אַרום טיש און ער קוקט אויף דעם שיין־געדעקטן טיש, דערציילט ער פֿאַר זיינע בני־בית דעם נס, וואָס דער רבונו־של־עולם האָט מיט אים אַ מאָל געטאָן, ווי אַזוי ער איז געקומען צו זיין עשירות. וואָרים, פֿלעגט ער זאָגן, פּסח צום סדר דאַרף אַ ייד דערציילן ניט נאָר די נסים, וואָס דער רבונו־של־עולם האָט געטאָן מיט די יידן אין מצרים, נאָר מען דאַרף אויך דערציילן די נסים, וואָס דער רבונו־של־עולם טוט מיט יעדן ייד באַזונדער.

און דערציילן פֿלעגט ער אַזוי:

„מיט אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל יאָר צוריק, ווען איך בין נאָך געווען אַ יונגערמאַן, נאָך דער חתונה, האָט דער רבונו־של־עולם מיט מיר גע־טאָן אַ נס. איך האָב דענסמאָל געהאַנדלט מיט קאָרן מיט אַ יונגענמאַן בשותפֿות. האָט מען זיך אָפּגערעכנט דעם שבת־צו־נאַכטס, וואָס פֿאַר פּסח, און מיר איז גאָרניט אַרויסגעקומען. ביי מיר זיינען נאָר געבליבן

די פינף גראָשן, וואָס אייער מוטער נעבעך האָט איבעריק געהאַט פון פריי־טיקדיקן שבת מאַכן. און דאָ איז געווען דריי טעג פאַר יום־טוב, אין שטוב איז נישטאָ גאָרנישט, און אַן אורח אויף יום־טוב בין איך אויך געוואוינט אַהיימצונעמען. נאָר איך האָב מיר גאָרניט געמאַכט דערפון, איך האָב זיך פאַרלאָזט אויפן רבונו־של־עולם, אַז ער וועט מיך ניט פאַר־לאָזן. צומאָרגנס אין דער פרי איז געווען אַ יאַר־מאַרק, זונטאָג. איך בין געגאַנגען דאַווענען, און קומענדיק צוריק, האָב איך זיך געוואָשן צו די פאַר זעמל, וואָס די מאַמע האָט געקויפט, פאַרביסן, אָפּגעבענטשט, און גיי אין גאַס אַרויס און זאָג מיר: „רבונו־של־עולם! דער שותף האָט מיך פאַרלאָזן, און קיין געלט האָב איך ניט, וויל איך דיך צונעמען פאַר אַ שותף. איך וועל אַריינלייגן מיין אַרבעט, דו — דיין ישועה, און וואָס מיר וועלן פאַרדינען, וועלן מיר זיך טיילן". קיין גראָשן אין קעשענע האָב איך ניט געהאַט, אָבער דעם בטחון האָב איך ניט פאַרלאָרן. איך האָב געוואוסט, אַז דער רבונו־של־עולם וויל מיר העלפן און זאָג מיר: „דאָס ערשטע בעסטע, וואָס איך וועל טרעפן, דאָס קויף איך אַן אַ גראָשן". טרעף איך אַן אַ פויער, וואָס טראָגט אויפן אַקסל אַ קעלבל. צוויי רובל וויל ער דערפאַר. איך גיב אים נאָר צען גילדן; דינגט ער זיך: נאָך צוויי גילדן. און איך נעם דאָס קעלבל אויף דער פלייצע און שעם זיך גאָרניט, כאָטש איך בין דענסמאָל געווען אַן אָנגעזעענער יונגערמאַן פון אַ שיינער משפחה און ערשט נאָך דער חתונה, און אַלע האָבן מיך געקענט. און איך גיי דרייסט, כאָטש די שטאָט קוקט מיר נאָך, — איך האָב אַ ווייב מיט קינדער פרנסה צו געבן. טראָג איך דאָס קעלבל פאַרביי לייבוש מלווהס טיר. „באָרג מיר דערויף דריי קערבלעך!" באָרגט ער מיר דריי רובל. באַצאָלט דעם פויער און אַרויס אין גאַס ווייטער האַנדלען. אַ זעקל תבואה, אַרבעס, אַ פעל, — איך האָב גאָרניט געקוקט: אַלץ, וואָס האָט זיך מיר געטראָפן, האָב איך געקויפט. און דער רבונו־של־עולם האָט מיר טאַקע געהאָלפן. ערב פסח האָב איך געמאַכט מיט אים אַ חשבון, זיין חלק ריווח האָב איך אים אָפּ־געגעבן ביז צו אַ גראָשן, צעטיילט אָרעמע לייט, און איך מיט דער מאַמען האָבן אָנגעגרייט אַ שיינעם פסח, און אַן אורח אַהיימגענומען. מיר האָבן געהאַט אַ פריילעכן יום־טוב אויך. נאָך יום־טוב האָב איך אים געזאָגט, דעם רבונו־של־עולם: שותפות מאַכן מיט דיר קאָן איך ניט; איך האָב אַ ווייב מיט קינדער און דאַרף זען צו זאָרגן פאַר זיי אויף תכלית. נאָר ווי ווייט איך וועל קאָנען, ווי ווייט דו וועסט מיר העלפן, — מיר זיינען דאָך יידן... און האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין דאָרף אַריין צום שררה מיט אַ פאַר רובל און געאַרבעט... און קיינמאָל האָב איך מיטן שררה קיין קוויטל אונטערגעשריבן, און דער רבונו־של־עולם האָט נאָך מיך קיין מאָל,

חלילה, ניט געבראַכט צו דעם, אַז איך זאָל דאַרפֿן מיין וואָרט ברעכן, אַפֿילו עס האָט געהאַלטן אומגליקלעך צו ווערן. און פֿון דענסמאָל אָן לעב איך, און מיר האָבן זיך ניט צו קלאָגן, און איך האָף און גלויב, ער וועט אונדז ווייטער אויך ניט פֿאַרלאָזן".

היינט, אַז עוזרל דער זון און די טאָכטער הערן, וואָס דער פֿאָטער דערציילט, רויטלען זיי זיך ביים טיש און בויגן די קעפּ צו דר'ערד, און עס איז זיי אומאָנגענעם, וואָס דער פֿאָטער דערציילט ווי ער האָט אַמאָל אַ קעלבל געטראָגן. אָבער ר' שלמה איז שטאָלץ דערויף, און אַפֿילו היינט, ווען עס זאָל אים, חלילה, טרעפֿן אַן אומגליק און ער וואָלט זיין געלט פֿאַר־לאָרן, וואָלט ער קיין איין מינוט נישט געקלערט און צוריק אָנגעהויבן אויפֿסניי און קעלבלעך געשלעפּט.

אַזוי האָט ר' שלמה אויסגעפֿירט זיין וועלט מיט דעם כּח פֿון בטחון, וואָס ער האָט געהאַט. עס זיינען נאָך געווען יענע צייטן, ווען די יאַר־מערק זיינען פֿול געווען מיט פּויערים און פֿורן. געשעפֿטן האָבן זיך אין די גאַסן געוואָלגערט. דער פּריצל האָט נישט געוואוסט פֿון דער שטאָט און גע־דאַרפֿט האָבן דעם ייד. ר' שלמהס ערלעכקייט האָט אין דער וועלט גע־קלונגען. קיינמאָל קיין קוויטל נישט אונטערגעשריבן, און אַפֿילו אויף „ברי" קיין שבועה ניט געגעבן. און עס האָט זיך שוין אַ מאָל געטראָפֿן, אַז ר' שלמה האָט געלאָזט פֿאַרפֿאַלן גיין אַ פֿאַרמעגן ביי אַ שותּף נאָר דערפֿאַר, וואָס בית־דין האָט אים צוגעפּסקנט אַ שבועה. די שבועה איז געווען אַ ברי; די וועלט האָט געוואוסט, אַז ער האָט רעכט, נאָר שווערן האָט ער ניט געוואָלט און פֿאַרפֿאַלן געלאָזט: „דער רבונו־של־עולם וועט מיר ממלא זיין", — האָט ער געזאָגט. און אַזוי איז געווען. אין „הויף" אָנגעזעזן, די שררות האָבן אים באַהאַנדלט ווי זייערס אַ גלייכן, אַ שטאָלצער ייד געווען. אַ מאָל האָט אים אַ יונגער פּריץ, וואָס האָט אים ניט געקענט (ערשט בירושה געקראָגן דאָס פֿאַרמעגן), פֿאַרשעמט, ניט געהייסן אים זיצן און געזאָגט „דו". האָט ער אים שטיין געלאָזט, אַוועקגעפֿאָרן און קיין געשעפֿט ניט געמאַכט, כאָטש עס איז דערביי געשטאַנען אַן עשירות צו פֿאַרדינען. דער פּריץ איז אַ הולטיי געווען, האָט ער אויספֿאַרקויפֿט זיינע גיטער בחצי־חינם, האָט דאָך ר' שלמה מער ניט געוואָלט מיט אים קיין געשעפֿטן מאַכן, — און ביזן היינטיקן טאָג.

אַז ר' שלמה איז אַריינגעקומען אין אַ הויף אַריין, אָדער אַז מען האָט אים אַ געשעפֿט פֿאַרגעלייגט, האָט ער געפֿרעגט, צי זיינען שוין יידן־סוחרים דאָרט געווען. קוים איז ער געוואויר געוואָרן, אַז יידן דינגען שוין, האָט ער עס פֿאַר קיין געלט נישט געוואָלט קויפֿן. ער האָט קיין מאָל קיינעם קיין געשעפֿט ניט אויסגעדונגען, און אויב ער האָט דאָס געטאָן

בלא־יודעים, האָט ער יענעם דעם ריווח אָפּגעגעבן. דאָס האָט אים גע־מאַכט אַ שם אין דער וועלט. מען האָט זיך באַלד דערמאָנט, ווער ר׳ שלמה איז, דערמאָנט זיך אָן זיין ייחוס. דער פֿאָטער, דער שוחט, דער אָרעמאַן, איז פֿאַרגעסן געוואָרן; דעם מומר, דעם זיידן, האָט קיינער ניט געקענט. עס זיינען באַלד אויפֿגעשטאַנען די גרויסע עלטער־זיידעס, די רבנים סוחרים, דער בעל „אורח החיים״, וואָס זיי האָבן באַלויכטן דאָס שטעטל דורך אַזוי פֿיל יאָרן, און ר׳ שלמה איז געוואָרן דער גרויסער נגיד און דער גרויסער בעל־ייחוס אין שטעטל.

און מען האָט געזען, אַז דער רבונו־של־עולם וויל אים העלפֿן. די ברכה איז געלעגן אויפֿן הויז, און צו וואָס ער האָט זיך גענומען, איז גאָלד געוואָרן. דאָס ווייב נעכע — אַן אשת חייל. די גאַנצע וואָך איז ער אַרומגעפֿאָרן האַנדלען אין די הויפֿן, אין די שטעטלעך, און זי האָט גע־מאַכט פֿון הויז אַ גאַסט־הויז פֿאַר אָרעמע לייט. קיינער איז ניט אַרויס־געגאַנגען פֿון איר הויז אַ הונגעריקער. דער בית־המדרש און די שול האָט זי מיט ליכט אויסגעהאַלטן, און אַן אָרעמע קינפּעטאָרין אין שטאָט, איז מען צו נעכען געגאַנגען נאָך אַ ביסל גוטן איינגעמאַכטס, נאָך אַ לעפֿל יויך. און אַ נדבה, און אַ העמד אַן אָרעמאַן, אָדער אַ ריינע ליילעך פֿאַר אַן אָרעמער געווינערין. קיין מלבושים האָט מען ניט פֿאַרקויפֿט, אויף יום־טוב נייע געמאַכט און די אַלטע אַוועקגעשענקט אָרעמעלייט. און האָט ווער געדאַרפֿט אַ גמילת־חסד (אַ קליינעם גמילת־חסד, וואָרים מיט גרויסע איז מען צו ר׳ שלמהן געגאַנגען), איז מען אַריינגעקומען צו נעכען. אין שאַנק ליגט אַ פֿולער שופֿלאָד מיט פֿינגערלעך און בראָשען, וואָס אָרעמעלייט לאָזן ליגן פֿאַר משכּנות. אויף אַ יום־טוב גיט מען עס צוריק אַרויס, און די, וואָס זיינען פֿאַרפֿאַלן געבליבן, שענקט מען אַוועק אַן אָרעמער כּלה אויף כּלה־מתּנות. מען באַנוצט עס, חלילה, ניט, מען האַלט עס פֿאַר צדקה.

און מען האָט טאַקע אָנגעזען, ווי דאָס גאַנצע הויז האָט זיך געטונקט אין גאָטס ברכה, וואָס איז געלעגן דערויף, געטונקט זיך אין שפֿע. יעדן יאָר אַ קינד געהאַט. די אַמען מיט די באָבעס זיינען גאָרניט פֿון שטוב אַרויס. איידער מען האָט איין סעודה פֿאַרענדיקט, האָט מען שוין זיך געגרייט צו אַ צווייטער סעודה. און ווי די קינדער, אַזוי, להבדיל, די קי אין די שטאַלן און די שטוב־חיות... און עסנוואַרג האָט זיך אין הויף אַרומגעוואַלגערט. אַלע הינער פֿון דער שטאָט האָבן אין ר׳ שלמהס הויף חיונה געקליבן. און דאָך, אַז ר׳ שלמה האָט אָפּגעקויפֿט די אַלטע פּלעצער, וואָס האָבן געהערט צו זיינע זיידעס און איז דאָרט געגאַנגען בויען, האָט נעכע אַרויסגענומען אַ באַהאַלטן זעקעלע, אָנגעשטאָפּט מיט זילבערנע רובלס, וואָס זי האָט אָנגעקליבן באַזונדער, און צושטייער געגעבן אויפֿן בויען.

נאָר דער אור־התורה איז אים ניט צוריקגעגעבן געוואָרן. קיין למדן איז ר׳ שלמה ניט געווען, נאָך יונגערהייט זיך גענומען צום האָנדל. און אַז ער איז געוואָרן אַן אָנגעזעענער מענטש, האָט ער זיך אָנגעהויבן צו חברן מיט בעלי־בתּים, מיט די פֿישערס און קצבים, מיט פּראָסטע יידן, כאָטש די חסידים האָבן אים געוואָלט אַריינציען צו זיך און שטענדיק געדענקט זיין ייחוס. ער האָט פֿאַר זיי דרך־ארץ געהאַט, אָבער ליב האָט ער זיי ניט געהאַט. „איך ניט, — האָט ער געזאָגט, — נאָך ניט די צייט. אפשר מיינע קינדער אַ מאָל״ (געמיינט האָט ער חיימלען, דעם ייִנגערן זון, פֿון אים וועט זיך אָנהייבן דער אור־התורה). געפֿאָרן איז ר׳ שלמה צום גאָסטינינער, וואָס איז געווען אָנגענומען פֿאַר אַ „וויבערשן גוטן יידן״ און וואָס די חסידים האָבן פֿון אים חוזק געמאַכט, ווייל צו אים זיינען געפֿאָרן נאָר פּראָסטע יידן, באַלעבאַטים.

דער גאָסטינינער איז אָבער געווען אַן אוהב־ישראל און האָט דווקא ליב געהאַט זיך צו חברן מיט די פּשוטע יידן, באַלעבאַטים, די חברה „פֿייען״ (פֿישערס, פֿליישערס, פֿערד־סוחרים). און איז געקומען אַ שבת, אַ יום־טוב, זיינען צו אים געקומען די באַלעבאַטים מיט די ווייבער און מיט זייער גאַנצן הויז־געזינט, באַלאַגערט זיין הויז, ליב געהאַט דעם רבין ווי ס׳לעבן, און זיך געשלאָגן פֿאַר אים. און געהאָלפֿן האָט דער רבי מיט תהילים־זאָגן. איז אַ ייד געקומען צו גיין צו אים און האָט אים דערציילט זיינע צרות, האָט ער זיך אָװעקגעשטעלט מיט דעם יידן תּהילים זאָגן, — ער אַ פּסוק, דער ייד אַ פּסוק. און מען האָט געזען בחוש, ווי דער ייד ווערט געהאָלפֿן, ווי די ישועה קומט. דאָרט, ביים רבין, האָט מען זיך געפֿירט באַלעבאַטיש. אַפֿילו געדאַוונט האָט מען כּמנהג אַשכּנז. האָבן יידן דעם רבין ליב געהאַט, פֿון אַלע מקומות אַרום איז מען געקומען צו אים, און געוואוסט האָט ער פֿון אַלע זייערע געשעפֿטן, און ער האָט עצות געגעבן.

אָט צו דעם באַלעבאַטישן רבין איז ר׳ שלמה אויך געפֿאָרן, ווי יעדער ייד. און אַז ער האָט אַ ברית געמאַכט, האָט ער אים פֿיש געשיקט דורך אַ שליח. דערפֿאַר האָבן אים די יידן באַלעבאַטים ליב געהאַט, און ער איז געוואָרן באַלד זייער גאַנצער פֿאַרטרויטער, דער בעל־יועץ אין שטאָט און דער בורר. און ווען עס האָט נאָר עפּעס געטראָפֿן אין שטאָט און מען האָט זיך געדאַרפֿט מיישב זיין, אויסגלייכן אַ סכסוך, אַ שותּפֿות, אַ שידוך, איז מען געקומען צו ר׳ שלמהן. זיינע ווערטער זיינען געווען הייליק, וואָרים ער איז געווען זייער שטאָלץ. ר׳ שלמה, דער גרעסטער נגיד און דער גרויסער בעל־ייחוס, דער שענסטער ייד פֿון שטאָט, איז מיט זיי, דאַוונט מיט זיי אין איין בית־המדרש און פֿאָרט מיט זיי צו איין רבין, איז ער אויך געוואָרן דער פֿירער פֿון שטאָט.

*

און אַז זיין ווייב נעכע איז שווער געגאַנגגען צו קינד, איז ר׳ שלמה פּונקט ניט געווען אין דער היים. וואָס האָט זיך דענסמאָל געטאָן אין שטאָט! אין אַלע שולן און בתּי־מדרשים ליכט געצונדן. יידן באַלעבאַטים האָבן די אַרבעט אַוועקגעוואָרפן און געשטעלט זיך תּהילים זאָגן. די שטאָט ווייבער האָבן פינצטער געמאַכט דאָס געסל מיט דעם גרויסן געשטיי פאַרן הויז. און די געוואַלדן און די געשרייען זיינען געגאַנגען אין הימל אַרויף. און אַז מען האָט דעם דאָקטאָר געזען אַרויסגיין פון דעם חולה, און דער דאָקטאָר האָט געמאַכט מיט די הענט און געוויזן דעם עולם אויפן הימל, — אַז דאָ קען נאָר דער רבונו־של־עולם העלפן, איז געוואָרן אַזאַ יאָמער, אַז די שטיינער אין גאַס האָבן געוויינט.

עס האָט זיך פּונקט געקליבן צו רעגענען, די וואָלקנס האָבן באַלייגט די הימלען, און פון עק גאַס קומט אָן ר׳ שלמהס פור צו פאָרן. אַז די ווייבער האָבן דערזען די פור אָנקומען, איז מען אַריינגעלאָפן צום חולה אָנזאָגן, אַז דער מאַן קומט־אָן. און אַז ר׳ שלמה האָט דערזען פאַר זיין טיר אַזאַ עולם שטיין, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון דער פור און האָט אָנגעהויבן לויפן אַהיים. מען האָט אים באַלד אָנגעזאָגט דאָס אומגליק, און ער איז אַריין צו דעם חולה, אָנגעטאָן נאָך אין מאַנטל. זי האָט נאָך צייט געהאַט אים ביי דער האַנט אָנצונעמען און זאָגן: „שלמה, אַז דו וועסט נעמען פאַר מיינע קינדער אַ שטיף־מאַמע, זאָלסטו זען, אַז זי זאָל גוט באַהאַנדלען די קינדער און די אָרעמעלייט אין שטאָט, און אַז די שטוב זאָל זיך פירן ווייטער אַזוי, ווי זי האָט זיך געפירט ביי מיין לעבן. צו מיין טאָכטערס חתונה זאָלסטו נעמען אַן אָרעם־פאַר־פאָלק, און זיי זאָלן פירן מיין טאָכטער אונטער דער חופּה״.

די קינדער זיינען געשטאַנען אַרום בעט און אַז זיי האָבן געהערט דער מוטערס רייד, איז געוואָרן אַ געוויין. זי האָט באַלד די אויגן צוגעמאַכט און איז געשטאָרבן.

אַ לוויה האָט זי געהאַט! די גאַנצע שטאָט איז נאָכגעגאַנגען. אַלע געוועלבער זיינען געווען פאַרמאַכט, אַלע תּלמוד־תּורה־קינדער און בית־המדרש־בחורים זיינען נאָך דער מיטה געגאַנגען. די אָרעמע בחורים האָבן אַלע ביי איר טעג געגעסן, און די תּלמוד־תּורה־קינדער האָט זי אויף יעדן יום־טוב קליידער און שיך געמאַכט. אַן אָרט פאַר אַ קבר האָט מען איר אָפּגעגעבן אין שכנות ביי דער רביצין. אַלע בית־המדרש־בחורים און די תּלמוד־תּורה־קינדער האָבן נאָך איר קדיש געזאָגט. דער דיין האָט איר אַ הספּד געמאַכט, וואָרים זי איז געווען פאַר אַלעמען ווי אַ מוטער.

דאָס איז געווען אַ פּאָר וואָכן פאַר דער טאָכטערס חתונה. נעבעך, ניט די זכיה געהאַט די טאָכטער אונטער דער חופּה צו פירן. מען זאָגט, זי האָט זיך פאַרזינדיקט, זי האָט געהאַט פאַרגעסן אַן אָרעמע כּלה איר צירונג אַרויסצוגעבן צו דער חופּה, וואָס די כּלה האָט געהאַט ביי איר פאַרזעצט אין אַ משכּן. און די כּלה איז געגאַנגען אונטער דער חופּה אָן צירונג און איז, נעבעך, פאַרשעמט געוואָרן פון חתן. האָט זי גאָט באַשטראָפט, אַז זי זאָל ניט דערלעבן צו פירן איר קינד אונטער דער חופּה, און דערמיט איז זי אָפּגעקומען די זינד אויף דער וועלט.

*

אַן איידעם האָט ר׳ שלמה גענומען פאַר זיין עלטסטער טאָכטער אַ למדן און אַ חסיד. ער האָט געוואָלט צוריק אויפזוכן דעם אור־התורה, וואָס איז אַ מאָל געווען אין דער משפּחה, האָט ער זיך גענומען אַן אָרעמען בחור, כאָטש ניט פון קיין שיינער משפּחה, נאָר אַן עילוי. כּמה וכמה אַלפים נדן געגעבן און קעסט — כּל ימיו. און אַ חתונה איז עס געווען אין שטעטל, ווען ר׳ שלמה האָט דאָס ערשטע קינד אויסגעגעבן!

מען האָט אָפּגעלייגט די חתונה אויף נאָך דריי חדשים, מיט אַכט טאָג פריער האָט מען געמאַכט חתונות פאַר אָרעמעלייט. אָנגעצויגן האָבן אָרעמעלייט פון דער גאַנצער סביבה אַרום אויף דער חתונה. דער מחותּן מיט דער כּלה האָבן אַליין דערלאַנגט צו די טישן. גאַנצע קעסלען האָבן אין הויף זיך געקאָכט, און פון בית־המדרש האָט מען טיש און בענק אַרויסגענומען און אויפן הויף אַרויסגעשטעלט. דער פאָטער מיט דער כּלה האָבן פאַר די אָרעמעלייט געטאַנצט. דערנאָך האָבן זיי זיךביידע אָוועקגעשטעלט, ר׳ שלמה האָט אין זיין שירץ זילבערנע רובלס געהאַלטן און די כּלה אין אַ צווייטן שירץ. ווען די אורחים האָבן די חתונה פאַר־לאָזן, האָבן זיי ביידע די רובלס געטיילט.

היינט די חתונה אַליין. צו ערשט דאָס גיין אויפן „גוטן אָרט״ די גע־שטאָרבענע מאַמע צו דער חופּה בעטן: צוערשט איז ר׳ שלמה געגאַנגען, דערנאָך די כּלה; אַ האַלבע שטאָט איז מיט זיי אַרויסגעקומען צום קבר. אַן אל מלא רחמים פאַר דער כּלה צו מאַכן האָט מען אַראָפּגעבראַכט ר׳ בצלאל סאָכאַטשעווער, וואָס די וועלט האָט מיט אים געקלונגען.

אַז די מחותּנים זיינען זיך צוזאַמענגעקומען צו דער חתונה, האָט דער כּלהס צד אָנגעהויבן אויסרופן רבנים־משפּחות. צוואַנציק שטריימלעך זיינען ביי דער חופּה געווען. ר׳ שלמהן האָט ניט געפּאַסט פאַר די מחותּנים, האָט ער אַליין אויך אָנגעטאָן אַ שטריימל און אַן אַטלאַסענע קאַפּאָטע צו דער חופּה. קיין כּלי־זמרים זיינען ניט געווען, ווייל די כּלה איז דאָך

געווען אַ יתומה, נאָר ר׳ שלמה האָט זיי חתונה־געלט אָפּגעצאָלט. עס האָבן אָנגעצויגן פֿאַרשיידענע בדחנים און מגידים די כּלה פֿאַר דער חופּה צו באַזינגען און די טויטע מוטער צו באַוויינען. אויף דער נאַכט, אין גרויסן זאַל, וואו די כּלה איז געזעסן צווישן בלומען־טעפּ, אַז ר׳ בצלאל סאָ־כאַטשאָווער האָט זיך אַוועקגעשטעלט פֿאַר דער כּלה און האָט געמאַכט דעם אל מלא רחמים פֿאַר נעכעס נשמה, איז געוואָרן אַ געוויין ביי דער כּלה, גלייך עס וואָלט אַ לוויה געווען. דערנאָך האָט דער בדחן פֿאַרבעטן די טויטע מוטער, אַז זי זאָל קומען בענטשן די כּלה פֿאַר דער חופּה. די ווייבער האָבן זיך געגעבן אַ רוק־אָפּ און געמאַכט אָרט פֿאַר דער טויטער מוטער; די כּלה האָט באַהאַלטן דאָס פּנים אין טיכל און געכליפּעט. און עס האָט טאַקע אויסגעוויזן, ווי נעכע טרעט אין אירע ווייסע תּכריכים צווישן די ווייבער, גייט־צו צו דער כּלה, לייגט אַרויף אויף איר קאָפּ אירע טויטע הענט און בענטשט זי, — אַזוי שטיל איז געוואָרן, און אַזוי טונקל האָבן געלויכטן די ליכט.

און צו דער חופּה האָט שלמה געטאָן ווי נעכע האָט אים אָנגעזאָגט פֿאַרן טויט: געגעבן אַ נאָמען פֿאַר־פֿאַלק און מיט זיי אין איינעם געפֿירט אונטער דער חופּה זיין ערשטע טאָכטער. מען זאָגט, אַז דאָס איז געווען יענע אידענע מיטן מאַן, וואָס נעכע האָט זי פֿאַרשעמט און איר ניט אַרויס־געגעבן די צירונג צו דער חופּה, און דערפֿאַר ווייל זי איז פֿאַרשעמט גע־וואָרן, האָט זי די זכיה געהאַט, אַז זי און איר מאַן זאָלן פֿירן ר׳ שלמהס עלטסטע טאָכטער צו דער חופּה.

*

באַלד נאָך דער טאָכטערס חתונה האָט ר׳ שלמה אָנגעהויבן אַרומ־קוקן זיך פֿאַר אַ שידוך פֿאַר זיך. אַזאַ הויז־געזינט אָן עין־הרע, און ר׳ שלמה אַליין, אַ שיינער געזונטער ייד, — ער דאַרף האָבן אַ ווייב אין שטוב. איצט איז ער דאָך שוין געווען דער נגיד און דער אָנגעזעענער מענטש, האָט ער געוואָלט נעמען אין שטוב אריין אַ בת־נדיבים, וואָס זאָל פֿירן זיין הויז מיט ברייטקייט ווי נעכע, און זיין אַ גוטע מוטער צו די שטיף־קינדער. געשדכנט האָט מען אים גראָסגליקס אַ טאָכטער פֿון קויל. געקענט האָט ער די משפּחה, אַ שיין יידיש הויז, פֿון זייער אַלטן ייחוס, — איניקע טעכטער, און עס גייט דעם פֿאָטער ניט גוט. דאָרט האָט מען זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט. ר׳ שלמה האָט זיך געלאָזט געלט קאָסטן, דעם פֿאָטער געהאָלפֿן, די שניט־קראָם צוריק געעפֿנט, און פֿאַר די אַנדערע טעכטער וועט ער אויך זאָרגן.

דאָס מיידל איז נאָך געווען יונג, ניינצן יאָר, און אַז מען האָט איר פֿאַרגעשטעלט דעם חתן, האָט זי געוויינט. אָבער ר׳ שלמה האָט זי ביי דער האַנט אָנגענומען און געפֿרעגט, צי ער געפֿעלט איר ניט, און גע־זאָגט צו איר, אַז עס וועט איר זיין גוט, און די קינדער זיינע זיינען איידעלע, וועלן זי גוט באַהאַנדלען און ער וועט איר, חלילה, ניט לאָזן קיין שלעכטס טאָן. און געגעבן האָט ער איר די טייערע בריליאַנטענע אוירינגלעך חתונה־געלט. דאָס מיידל איז ווייכער געוואָרן. דער ייד מיט דער שוואַרצער באָרד און די ברענענדיקע אויגן איז איר געפֿעלן געוואָרן, נאָר זי האָט מורא געהאַט פֿאַר אים און האָט אים ניט געקענט זאָגן „דו״.

איין מאָל איז דער פֿאָטער אַהיים ניט געקומען אויף שבת (עס האָט זיך געטראָפֿן דאָס ערשטע מאָל, וואָס ר׳ שלמה איז אויף שבת אין דער היים ניט געווען), האָבן די קינדער פֿאַרשטאַנען, אַז דער פֿאָטער איז אַ חתן געוואָרן. איז דאָרט דעם שבת תשעה־באָב געווען, און די גאַנצע שטאָט האָט זיי באַוויינט. דערנאָך, אַז ר׳ שלמה איז אַהיימגעקומען, האָט ער זיי דערציילט, אַז אין קורצן וועט די „מומע״ קומען אין שטוב אַריין, און ער בעט זיי, אַז זיי זאָלן זי גוט באַהאַנדלען, וואָרים זי איז אַן איידעלע טאָכ־טער פֿון אַ גוט הויז און זי וועט זיין אַ געטרייע מוטער, און אַז זי איז ווערט צו פֿאַרנעמען דער מאַמעס אָרט.

און אַ חתונה האָט ר׳ שלמה געהייסן מאַכן דער כּלהס עלטערן אַ ברייטע און אַ רייכע, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ מיידל. „מילא, איך בין אַן אַלמן, — האָט ער געזאָגט, — אָבער די כּלה איז דאָך נאָך אַ בתולה, זי האָט דאָך נאָך איר חתונה ניט געהאַט״. און כאָטש ער האָט פֿון זיין צד קיינעם ניט געבעטן, און די קינדער אין דער היים האָבן ניט געוואוסט, ווען דער פֿאָטער פֿאָרט אויף דער חתונה, דאָך האָט ער זיך געהייסן אָנגרייטן אַן אויסשטייער ביי דער כּלה, ווי פֿאַר אַ בחור אַ חתן. און געלט דערויף האָט ער געגעבן. געלאָזט מאַכן נייע וועש און ניי בעט־געוואַנט, אַז עס זאָל דער נייער כּלה גאָרניט דערמאָנען אַן דער פֿריערדיקער ווייב און עס זאָל איר ניט די שמחה פֿאַרשטערן. „פֿאַר דיר בין איך נאָך אַ בחור״ — האָט ער געזאָגט דער כּלה.

אַ חתונה האָט מען געמאַכט ווי עס פּאַסט פֿאַרן גרעסטן גביר. דאָ איז שוין יאָ מוזיק געווען, און די שענסטע מיידלעך פֿון שטאָט זיינען צו דער כּלה געקומען, און די בחורים צום חתן. ער האָט זיך צווישן די בחורים אַוועקגעזעצט, ווי ער וואָלט ניט געווען קיין אַלמן, נאָר נאָך אַ יונגער בחור. און אַז מען האָט אים אונטער דער חופּה געפֿירט און זיין שיינע שוואַרצע באָרד און זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט, אין דעם שיינעם נייעם

זיידענעם ראָק מיט דעם נייעם שטריימל, און ער האָט געקוקט אויף דער יונגער, שיינער כּלה וואָס שטייט לעבן אים, איז ער טאַקע אַ יונגער בחור געוועזן.

און ווען זיי זיינען אַליין געבליבן און ער איז צו איר נאָענט געוואָרן, האָט אים דאָס מיידל ליב געקראָגן און געבענקט נאָך אים, ווי מען בענקט נאָך דעם ערשטן ליבהאָבער...

קאַפּיטל דרײַ

# הירהור־תשובה

צומאָרגנס אין דער פֿרי, שבת, ווען די זון איז נאָר־וואָס אַרויף אויפֿן הימל און האָט אָנגעהויבן טריקענען דיביימער און די שטיינער פֿונם פֿייכטן טוי, וואָס האָט זיך געלייגט איבער זיי ביי דער נאַכט, האָט ר׳ שלמה אין ברייטן, זיידענעם שלאָף־ראָק, אין קאַפּל אויפֿן קאָפּ, אַרויף און אַראָפּ געדרייט זיך אין דער קליינער אַלייע, וואָס איז אין זיין גערטנדל געווען, און האָט געקלערט וועגן זיין יונג ווייבל און וועגן די קינדער. ר׳ שלמה האָט זיך ווי ווייט מעגלעך געהיט, אַז שבת זאָל אים, חלילה, נישט קומען אויפֿן זינען געדאַנקען וועגן געשעפֿטן און אויך ניט אַזעלכע געדאַנקען, וואָס זאָלן אים טרויעריק מאַכן, — עס איז שבת. צופֿרידן מיט זיך און מיט אַלץ, וואָס אַרום אים, האָט ער גאָט געדאַנקט פֿאַר אַלץ און געהאָפּט אויף דעם רבונו־של־עולם, אַז ער וועט אים, חלילה, נישט ברענגען צו קיין נסיון. אונטערגעזונגען פֿאַר זיך זיין געוווינלעך ניגונדל, די הענט פֿאַרלייגט, האָט ער זיך צוגעקוקט צו די פֿרוכטן, ווי זיי ווערן רייף אויף די ביימער, צו די בלומען, וואָס וואַקסן אונטער זיינע פֿיס און גע־טראַכט זיך: „דעם רבונו־של־עולמס מעשים! מלא כל הארץ כבודו".

דערווייל האָט די דינסט אַרויסגעטראָגן אויף דער וועראַנדע אין גערטנדל טיי, וואָס איז געווען צוגעגרייט שבתדיק, לויט דעם דין. ר׳ שלמה האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער וועראַנדע, וואָס קוקט אין געסל אַרויס. איז אָנגעקומען, ווי דער שטייגער איז, ר׳ כאַצקל, אַ ייד אַ שכן, וואָס איז אַן אַריינגייער ביי ר׳ שלמהן, אַ האַלבער מעקלער, אַ האַלבער סוחר, און האָט שטענדיק געדאַרפֿט ר׳ שלמהס אַ טובה. אַ היימישער איז ער אין שטוב: ר׳ כאַצקל קומט שטענדיק שבת אין דער פֿרי צו ר׳ שלמהן אין גאָרטן אַריין אויף אַ גלעזל טיי און דערציילט אים, וואָס אין שטעטל איז פֿאַר אַ גאַנצער וואָך פֿאָרגעקומען. גלייך ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז עס זאָל אים ווער נישט אויסכאַפּן די נייס, פֿעדערט ער זיך דער ערשטער און פֿאַר־טאָג שוין דרייט ער זיך אין געסל און וואַרט, אַז דער לאָדן פֿון ר׳ שלמהס פֿענצטער זאָל זיך עפֿענען. ווייסט ער, אַז ר׳ שלמה איז שוין אויף, קומט ער אין גערטנדל אַריין „גוט שבת" ביטן אין דאָס גלעזל טיי

טרינקען. ר׳ שלמה ווינקט אים מיט דער האַנט, ער זאָל זיך זעצן, און הייסט דער דינסט, אַז זי זאָל אַ גלאָז טיי דערלאַנגען.

— וואָס הערט מען עפּעס נייס, כאַצקל?

כאַצקל האָט נאָר געוואַרט דערויף, און ר׳ שלמה האָט שוין געזען, אַז יענער האָט עפּעס וויכטיקס מיטצוטיילן, ווייל כאַצקל האָט אומגעדול־דיק דאָס שפּיץ בערדל געצופּט, — די נייס האָט אים געפּיקט.

איצט, ווייל ר׳ שלמה האָט אים געפרעגט, פּרוּווט ער זיך איינהאַלטן. לאַנג זיך איינהאַלטן קאָן ער אָבער נישט, ברעכט ער אויס מיט אימפּעט:

— עס האָט זיך פאַרלאָפן זייער אַ מיאוסע מעשה אין אונדזער שטאָט, ר׳ שלמה: מיר וועלן ווערן צו געלעכטער איבער דער גאַנצער וועלט, אַלע וועלן מיט אונדז צו טאָן האָבן.

ר׳ שלמה ווערט נייגעריק:

— וואָס אַזוינס?

— עס איז נישט שיין צו דערציילן, ר׳ שלמה.

אַנדערע באַלעבאַטים האָבן שוין אָפּגעוואַרט אין געסל, אַז ר׳ שלמה זאָל זיך אויפהייבן, כדי אים אויך צו דערציילן די מעשה. געזען, אַז כאַצקל האָט אויסגעכאַפּט, זיצט שוין ביי אים אין גערטנדל, קומען זיי צו צו דער טיר פון גערטנדל, שטעקן־אַריין די קעפּ צווישן די ביימער און זאָגן אַריין „גוט שבת״.

כאַצקל זעט די באַלעבאַטים, האָט מורא, מען זאָל ביי אים נישט אויס־כאַפּן די נייס, דערציילט ער בסוד:

— ר׳ ליב־בערן, דעם דיין אונדזערן, האָט מען געכאַפּט ביי אַ מיאוסער עבירה.

— וואָס — פרעגט ר׳ שלמה מיט וואונדער.

— נישט שיין צו דערציילן, ר׳ שלמה. די באַלעגאָלע־יונגען, די פישער האָבן אים געכאַפּט. עס קלינגט דאָס גאַנצע שטעטל. אַ מיאוסע מעשה.

דערווייל איז שוין נאָטע באַלעגאָלע דאָ, מיט זיין ברייטן, דיקן קול. בייז דערויף, וואָס כאַצקל האָט אויסגעכאַפּט די נייס, האַלט ער זיך איין מיט אַלע מעגלעכקייטן פאַר ר׳ שלמהן, שטעקט אַריין דעם קאָפּ צווישן די קשאַקעס אין גערטנדל:

— גוט־שבת, ר׳ שלמה — הייבט ער אָן ווי רעדער וואַלטן דורך דעם געסל דורכגעפאָרן, — שוין אוודאי געהערט, כאַצקל איז שוין דאָ.

כאַצקל נעמט זיך איצט דערציילן די מעשה, נאָר נאָטע כאַפּט אים אויס:

— וואָס דערציילט ער דאָ? הערט מיך אויס, ר׳ שלמה. מיר גייען זיך אַזוי נעכטן באָדן, מיט אים, — ווייזט ער אָן אויף אייזיקל פישער־יונג, וועלכער איז אויך געקומען צו לויפן צום גערטנדל צו, ציטערט פאַר ר׳

שלמהן און האָט מורא אַ וואָרט אַרויסצורעדן. — שפּעטלעך איז עס געווען, טאַקע וואָר, אַ שטיק שוין אַריין אין שבת. די ליכטלעך האָבן שוין אין די פֿענצטער געברענט, און אויף דער פּאָליאַנקע צווישן דיביימער איז שוין טונקל געווען. וואָס טאָן, ר׳ שלמה? שפּעט אָנגעקומען פֿון וועג, אין די בגדים פֿון שטאָל פּאַסט דאָך נישט צו גיין אין בית־המדרש אַריין, איז מען געגאַנגען דעם ברוד פֿון לייב אָפּשווענקען. ווי מיר קריכן אַזוי אַרויס פֿון וואַסער, זע איך פֿון דער ווייטנס ווי צווישן די קשאַקעס אויף יענער זייט טייך שלעפּט זיך עפּעס, ווי אַ הונט וואָלט געבלאָנדזשעט. האָב איך גע־מיינט, אַז דאָס זיינען די גנבים פֿון מאַנדריקס זילבערנע לייכטער, וואָס זיי האָבן פֿאַראַכטאָגן שבת אַרויסגעגנבעט, און גראָבן זיי איצט אויס פֿון דר׳ערד. גיב איך אַ מאַך צו אייזיקלען: „ליג זיך אין די גרעזער אַריין״. מיר האָבן זיך אָוועקגעלייגט אין די גרעזער, און דאָ רודערט עס ווידער צווישן די קשאַקעס. מיר זיינען אין דער שטיל פֿאַרקראָכן אָן אַ זייט אויף יענער זייט טייך, — אין דער שטיל אין די קשאַקעס אַריין. נאַכט איז עס שוין געווען, נאַס איז געווען, און דאָ יאָגט מען פֿון די קשאַקעס אַרויס די מיינקע, די שיקסע פֿון דער גאַס. איך גיב אַ קוק, — אוי, ווײַ מיר! ר׳ לייב־בער, דער דיין, אין דער זיידענער קאַפּאָטע, דאָס שטריימל אַראָפּגעפֿאַלן פֿון קאָפּ. „רבי, וואָס טוט איר דאָ?״ — פֿרעג איך. ענטפֿערט ער קיין וואָרט ניט. די פּיאות טרייסלען זיך, אַליין איז ער בלייך. „רבי, אַ־זעלכע מעשׂיות טוט איר?״ — גיב איך אַ געשריי אויס, און ווי איך גיב אים ניט דעם ערשטן פּלאַם אין פּנים אַריין, בריט מיר נאָך די האַנט. „צום רב קומט!״ אַראָפּ דעם גאַרטל, אַ כאַפּ אַרום אים, אַרויף אויפֿן אַקסל, ער, — ווייזט ער אָן אויף אייזיקלען, — האָט זיך געגעבן אַ לאָז נאָך דער שיקסע, די האָר צעפּלאָשעט. נאָס, איך — דעם דיין, ער — די שיקסע, און מיר גיבן זיי ביידע אַ טראָג אין שטאָט אַריין, אַ נעם אַריין צום רב, אַ שטעל אָוועק: „רבי, זיי האָבן מיר געכאַפּט״. געוואָלט נאָך נעכטן אַריינגיין איך דערציילן, איז שוין געווען שפּעט, ניט געוואָלט.

— אַזוי איז עס געווען, ר׳ שלמה, — ברעכט צום סוף אַרויס אייזיקל פֿישער־יונג, וועלכער איז געווען אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט, און שטייט פֿאַר ר׳ שלמהן ווי פֿאַר דעם אָפֿיציר, האַלט די האַנט אונטערן שטערן און שאָקלט צו מיטן קאָפּ.

— גענוג שוין, גענוג שוין, — ענטפֿערט כאַצקל אָפּ פֿאַר ר׳ שלמהן צו די יונגע באַלעבאַטים און ווינקט זיי מיט דער האַנט, אַז זיי זאָלן אָוועקגיין. זיי ווילן אָבער ניט הערן און וואָרטן הינטער די שטאַכעטן פֿון גאָרטן.

ר׳ שלמה איז אַ ביסל בלייך געוואָרן, געבליבן זיצן ביים טיש און געקוקט פֿאַר זיך אָן אַ מחשבה. באַלד האָט זיך דערהערט פֿון די אָפֿענע פֿענצטער, וואָס גייען אין גערטנדל אַרויס, דעם איידעמס קול־תּורה. ער זיצט מיט דעם ייִנגל, מיט חיימלען, אין זאַל און זיי לערנען דעם שיעור פֿאַרן דאַווענען. עס הערט זיך אויך עוזרלס קול. ר׳ שלמה ווערט אַ ביסל פֿאַרשעמט, וואָס ער זיצט דאָ אין גאָרטן און הערט אַזעלכע מעשיות, הייבט ער זיך אויף, זאָגט „אַ גוטן־שבת, ייִדן" און גייט אין שטוב אַריין.

אַרייַנגעקומען אין שטוב אַריין, האָט ער דערזען חנהלען, וועלכע איז שוין אויף געווען, און איר ווייסער געטאָקטער האַלדז מיט דער אַלבאַס־טער־ברוסט, דורכגעוועבט מיט די בלויע פֿעדימלעך פֿון די אָדערן, קוקט אַרויס פֿון בעט. אירע שיינע גרויסע אויגן האַלט זי אָפֿן, און זיי קוקן צו אים ליבלעך און גלעטן מיט זייערע ווייסע בליקן זיינע אויגן, זיין פּנים. זעט זיך אויס, אַז דאָס ווייבל איז געוואָרן צו אים היימישער און צוגעבונ־דענער דורך דער נאַכט, און האָט אים שוין מוחל געווען, וואָס עס איז נעכטן פֿאָרגעקומען. אָבער ר׳ שלמה האָט ניט געקענט צו איר צוגיין נאָך דעם, וואָס ער האָט אין דרויסן געהערט... ער האָט זיך געפֿילט אינעווייניק ריין, בעת ער האָט חנהלען דערזען, און אַ גרויסע אינעווייניקסטע פֿרייד און אַ ריינקייט האָט אים אַרומגענומען, און ער האָט גאָט געדאַנקט דערפֿאַר. ער איז אַריין צו זיך איבערטאָן זיך. געשפּירט אויף זיך די שבתדיקע בגדים, איז ער אַריין אין דעם זאַל, וואו ביי דעם גרויסן, ברייטן אַמפּיר־טיש, מיטן שיינעם גאָלד־געהאָפֿטענעם שבת־טוך באַדעקט, איז געזעסן דער איידים מיטן ייִנגל און האָבן אויפֿן קול געלערנט. דער בחור איז געזעסן אָן אַ זייט און שטיל אונטערגעברומט. ר׳ שלמה האָט זיך אַוועקגעזעצט אויבן־אָן און גענומען דעם חומש מעביר צו זיין די סדרה.

ביים חומש איז ר׳ שלמה ניט געווען אַזוי רואיק ווי יעדן מאָל. די מעשה, וואָס ער האָט היינט געהערט, האָט אים געשטערט און אַרויס־געצויגן פֿון זיין שבתדיקייט. ר׳ לייב־בער איז דער שענסטער יונגערמאַן אין שטאָט. אַן עילוי, געהאַט אַ היתּר־הוראה נאָך בחורווייז. אַן אָרעם־בחור געווען, האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פֿון אַ היגן באַלעבאָס אַ נגיד. דאָס ווייבל איז טאַקע ניט געווען קיין שיינע, בלינד אויף איין אויג, נאָר דער שווער האָט אים צוגעזאָגט קעסט כּל־ימיו. עס האָט זיך באַלד אויסגעלאָזט פֿון שווערס רייכקייט אַ גאָרנישט. דער שווער האָט באַנקראָ־טירט, איז געשטאָרבן פֿאַר עגמת־נפֿש און איבערגעלאָזט נאָך זיך חובות. מען האָט געמאַכט דעם פּאָר אַ שניט־געשעפֿט; דאָס ווייבל איז געשטאַנען אין שניט־קראָם, און ער איז געזעסן יומם־ולילה און האָט געלערנט. באַלד

האָט געקלונגען מיט אים די וועלט. דער רב האָט מורא געהאַט פֿאַר אים, ווייל פֿאַר אַ יום־טוב אָדער פֿאַר אַ זומערדיקן פֿרייטאָג, ווען די קאַטשקעס טרפֿנען זיך, און עס איז דאָ אַ סך שאלות, פֿלעגט מען צו אים קומען מיט די שאלות. פֿאַר אַ צדיק איז ער געווען באַוואוסט. אַ יושב־אוהל, און זיין דאַוונען, זיין לערנען, — האָט מען אים געמאַכט פֿאַר אַ דיין. און זיין נאָמען איז נאָך גרעסער געוואָרן: אַ גרויסער פֿרומער ייד, יעדן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג געפֿאַסט, אין די דריי וואָכן איז ער אין קאַלטן פֿאַליש געזעסן אין די זאָקן און חצות אָפּגעריכט. מען האָט שוין באַלד אָנגעהויבן צו טראָגן צו אים קוויטלעך, און דאָ אַזאַ מעשה, — די האָר שטעלן זיך קאַפּויר! „געראַנגלט זיך מיטן יצר־הרע, געראַנגלט זיך, ביז דער יצר־הרע האָט אים בייגעקומען"...

„ברענג מיט ניט צו קיין נסיון". — האָט ר' שלמה אין האַרצן געבעטן, און ער האָט זיך אָנגעהויבן צו דערמאָנען אָן זיינע נסיונות. צי איז ער אויך ניט אַזוי ווי ר' לייב־בער? נאָר וואָס? קיינער ווייס ניט דערפֿון. אמת, ביי איר, זינט ער איז מיט חנהלען, האָט אים דער יצר־הרע אָפּגעלאָזן, אָבער ביי יענער, ביי נעכטן, אין פֿאַרשיידענע אַכסניות, אויפֿן וועג... און וויפֿיל מאָל עובר געווען אויף לא תחמוד, געקוקט אויף פֿרעמדע ווייבלעך... און מעשיות מיט דינסט־מוידן... אוי, איז ער געלעגן פֿעסט אין יצר־הרעס הענט. אַ רשע, און פֿאַר וואָס קומט אים דאָס איצט צו זיצן אין דעם זיידענעם ראָק ביים חומש, און דער איידים און דער זון לעבן אים, און דרינען טוט זיך זיין ווייבל אָן צום שול־גיין?...

ער האָט געפּרואווט אָוועקיאָגן פֿון זיך די מחשבות, עס איז היינט שבת. און ער האָט זיך אַריינגעלאָזט טיף אין דער סדרה אַריין, אָבער פֿאַרשיידענע בילדער זיינען אים פֿאַר די אויגן שטיין געבליבן ווי לעבעדיקע... גאָט, ווי מיאוס ער איז! אַן אומווערדיקייט און אַ פֿאַראַכטונג צו זיך האָט אים אַרומגענומען. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון טיש און אַרומגעדרייט זיך איבער דער שטוב פֿאַרטראַכט, און אַלע זיינע פֿאַרבאָרגענע מעשים זיינען אים געשטאַנען פֿאַר די אויגן. און דערנאָך, אַז ער איז אַריין אין דער צווייטער שטוב און האָט דערזען ווי חנהלע ביים שפּיגל אין שוואַרצן זיידענעם קלייד טוט אָן די פּערל אויפֿן האַלדז מיט די ווייסע זיידענע שפּיצן, האָט זי אים אויסגעזען ווי אַ פּריצטע, ווי אַ פּרינצעסין, און ער האָט ביי זיך אויסגעזען ווי אַ פֿערדס־יונג, וואָס איז ניט ווערט צו שטיין אין אירע ד' אַמות, און האָט זיך ניט געטרויט צוצוגיין צו איר...

כדי צו פֿאַריאָגן זיינע געדאַנקען איז ר' שלמה היינט פֿריער געגאַנגען אין בית־המדרש אַריין ווי אַן אַנדערש מאָל, און אַוועקגעשטעלט זיך

אויף זיין שטאָט אויבן־אָן אין דער מזרח־וואַנט, לעבן רב. און איידער דער חזן האָט אָנגעהויבן צו דאַווענען, האָט ער אַרויסגענומען דעם חובת־הלבבות, וואָס איז געלעגן אין שטענדער, אַריינגעקוקט אין אים און פֿאַר־טראַכט זיך וועגן זיך, וועגן יצר־הרע, ווי אַ מענטש מוז זיך דערווייטערן פֿון שלעכטס, און די גאַנצע צייט ביים דאַווענען און לייענען האָט ער אין האַרץ נאָר געהאַט איין תּפֿילה: „רבונו־של־עולם, דערווייטער פֿון מיר דעם שטן און ברענג מיך ניט צו קיין נסיון!״

דער בית־המדרש איז דערוויל געוואָרן אָנגעפּראָפּט מיט יידן. שבת־דיק איז געווען; די זון האָט נאָך ליכטיקער געשיינט ווי אָן אַנדערש מאָל, מיט מער גלאַנץ. ענג און וואַרעם איז געווען אין בית־המדרש; פֿון דער ווייבער־שול האָבן אַראָפּגעקוקט די שיינע ווייבער מיט די ברילליאַנטענע שטערן־טיכלעך. דער חזן האָט שיין געדאַוונט, און די ייִנגלעך האָבן זיך די קעלן אויסגעשריען פֿון נאָכזאָגן „אָמן, יהא שמיה רבא״. מען האָט פֿאַרקויפֿט דאָס לייענען: יידן האָבן געקראָגן אַ גרויס חשק צו עליות, און מען האָט זיך געיאָגט נאָך די עליות אין די רענדלעך אַריין, איינער דעם אַנדערן אויסגעדונגען, ווי עס וואָלט געגאַנגען אַ גרויס געשעפֿט מאַכן. צוויי שניידער־געזעלן, וואָס האָבן זיך געקויפֿט הוצאה, זיינען אַרויף אין די טליתים צום אָרון. דער גאַנצער בית־המדרש האָט זיי נאָכגעקוקט, — צו וואָס שניידער־געזעלן דערגייען שוין היינטיקע יאָרן, קויפֿן זיך פּתיחה! און די באַקן זיינען רויט געווען ווי פֿייער. דער חזן האָט גענומען פֿון זייערע הענט די ספֿר־תּורה און באַוויזן זי די יידן. יידן האָבן זיך געפּרייט מיט דער ספֿר־תּורה. אין דעם שבתדיקן מענטעלע איז עס געגאַנגען אָנגעטאָן. מיט דער זילבערנער קרוין אויף די עץ־החיימלעך, וואָס ר׳ שלמה האָט צו זיין טאָכטערס חתונה געשענקט. יעדערער האָט די ספֿר־תּורה געקושט און מען האָט זי אויפֿן בעלעמער אַרויפֿגעטראָגן, און דער חזן האָט אָנ־געהויבן צו עליות רופֿן. עס זיינען געגאַנגען באַלעבאַטים, גבאים, — די קאַרפּן־קעפּ פֿון שטאָט. דער בעל־קורא, דער מלאָווער בחור, וואָס איז אַ גרויסער בעל־דקדוק, האָט שוין געלייענט און געשטעלט דעם טראָפּ אויף יעדן וואָרט. יידן האָבן אין די חומשים אַריינגעקוקט און הנאה געהאַט פֿון זיין טראָפּ שטעלן.

און ווי דער עולם איז אַזוי פֿאַרטאָן, ווי אַזוי מען זאָל זיך באַגיין מיטן פֿיינט, ווען מען וועט אַ שטאָט איינגעמען, ווי מען זאָל די ביימער ניט אויסהאַקן פֿון דער איינגענומענער שטאָט, ווערט אַ גרויס גערודער אין בית־המדרש. יידן שרייען: „אַרויס, אַרויס!״ און צווישן עולם רייסט זיך אַריין אַ בלאַסער, צעבלוטיקטער יונגערמאַן. די אַטלעסענע קאַפּאָטע אָפּ־געריסן אויף אים, די האָר פֿון באָרד און די פּאות אויסגעריסן, דאָס

האַרץ קוקט אַרויס פֿון דער צעריסענער העמד, דאָס פּנים צעבלוטיקט, צעקרעלט, אַ שטריק אַרומגעוויקלט ·אַרום די לענדן, — האָט ער זיך אַריינגעריסן מיט זיינע דאַרע צעקאַליעטשעטע נאַקעטע הענט צווישן עולם. אַרויף אויפֿן בעלעמער און געגעבן אַ קלאַפּ אין טיש און געשריען: „יידן, איך בין אַ חוטא! איך האָב זיך אַזוי לאַנג געלאָזט אָנרעדן פֿון יצר־הרע, ביז איך בין פֿאַרפֿירט געוואָרן פֿון אים! יידן, די גאַנצע תּוכחה פֿון דער תּורה זאָל קומען אויף מיין קאָפּ! יידן, שלאָגט מיך!" — און דער חוטא האָט זיך געגעבן אַ וואָרף אויף דער ערד פֿאַר דער תּורה.

עס איז געוואָרן אַ גערודער, באַלעבאַטים האָבן געשריען: „וואַרפֿט אים אַרויס, וואַרפֿט אים אַרויס!" באַלד האָבן אַ פּאָר באַלעגאַלעס אים אויפֿ־געהויבן פֿון דער ערד און אַרויסגעטראָגן אין פּאַליש אַריין.

דער עולם האָט זיך באַלד באַרואיקט. אין בית־המדרש האָט זיך ווייטער געפֿירט די תּפֿילה פֿאַר גאָט. דער בעל־קורא האָט געענדיקט לייענען, דער חזן האָט זיך גענומען צום מוסף, נאָר עפּעס איז שוין דאָס דאַוונען געווען צעשטערט. אַלע האָבן געקלערט וועגן דער מעשה, — און פֿון פּאַליש, וואו דער חוטא ליגט, דרינגט אַריין יעדן מאָל אַ רעש און אַ גערודער.

ר' שלמה איז איצט געשטאַנען ביים שטענדער, פֿאַרשטעלט דעם פּנים מיטן טלית, און האָט געקלערט וועגן זיך, אַז אייגנטלעך האָט ער אויך געדאַרפֿט אַרויפֿגיין ווי דער ייד אויפֿן בעלעמער און פֿאַר אַלעמען דער־ציילן זיינע חטאים און זיך אַוועקלייגן אויף דר'ערד, אַז מען זאָל אים שלאָגן. נאָר דאָס בילד ווי ער שטייט אויפֿן בעלעמער און איז זיך מתוודה האָט ער זיך ניט געקענט פֿאַרשטעלן. און נאָך דעם ווי ער האָט געזען דעם דיין מיט די צעריסענע בגדים אויפֿן בעלעמער, איז ער פֿיל רואיקער געוואָרן, און ער האָט זיך געזאָגט: „אַזוי זיינען מיר, מענטשן. דער מענטש איז זינדיק, אַלע זיינען מיר זינדיק, און אַ גאָט איז דאָ, אַז ער זאָל מוחל זיין אונדזערע זינד. און גאָט איז מוחל! וואָרים ווי וואָלט דען דער מענטש געקענט לעבן, אַז גאָט וואָלט ניט געווען קיין אל רחום וחנון? וואָרים מיט יעדן טריט אונדזערן טוען מיר אַ פֿעלער, צי מיט דער מחשבה אָדער במעשה".

דער בטחון אין גאָט האָט אים באַלד אין גאַנצן באַרואיקט, און ער האָט צוריק געפֿונען זיין גאַנצקייט און צופֿרידנקייט מיט זיך און אין האַרצן אַפֿילו פֿאַראַכט דעם דיין, וואָס ער האָט זיך אַזוי מבזה געמאַכט. „האָסט געזינדיקט, בעט צו גאָט, — האָט ער געזאָגט אין האַרצן — וואָס מאַכסטו פֿול אַ וועלט?"

אַז ר׳ שלמה איז אַרויס פֿון בית־המדרש, האָט ער דערזען דעם דיין ליגנדיק ביי דער טיר פֿון בית־המדרש, אַ בלייכן, מיט אַן אויפֿגעריסן העמד, און יעדערער וואָס איז דורכגעגאַנגען, האָט אים געגעבן אַ שטורך, אַ שפּיי, און די מערסטע, וואָס האָבן אים געשלאָגן, זיינען געווען באַלע־גאָלעס מיט קצבים־יונגען. עס זיינען געשטאַנען לעבן אים נאָטע באַלעגאָלע מיט אייזיקל פֿישער־יונג און האָבן דערציילט בקול־רם, ווי אַזוי זיי האָבן אים נעכטן געפּאַקט און אים געשלאָגן מיט די זעלבערישע פּאַסיקעס, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין דער האַנט.

אַז ר׳ שלמה האָט דערזען ווי זיי שלאָגן דעם יידן, האָט ער געגעבן אַ געשריי אויף זיי:

— וואָס שלאָגט איר אים? וואָס איז די מעשה? איר זייט בעסער? איר זייט די צדיקים?

די יונגען האָבן זיך פֿאַרשעמט פֿאַר ר׳ שלמהס ווערטער, צוריק אַנגעטאָן די פּאַסיקעס אויף די הויזן און זיך אָפּגעטראָגן.

— אַהיים גיי, דו שוטה! — האָט ר׳ שלמה געגעבן אַ געשריי אויפֿן דיין, וואָס איז געלעגן, אַ פֿאַרחלשטער, אויף דר׳ערד. — האָסט געזינדיקט, בעט צו גאָט, זאָל ער דיר מוחל זיין. ווי ער מאַכט פֿול מיט זיך אַ וועלט!

דער דיין האָט זיך פֿון דער ערד אויפֿגעהויבן.

— פֿירט אים אַהיים, לייזער, בעריל, — האָט ר׳ שלמה אַ געשריי געגעבן אויף זיינע צוויי פֿערד־יונגען, וואָס האָבן מיטן באַלעבאָס גע־דאַוונט אין בית־המדרש, — און זעט, אַז מען זאָל אים אויפֿן וועג קיין שלעכטס ניט טאָן, און זאָגט זיין ווייב, אַז זי זאָל אים ניט אַרויסלאָזן. געהערט?

— געהערט, באַלעבאָס!

די צוויי יונגען, ווי צוויי דעמבעס, האָבן דעם דיין אונטער די אָרעמס גענומען און אים איבערן שטעטל אַהיים געפֿירט, און אַז אַ יונג האָט גע־וואָלט צוגיין צו אים און אים „דערלאַנגען" האָבן זיי געשריען: „לאָז־אָפּ, לאָז־אָפּ! ר׳ שלמה האָט ניט געהייסן".

און דאָס איז געווען גענוג, אַז דער ייד זאָל בשלום אַהיים קומען.

ר׳ שלמה איז דערווייל אַהיים געגאַנגען פֿון בית־המדרש מיט די זייניקע. דאָס האַרץ איז אים רואיקער געוואָרן, און ער האָט צוריק גע־פֿונען זיין שבתדיקייט. אַנגעטראָפֿן האָט ער אויפֿן וועג דעם שוחטס זון, וואָס איז געווען אַ גרויסער חסיד, און איז געגאַנגען מיט אים אין איינעם. דער שוחט האָט געקרעכצט און געזאָגט צו ר׳ שלמהן:

— דאָס איז דערפֿאַר, ר׳ שלמה, וואָס אַ מענטש פֿאַרלאָזט זיך אויף זיין אייגענעם כּוח. טאַקע, ער איז געווען אַ שטאַרקער ייד, נאָר וואָס

שטאַרקער דער ייד איז, אַלץ שטאַרקער איז זיין יצר־הרע, און פֿאַרלאָזן זיך אויף זיך טאָר מען ניט. געראַנגלט זיך מיטן יצר־הרע, געראַנגלט זיך, ביז ער איז אים בייגעקומען.

— אָבער ווי אַזוי איז ער געקומען דערצו? ווי האָט דער ייד ניט מורא געהאַט?

— מיינט איר, אַז דאָס איז געווען פֿון היינט? ווער ווייסט, וויפֿיל מחשבות זרות עס זיינען פֿריער געווען? ביים לערנען, ביים דאַווענען, און דאָס גאַנצע לערנען און דאַווענען איז געוואָרן צו נישט פֿאַרן שטן, רחמנא־לצלן.

— נו, עס איז שבת, ר׳ מרדכי, — זאָגט ר׳ שלמה, — און מצער זיין זיך טאָר מען ניט. און טוט אַ ייד אַן עבירה, איז ער נאָך ניט פֿאַרפֿאַלן, — טרייסט דערוויַל ר׳ שלמה זיך אַליין. — אויך איז דאָ תשובה. ווי זאָגן די חכמים: „במקום שבעלי־תשובה עומדים״... אַ ביסל לערנען קען איך נאָך און דער גאָסטינינער רבי האָט מיר אַ מאָל געזאָגט, אַז אַ ייד אַן אַן עבירה איז גאָר נישטאָ. אַ ייד מוז האָבן עפּעס אויף זיין נשמה, כּדי ער זאָל קאָנען זיין אַן אמתער ייד, מיט אַ צעבראָכן האַרץ. וואָרים אַזוי ווי אַ בוים, וואָס קאָן אַנדערש ניט וואַקסן, סיידן ער שטייט אויף דער לופֿט, און רעגן און האָגל פֿאַלן אויף אים און דער ווינט יאָגט איבער אים, און דאָס זאַמד און מיסט קלייבט זיך אַרום זיין שאָלעכץ, אַזוי מוז אַ ייד זיין. אַ ייד אַ צדיק, וואָס האָט גאָרנישט אויף זיין נשמה, קאָן זייער לייכט קומען צו גאווה, ווערן שטאָלץ און אַלץ מבטל זיין. איך קען אַזעלכע יידן, ר׳ מרדכי. אָבער אַ ייד מיט אַן עבירה אויף זיין נשמה האָט שטענדיק אַ צעבראָכן האַרץ. איך זאָג אייך, אַז פֿון דעם דיין קאָן נאָך ווערן אַ גרויסער צדיק. אַ ייד דאַרף אַלץ פֿילן אויף זיך: אי רעגן, אי ווינט, ווי דער בוים אויף דער גאַס. אַ גרויסער צדיק און אַ גרויסער ייד, איז דער גאָסטינינער רבי. אַ, זאָגט ער גוט: „אַ ייד דאַרף זיין ווי דער בוים, אַלץ דאַרף ער האָבן אויף זיין נשמה: אי דעם טעם פֿון דער עבירה, אי דעם טעם פֿון דער מצווה״. יאָ, ר׳ מרדכי, מיר אַלע זיינען ניט ריין פֿון זינד, אַלע האָבן מיר עפּעס אויף דער נשמה, אַ גוטן שבת, ר׳ מרדכי, אַ גוטן שבת!

אַז ר׳ שלמה איז אַריינגעקומען צו זיך אין שטוב אַריין, איז צוריקגעקומען אויף אים דער עונג פֿון שבת. געטרייסט האָט ער זיך מיט די ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט ר׳ מרדכין, און דאָס זיינען געווען די ווערטער פֿון דעם גאָסטינינער רבי, וואָס ער האָט אים געזאָגט, ווען ר׳ שלמה האָט זיך אַ מאָל געקלאָגט פֿאַר אים דערויף, וואָס דער יצר־הרע לאָזט אים ניט צורו... ער האָט זיך דערמאָנט אַן דעם רבינס ווערטער

און האָט צוריקגעקראָגן זיין פֿריילעכקייט און פֿעסטקייט. אַז דאָס ווייבל איז פֿון שול אַהיים געקומען און דער זיבעטער חן האָט גערוט אויף איר, האָט ער זיך שוין ניט געפֿילט, ווי פֿריער, אומווערדיק. ער איז צוגעגאַנגען צו איר, אָנגענומען זי ביי דער האַנט און געזאָגט אין דער שטיל: „גוט־שבת, חנהלע, געזונט זאָלסטו מיר לעבן", און זי האָט אים אויך גע־ענטפֿערט אין דער שטיל: „גוט יאָר, שלמה, מיר זאָלן נחת דערלעבן אין איינעם". דאָס זיינען געווען די געטרייע ווערטער, וואָס זיי האָבן גערעדט צווישן זיך אין דער שטיל. און ברייט האָט זיך ר׳ שלמה אַוועקגעזעצט ביים טיש. געדעקט איז שוין געווען דער טיש אין דער גרויסער שטוב, פֿאַר זיי און פֿאַר די אורחים אין איינעם. חנהלע האָט געוואָלט געפֿעלן ווערן דעם מאַן, האָט זי די אורחים אַוועקגעזעצט אין מיטן טיש און אויך פֿאַר זיי געדעקט מיט זילבערנע לעפֿל און מעסער. דער שבת איז געווען ביי ר׳ שלמהן אַ ברייטער און אַ פֿעטער; נישט אומזיסט האָבן די אורחים אָנגע־לייגט וועג, אַבי נאָר אָנצוציען אויף שבת אין שטעטל אַריין. דער טעם פֿון ר׳ שלמהס קוגל איז זיי דערנאָך געלעגן אַ גאַנצע וואָך אין מויל. חנהלע האָט אויך געוואָלט ווייזן ר׳ שלמהן, אַז זי קאָן פֿירן אַ ווירטשאַפֿט נישט ערגער ווי דאָס פֿריערדיקע ווייב. און פֿון אַ רייך הויז איז זי אַרויסגע־קומען. און איידעלע מאכלים האָט מען געגעסן ביי זיי, — האָט זי זיך דער־מאָנט אַלץ נאָר דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, וואָס איר מוטער האָט געמאַכט אויף יום־טוב, און האָט דאָס איצט אָנגעגרייט אויף שבת.

ר׳ שלמה האָט ליב געהאַט גוט און פֿיל צו עסן. מען האָט צוערשט דערלאַנגט די גרויסע קאַרפּן־קעפּ אויפֿן טיש; די ברייטע שטיקער פֿיש מיט דער געגליווועטער פֿיש־יויך, דעם גוטן טרונק בראָנפֿן נאָך דער פֿיש און דאָס ביסל גוטע לעבערלעך, דורכגעהאַקט מיט ציבעלעס, מיט גריוון און דורכגעמישט מיט געגנדזן־שמאַלץ און מיט פֿעפֿער באַשאָטן, אַז עס שמעקט פֿון דער ווייטנס. נאָך די ציבעלעס מאַכט מען אַ הפֿסקה. געשיקט נאָכן טשאָלנט, גרייט מען דערווייל די שיינע זמירות. די אורחים זיינען שוין אַ ביסל פֿריילעך פֿון שטאַרקן טרונק בראָנפֿן. ר׳ שלמה מאַכט מיט זיי אַ שמועס וועגן די ווייטע מקומות, פֿון וואַנען זיי קומען. און אַ ייד דערציילט אַ מעשה פֿון אַ למד־וואָו־ניק, וואָס האָט זיך געלאָזט נע־ונד זיין. ער אַליין האָט אים געקענט. ער האָט זיך געטראָפֿן מיט אים אויפֿן וועג, און זיי זיינען געגאַנגען איבער וועלדער אַליין. נאָר יעדן מאָל פֿאַרשטעלט ער זיך און מען קען אים נישט דערקענען. קוקט חיימל, דאָס יינגל מיט גלאַנצנדיקע אויגן, אויף די אורחים, אפֿשר זיצט דער למד־וואָווניק צווישן זיי, און אפֿשר געפֿינט זיך גאָר אליהו־הנביא צווישן זיי. צי וויניק מעשיות האָט ער זיך דען אָנגעלייענט, ווי אליו־הנביא גייט אַרום איבער די יידישע מערק

און יידישע שטעטלעך, כּדי יידן צו העלפֿן? און ער האָט גרויס דרך־ארץ פֿאַרן טאַטן, וואָס דער טאַטע נעמט אַזוי פֿיל אורחים אַהיים, און ער מאַכט ביי זיך אָפּ, אַז ווען ער וועט גרויס ווערן און אַ הויז פֿירן, וועט ער איבער־נעמען דעם טאַטנס מידה און אויך אורחים מכבד זיין. מען דערלאַנגט אויפֿן טיש דעם פֿעטן קוגל, דאָס שמאַלץ טריפֿט פֿון די מאכלים, פֿון דעם מע־געלע און די טשאָלנט־קאַרטאָפֿל, און דאָס געבראָטענע גענדזנס מיט דער שוואַרצער קאַשע, און ווייַן טרינקט מען צו דערצו. פֿאַר יעדן באַזונדער שטייט אַ בעכער צוגעגרייט. און פֿון דעם גוטן אונגאַרישן וויין, „טאָקייער", איז דער טאַטע נאָך מכבד צום בענטשן. מיט בענטשן איז ער היינט מכבד דעם עלטסטן פֿון די אורחים. און נאָך דעם פֿעטן עסן פֿילט מען דאָך עפּעס אַ מידקייט, גלוסט זיך אַ גלעזל לעמאָנאַד מיט דעם פֿיינעם ביסל שלאָף. אין אַ האַלבער שעה אַרום ליגט שוין ר' שלמה אונטער דער ווייסער דעק, די שוואַרצע, לאַנגע באָרד איז צעשפּרייט איבער דעם ווייסן ליילעך און דאָס ווייבל, נאָך אין דעם שוואַרצן, זיידענעם קאָפּטאָנדל, אין די פּערל מיט די בריליאַנטענע אוירינגלעך, זיצט אויפֿן ראַנד פֿון בעט, קוקט אים מיט ליבע אין די מידע אויגן אַריין, וואָס שליסן זיך צום שלאָף, און שפּילט זיך לייכט מיט אירע דינע פֿינגערלעך מיט די האָר פֿון זיין באָרד. אַ מלכות־דיקער שמייכל שוועבט איבער ר' שלמהס געזיכט. און אַזוי גייט ער אַריבער מיט דעם שמייכל אויף די ליפּן, פֿון דער וואָר אין חלום אַריין...

אין אַ צוויי שעה אַרום וואַרטן שוין די מלמדים. זיי זיינען געקומען צו ר' שלמהן פֿאַרהערן די קינדער. ר' שלמה שטייט אויף פֿון שלאָף אַן אויסגערוטער, אַ צופֿרידענער, די קאַנטן פֿון די פּיאות און באָרד זיינען נאַס, זיצט ער אין דעם גרויסן פֿאָטער־שטול פֿאַר דעם גרויסן חומש און פֿאַרהערט די קינדער. ביים טיש אַרום זיצט דער איידים מיט דעם יינגל און דעם עלטסטן זון, און לערנט הויך דעם שיעור. די זון שיינט ברייט אַריין דורך די גרויסע, אָפֿענע פֿענצטער. אין געסל איז שבתדיק. שוין אויפֿגעשטאַנען די באַלעגאָלעס פֿון שלאָף, און זיי זיצן פֿאַר די טירן פֿון זייערע הייזלעך: די מיידלעך פֿון שטאָט, אין שבתדיקע קליידער, לאָזן זיך שוין אין געסל צום שפּאַציר, אַ יידענע אין אַ טערקישן טוך גייט זיך בנעי־מותדיק „גוט־שבת" ביטן, און אַלע הערן פֿון ר' שלמהס פֿענצטער דאָס קול־התורה, ווי עס רייסט זיך אַרויס אין געסל אַריין, און ווינטשן זיך אין האַרצן, אַז זייערע קינדער זאָלן דערלעבן צו אַזאַ גדולה, ווי ר' שלמה.

באַלד קומען די ערשטע שבת־געסט: די מומע גיטעלע מיט דעם פֿעטער לייזער. זיי זיינען פֿון דער יונגער ווייבלס משפּחה, וואָס וואוינען אין שטאָט, פֿון די פֿיינע לייט ביז גאָר, רייכע לייט, זיי האָבן געשענקט אין שול אַריין דעם „מזרח". דער פֿעטער מיט דעם געפּרעסטן קראַגנדל

„שפּריכט דויטש״. עס קומט אַרויף דער שותף, ר׳ אשר מיט זיין ווייב, אויך פון די שיינע יידן, רעדט ווייניק, הערט אַ סך. און עס ווייזן זיך באַלד די שבתדיקע טיכער, געבראַכט פון די לייפּציגער מערק, מיט די קאַלישער פיין־געשטיקטע שפּיצן, מיט די אַלטע יידישע, גאָלדענע אוירינגלעך, מיט די ברייטע בראָשן, די לאַנגע, גאָלדענע קייטן. יידישע אויגן און יידישע פּנימער. עס ווייזן זיך די ברייטע יידן מיט די גלאַנצעדיק־אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, געפּרעסטע קראַגנס און שוואַרצע בערד. די ווייבער באַזונדער, די מאַנספּערשוינען באַזונדער. און באַלד באַווייזט זיך אויפן טיש דאָס גוטע גלעזל טאָקייער וויין מיט די ערשטע פּרוכט „אויף אַ ברכה״, ווייפּערלעך און רויטע פּאַזשעמקעס מיט צוקער. די שטיבער ווערן פול מיט קינדער. אַלע יידן האָבן אַ משפּחה: די ווייבער רעדן צווישן זיך אין דער שטיל, דערציילן עפּעס פון פאַמיליע־זאַכן, און די מענער רעדן פון שטאָטישע ענינים. און דער שבת ליגט איבער דער גאַנצער שטוב אויסגעגאָסן.

עס איז שוין געוואָרן פאַרנאַכט. שטיל, מיט צער שטאַרבט־אָפּ אין יידישע שטעט דער שבת. די זון ברענט רויט אין עק הימל, דער גיהנום— אונטערגעהייצט, און מען טרייבט שוין די זינדיקע נשמות אין פייער אַריין... אין די שטיבער טונקלט זיך: די יידן אין די גאַסן גייען שפּאַצירן און דער „גאָט פון אברהם״ לייגט זיך אין אַ לייכטן, פאַרטרויערטן נעפּל איבער דער גאַס. עס איז דער שטילער צער פון חורבן בית־המקדש, וואָס רוט צו שלש סעודות איבער די יידישע שטעטלעך. חנהלע שטייט ביים פענצטער, קוקט אין טונקעלן געסל אַריין און קלערט וועגן דעם ניי־געבוירענעם, וואָס שטייט איר פאָר... זי וועט אַ מוטער זיין. און דער רבונו־של־עולם זאָל איר העלפן, אַז זי זאָל נישט פאַרשעמט ווערן...
אין שטוב איז טונקל, קיינער איז נישטאָ. דער אידידים איז אַרונטערגע־גאַנגען צום רב צו שלש־סעודות און האָט מיטגענומען חיימלען. די קינדער קומען אַריין; און אין האַרצן בעט זי: „רבונו־של־עולם, גיב מיר חן אין מיין מאַנס אויגן און אין די קינדערס אויגן, אַז זיי זאָלן מיך ליב האָבן, אַז איך זאָל זיי קענען אַ געטרייע מוטער זיין. און בזכות דעם, וואָס איך וועל זיין אַ מוטער צו די יתומים, זאָלסטו מיך מזכה זיין צו דערלעבן, אַז איך זאָל ווערן אַ מוטער צו מיינע אייגענע קינדער״... ר׳ שלמה קומט אַריין פון מע־ריב. „חנהלע וואו ביסטו?״ — „שוין פון מעריב?״ און „גאָט פון אברהם״ זאָגט זי אין דער טונקלקייט. עס ווייזט זיך דאָס ערשטע ליכט און ר׳ שלמה מאַכט הבדלה.

נאָך הבדלה לאָזט ר׳ שלמה אַריינרופן צו זיך דעם מעקלער כאַצקל, וואָס וואוינט מיט אים אין שכנות, און זאָגט צו אים: „כאַצקל, גיי ברענג מיר לייב־בער, דעם דייך״.

— דעם חוטא דאָ, דעם עוכר־ישראל? — שרייט אויס כּאַצקל מיט וואונדער.

— טו ווי איך הייס דיר. איך בעט דיך, און זאָג קיינעם נישט דער־פון קיין וואָרט. איך בעט פון דיר אַ טובה.

כּאַצקל טענהט נישט קיין סך. נאָכט איז עס, שעמט ער זיך נישט צו גיין מיט דעם דיין איבער דער גאַס. אַריינגעקומען צו ר׳ שלמהן, דער דיין שטייט ביי דער טיר, מיט דעם צעבלוטיקטן פּנים און אָפּגעריסענעם ראָק נאָך. ר׳ שלמה רופט אים אין אַ באַזונדער חדר אַריין.

— הער מיך אויס — זאָגט ר׳ שלמה צום חוטא — אַז אַ מענטש זינ־דיקט, איז/ער נאָך נישט פאַרפאַלן, איז דאָ אַ תשובה. איך ווייס, אַז איר וועט טאָן תשובה־גמורה. אַ מענטש לאָזט זיך איינרעדן פון יצר־הרע, מיר אַלע זיינען נישט בעסער, אַלע זיינען מיר נאָר מענטשן. פאַרפאַלן, עס איז געשען. בעט גאָט, אַז ער זאָל אייך מוחל זיין. וואַשט אייך אָפּ און הערט אויף די נאַרישקייטן, זיך וואַרפן פאַרן בית־המדרש. גאָט קוקט אין האַרץ אַריין. די שטאָט וועט אייך איצט רודפן, ביי אייך אַוועקנעמען די פּרנסה, — וועט איר וואוינען ביי מיר אין הויז, איר וועט לערנען מיט מיין יינגל. איך וועל אייך אָפּגעבן אַ דירה און וועל אייך צאָלן זעקס רובל אַ וואָך. זייט איר צופרידן?

דער ייד האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר אַ גרויסער שטראָם טרערן האָט אַרויסגעגאָסן פון זיינע אויגן.

ר׳ שלמה האָט אַריינגערופן דעם דיינס ווייב, וואָס איז מיטגעקומען מיט דעם מאַן. די יידענע איז געווען נאָך מער געבראָכן פאַר חרפּה ווי דער מאַן. באַהאַלטן דאָס פּנים אין טוך, האָט זי אַרויסגעוויינט: „זעט, ר׳ שלמה, ווי דער רבונו־של־עולם האָט מיך געשטראָפט, וואָס דער רבונו־של־עולם האָט געמאַכט פון מיר. וואָס וועט איצט פון מיינע קינדער ווערן?"

— הערט אויף צו וויינען און זעט, אַז ער זאָל נישט מער אין גאַס לויפן. אָט האָט איר אַ צען־רובלדיקן און נעמט דאָס באַלעבאַטישקייט און ציט אייך אַריבער צו מיר אין הויז אַריין. כּאַצקל וועט אייך אָנווייזן אַ שטוב אויבן, ביים שולעכל. איך וועל אים צאָלן זעקס רובל אַ וואָך, ער וועט לערנען מיט מיינע קינדער, און זאָל ווערן אַ סוף.

קאַפּיטל פּיר

# דער יאָרמאַרק

ר׳ שלמה איז זונטיק נישט אַוועקגעפֿאָרן אין וועג אַריין. נאָטע איז נישט פֿאַרפֿאָרן מיט די צוויי בולאַנעס פֿאַר דער טיר, און ר׳ שלמה איז געבליבן אין דער היים צום גרויסן יאַר־יריד, וואָס וועט זיך אָנהייבן מאָנ־טיק און זיך אַוועקציען גאַנצע אַכט טעג. עס איז דער יאַר־מאַרק אין שטעטל, וואָס ציט צו די אַרומיקע סוחרים פֿון דער גאַנצער געגנט.

עס איז נאָך דעם שניט, שוין האָבן די גויים זייער ביסל תּבֿואה אין די שפּייכלער אַריינגעבראַכט און קומען זיך איצט צוזאַמען צו פֿאַרקויפֿן די תּבֿואות; ווער עס קויפֿט דערפֿאַר אַ קו, ווער אַ חזיר אויף אויסצופּאַשען איבערן ווינטער און אויפֿן פֿרילינג צו פֿאַרקויפֿן, וועלכער פּויער ברענגט זיין איגן פֿערדל צו פֿאַרקויפֿן, וואָס ער דאַרף עס נישט מער נאָכן שניט, און וויל דאָס אויף דעם גוטן פּעלץ אויסבייטן. ס׳קומען דאָ אָנצופֿאָרן די פֿערד־סוחרים פֿון די מקומות אַרום, וואָס קויפֿן אויף די פֿערד פֿאַר דעם דייטש. די פּעלצן־סוחרים האָבן שוין אָפּגעדונגען די שטעלן אין די גאַסן מיט וואָכן צוריק, און פֿון פֿרי־מאָרגנס אָן הערט זיך כּסדר דאָס רעדער־קלאַפּן איבער דעם ברוק פֿון שטעטל. דאָס קומען אָן צו פֿאָרן די סוחרים פֿון די נאָענטע שטעטלעך אַרום. אויפֿגעפּאַקט אויף די גרויסע פֿורן די קאַסטנס סחורה מיט די שטעקנס און דרענגער, די שטעל אויפֿצושטעלן, קומען צופֿאָרן אין שטעטל אַריין טאַנדייט־שניידער, טאַנדייט־שוסטער, היטל־מאַכער, פּעלצן־פּליקער מיט זייער סחורה, וואָס זיי האָבן פֿאַרן גאַנצן זומער פֿאַר דעם יריד אָנגעאַרבעט. מען לויפֿט פֿלינק אַ שטעל צו פֿאַר־כאַפּן און מען שטעלט אויף אַ קראַם. די שטאָטישע האָבן שוין פֿאַר־כאַפּט די בעסטע קראָמען אין מיטן מאַרק און האָבן די פֿרעמדע אַרויס־געשטופּט צום פֿערד־מאַרק, צום חזיר־מאַרק, און נישט איין געשלעג איז שוין דורך דעם היינטיקן טאָג אַרויסגעקומען, און נישט איינמאָל איז מען געקומען צולויפֿן צו ר׳ שלמהן זיך קלאָגן אויף די פֿרעמדע, וואָס פֿאַרכאַפּן די שטעלן, און אַרויסגעשיקט האָט מען אַ פּאָר באַלעבאַטים, איינצוטיילן די שטעלן לויט חזקה.

בײַ ר׳ שלמהן אין שטוב איז הײַנט גאָר אַ מחיה. עס זײַנען זיך צוזאַמענגעפֿאָרן ר׳ שלמהס צװײ מחותּנים. אײנער אַן אָרעמער און אײנער אַ רײַכער. דעם אײדעמס פֿאָטער, אַן אָרעמער ייִד פֿון גאָסטינין, װעלכער באָרגט נאָך הײַנט פֿון מחותּן אַ הונדערטער, און דער צװײטער — ר׳ יואל ברכהן, דער גרױסער שעפּסן־סוחר פֿון פּלאָצק, עוזרלס, דעם עלטסטן זונס מחותּן. געבראַכט האָט ער אױפֿן מאַרק יונגע אָקסן צו פֿאַרקױפֿן פֿאַר די שררות אויף פּאַשע: בשותּפֿות זײַנען די אָקסן מיט ר׳ שלמהן געקױפֿט. און אַזױ סוחרים, שותּפֿים פֿון אַנדערע געשעפֿטן זײַנען געקומען, און גלאַט אַ ייִד אַ מעקלער איז געקומען אױפֿן יאַר־מאַרק, — און די ערשטע זאַך גײט מען אַרײַן צו ר׳ שלמהן. דאָרט װעט זיך שױן מאַכן אַ רובל צו פֿאַרדינען. שטײט מען אַלע בײַ ר׳ שלמהן אין שטוב, און די מײדן קאָכן דעם רױטן בוריקעס־באָרשטש פֿון פֿרימאָרגנס אָן. די שטוב איז פֿול מיט רעגן־מאַנטלען, און ייִדן פֿון דער גאַנצער װעלט זײַנען דאָ און האַנדלען. גרײט מען זיך דאָ צום גרױסן מיטאָג, װאָס מען מאַכט פֿאַר די צװײ מחותּנים. די יונגע חנהלע װיל װײַזן, אַז זי איז אַ באַלעבאָסטע, איז זי פֿאַרטאָן פֿון פֿרימאָרגנס אָן מיט די געסט און מיט די אָרעמעלײַט, װאָס קומען אַרײַן צו ר׳ שלמהן באָרגן אַ גמילות־חסד אַ פּאָר רובל אױפֿן יאַר־מאַרק.

דאָס גאַנצע שטעטל קוקט אױס אױף דעם יאַר־מאַרק, װאָס גיט ייִדן אַ האַלבע פּרנסה. איז בײַ ר׳ שלמהן געװען אַ מנהג — אַלע ערב יאַר־מאַרק אױסצובײַטן אַ הונדערטער אױף קלײנגעלט און עס אױסבאָרגן אָרעמעלײַט אױפֿן יאַר־מאַרק. פֿאַר צײַטן האָט מען גענומען אױף די גמילות חסדים פֿון די אָרעמע־לײַט משכּנות: אַ זײגערל, אַ פֿינגערל, אַ זילבערן לײַכטערל, װאָס אַ העלפֿט דערפֿון איז פֿאַרפֿאַלן געװאָרן און אַ העלפֿט האָט מען צוריק אָרױסגעגעבן אױף די ימים־טובים נאָר זינט עס האָט זיך געטראָפֿן דאָס אומגליק מיט נעכען, האָט ר׳ שלמה שױן נישט געװאָלט בײַ דער נײַער װײַבל אײַנפֿירן קײן משכּנות. גע־נומען האָט ער נאָך שבת־צו־נאַכט אַ הונדערטער, צעביטן עס, אַרײַנ־גערופֿן חנהלען און געגעבן איר דאָס געלט אין שירץ אַרײַן: „נאַ, באָרג אָרעמעלײַט און פֿאַרשרײַב אױף אַ פּאַפּירל װעמען און װאָס״. געװען איז דאָס נעכעס חזקה, איז עס איבערגעגאַנגען צו דער נײַער װײַבל. קומט יעדן מאָל אַרײַן אַן אָרעם װײַבל און רופֿט חנהלען אַװעק פֿון דער קיך. דער מיטאָג קאָכט זיך. דער גרױסער טיש װערט אױסגעצױגן, אַרײַנ־געזעצט אין אים די ברײטע בײַכיקע ברעטער, און מען דעקט אױף אים פֿאַר אַ צװײ מנינים ייִדן. עס זיצן סוחרים, רײַכע און אָרעמע, די צװײ מחותּנים — בײַ ר׳ שלמהס בײדע זײַטן. דער רײַכער מחותּן, מיט דער

ברייטער באָרד און גאָלדענער קייט, זיצט ברייט מיט דרייסטקייט און רעדט מיט ר׳ שלמהן וועגן אַלטע געשעפֿטן, וועגן אַלטע שותּפים, — ביידע אויסגעהאַנדלט אַ וועלט. דער אָרעמער מחותּן, דער אָרעמער ווייך־סוחר, זיצט זיך בהכנעה, קוקט אין וואָס פֿאַר אַ גדולה זיין זון איז אַריינגעקומען, קוועלט אינעווייניק פֿאַר נחת, האָט אָבער מורא ביים טיש אַ הויך וואָרט אויסצורייידן, האָט דרך־ארץ פֿאַר די יידן נגידים און ווייס גאָרנישט, פֿאַר וואָס עס קומט אים דער אויבן־אָן. נאָר יעדן מאָל, ווען ער קוקט אויף ר׳ שלמהס אײדעם, ווערט ער ביי זיך פֿעסטער און שטאָלצער, וואָס גאָט האָט אים מזכּה געווען מיט אַזאַ זון.

מעקלער וואַרטן אויף געשעפֿטלעך. דער ווייס פֿון אַ מאַיאָנטעק, וואָס שטייט צו פֿאַרקויפֿן בחצי־חנם; דער צווייטער האָט געהערט פֿון אַ צוויי הונדערט זעקלעך תּבֿואה, וואָס עס שטייט צו פֿאַרדינען אָן דעם אַ פֿאַרמעגנס; דעם שלאָגט אָפּ דער שררה יעדן טאָג די טירן: „גיט אים אַ סוחר פֿאַר דעם וואַלד״. און נאָך איינער דאַרף אַ צען טויזנט רובל פֿאַר אַ שררה, קאָן מען קריגן ביי אים וואָס מען וויל. סוחרים זיצן שטיל, הערן אויס די געשעפֿטן און קוקן זיך איינער דעם צווייטן אַריבער און טראַכטן יעדערער פֿאַר זיך אין דער שטיל איבער דעם געשעפֿט. און קלענערע יידן זיצן און האָבן דרך־ארץ פֿאַר די גרויסע געשעפֿטן, וואָס פֿליען דאָ איבער דעם טיש. און די יויך פֿאַרעט, און חנהלע, אין דעם ברייטן שירץ אָנגעטאָן טיילט אַליין אויס דעם גרויסן טעלער פֿלייש פֿאַר די געסט. און אַז זי דערזעט אַרום איר טיש די יידן־סוחרים, ווי די געשעפֿטן לויפֿן איבערן טיש, קוועלט איר דאָס האַרץ פֿאַר נחת. און די סוחרים וואַרפֿן באַהאַלטענערהייט בליקן אויף דער יונגער שיינער ווייבל און זיינען אין דער שטיל ר׳ שלמהן מקנא אַזאַ מזל...

פֿאַר נאַכט איז אָנגעקומען די גאַמבינער חברה. דאָס זיינען די סעדער־יידן, וואָס האַנדלען אויך מיט פֿיש פֿון די גרויסע טייכן. עס שמעקט פֿון אַזאַ ייד אַראָפּ דער פֿיינער עפּל־געשמאַק, מיט וועלכן ער גייט אום אַ גאַנץ יאָר. אין זיין געדיכטער טונקעלער באָרד, וואָס שטעכט ווי שפּילקעס, האַלט זיך אויף דער סוד פֿון דעם טונקעלן טייך, פֿון וועלכן זיי כאַפּן די פֿיש אַרויס. דאָס זיינען פֿון יענע יידן, וואָס האָבן נישט קיין מורא פֿאַר קיין גוי און זיינען קיין מאָל אין גלות ניט געווען. דאָס גאַנצע לעבן מיט דער ערד אין איינעם אויפֿגעצויגן געוואָרן, אין די טונקעלע טייכן ביים פֿיש כאַפּן, אין די פֿייכטע סעדער ביים אויבס געוואַקסן. אָפּגעברענט פֿון דער זון זיינען זייערע פּנימער און זייערע הענט, אַז עס דאַכט זיך, אַז זיי זיינען אין גאַנצן פֿון מאַסיוון בראָנז געגאָסן. יעדערער אַזאַ ייד האָט אַ טוץ קינדער און לעבט אויס זיינע הונדערט און צוואַנציק יאָר

אָן צער און ווייטאָג, פֿאַרדינט זיך זיין ברויט ביז צו דער לעצטער מינוט פֿון זיין לעבן, און צו זיבעציק יאָר ברענגט ער נאָך אַ ניי קינד אויף דער וועלט. אומעטום זיינען די גאַמבינער די תּקיפֿים, פֿאַר זיי האָט מען מורא. זיי כאַפּן זיך באַלד צום דרענגל, מחמת דעם איז ביי זיי אויפֿן מאַרק יאָ חזקה, נישט חזקה — אַ קליינינקייט. באַלד אַראָפּ פֿון די פֿורן, די פֿאָטערס מיט די יונגען אין מיטן בעסטן מאַרק, גענומען די היימישע שטעלן צעוואָרפֿן און אויפֿשטעלן זיך זייערע אייגענע, און אויסגעלייגט זיך זייערע פֿעלצלעך. איז דאָך דאָרט געוואָרן אַ געוואַלד. די היימישע שטאָט־ווייבער זיינען אַרויס מיט הייס וואַסער, באַגאָסן די גאַמבינער רוצחים, וואָס גייען איינעמען אַ וועלט. אָבער פֿאַר גאַמבין האָט מען מורא, האָט מען זיך סוף כּל סוף אָפּגערוקט אָן אַ זייט פֿאַר זיי.

עס זיינען געקומען צו פֿאָרן די גאַסטינינער „ווייבער". ווייבער האָט מען זיי גערופֿן דערפֿאַר, ווייל די מענער זיינען טאַנדעט־שניידער און היטל־מאַכער, זיצן אַ גאַנצע וואָך ביי די אַלטע מאַשינעס, וואָס ווילן ניט אַנדערש נייען, סיידן נאָר מען טרינקט זיי גוט אָן מיט אייל, אַזוי אַז די הויזן און די מאַרינאַרקעס, וואָס קומען אַרויס פֿון דער מאַשין, זיינען דורכגענעצט אין אייל. און ווייל די מענער זיינען פֿאַרנומען, פֿירן די ווייבער די שטאָט. די מענער האָבן מורא פֿאַר זיי. זיי זיינען קליינע, אויסגעטריקנטע שניי־דערלעך, און די ווייבער גרויס און שטאַרק. אַ שם האָבן די גאַסטינינער מיידן אין דער וועלט, און פֿאַר אַ פּאַטש פֿון אַזאַ מויד היט מען זיך. וואָרים שטאַרק איז אַ גאַסטינינער מויד און עסט פֿאַר דריי מאַנספּערשוינען. עס איז אַ פֿאַרגעניגן אַריינצוקוקן אין אַ גאַסטינינער קיך. די מיידן האָבן כּוח צו שייערן די מעשענע רייפֿן פֿון די טונען, צו רייבן מיט זאַדע און זאַמד די ברעטלעך, און אַלץ פֿינקלט שטענדיק. דערפֿאַר האָבן מערסטנס גאַמבינער בחורים חתונה מיט גאַסטינינער מיידן. זיי פּאַסן זיך פּונקט איינס פֿאַרן צווייטן און האָבן נישט מורא איינס פֿאַרן אַנדערן... און אַז די גאַסטינינער ווייבער קומען אָן מיט זייערע שטעלן, רוקן זיך די גאַמ־בינער „רוצחים" אַ ביסל פֿאַר זיי אָפּ. טאַקע „רוצחים", אָבער מיט גאַס־טינינער ווייבער איז נישט גוט זיך צו טשעפּן...

עס קומען אָן די זשאַכלינער קצבים־יונגען, וועלכע קויפֿן אויף די בהמות אויף די מערק צו פֿירן זיי קיין לאָדזש, מיט די גראָבע שטעקעלעך אין די הענט און די געפּוצטע כאַלעוואָקעלעך, — ציטערט פֿאַר זיי דאָס שטעטל. אַז זיי באַווייזן זיך, קוקן זיי זיך אויס אַ גאַסטינינער מויד אַ כּלה צו נעמען פֿאַר זיך.

מיט זיי קאָנקורירן די קראָשנעוויצער פֿערד־יונגען. מיט די לע־דערנע הויזן, געפּאַסטע שטיוועלעך און די באַטיקלעך אין די הענט,

זיינען זיי געקומען צו פֿאָרן אויפֿן יריד פֿערד איינצוקויפֿן פֿאַרן דייטש. עס ציטערן פֿאַר זיי די זשאַבלינער קצבים־יונגען און קוקן זיך איינער דעם אַנדערן אַריבער:

„נו, העכט, וואָס הערט מען אין דיין זשאַבלין?״

„זאָל דיר דער מוח נישט אויסדאַרן פֿאַר זשאַבלין, דו קראָשנעוויצער פֿראַנט!״

אַזוי נעמט מען־זיך אָן פֿאַר די שטעט, מען ווערט אָבער באַלד צווישן זיך גוט און מען גייט אַריין צו נאָטע דעם רעסטאָראַטאָר אין איינעם נעמען דאָס גוטע ביסל בראַנפֿן.

דערווייל איז פֿאַרנאַכט געוואָרן, און ביי נאָטע רעסטאָראַטאָר איז לעבעדיק: די סוחרים זיינען געקומען צו פֿאָרן. אָפּגעבראָטן האָט לאהלע, דאָס שיינע פֿעטע ווייבל, נאָטע דעם רעסטאָראַטאָרס טאָכטער, די פֿעטע געענדזלעך מיט די פֿעטע קאַטשקעלעך. וואורשט געבראַכט פֿון וואַרשע מיט דעם גוטן טרונק בראַנפֿן. שטייט זי הינטער דעם שענק־טיש מיט איין אויריינגל אין אויער, מיט די פֿאַרקעמטע צעפּ און אָפּגעוואַשענעם פֿעטן האַלדז און זעט אויס אַזוי באַטעמט ווי אירע פֿעטע געענדזלעך. זי גיסט בראַנפֿן איין די סוחרים. מען טרינקט דעם „ביינציקער״ און מען פֿאַרבייסט מיט דעם געשמאַקן קנייפּ, וואָס מען גיט דער פֿעטער שיינער שענקערין דאָרט, וואו עס איז צום אָנגענעמסטן צו קנייפּן.

אָנגעקומען איז צו פֿאָרן אויפֿן יריד אַ חברה צירק־מאַכערס, — יידן, מיט אַ שיינער דראָטן־גייערין, אַ זיבעצן־יאָריק יידיש מיידל, מיט אַ שוואַרצן געקרייזלטן קאָפּ האָר, מיט אַ פּאָר שוואַרצע אויגן, ווי אַ ציגיינערין. אַ דאַרע, נאָר אַ באַחנטע, גייט אָנגעטאָן אין דעם קורצן רויטן קליידל, אין דעם טריקאָ, וואָס איז אויסגעגאָסן אויף איר דינעם לייב, און וואַרפֿט אייגלעך. אַרום, אויף די בענק, זיצן אויסגעזעצט די סוחרים און עסן געשמאַק די פֿרישע געבראָטענע געענדזלעך, און די שיינע כּישוף־מאַכערין ברעכט זיך אין אַ רייף פֿאַר זיי. דער פֿאָטער (עס איז אַוודאי גאָר קיין פֿאָטער נישט, — געגנבעט האָט ער זי אַוודאי פֿון אַ רייך יידיש הויז אַרויס, ווען דאָס מיידל איז נאָך אַ קליין קינד געווען) — שטייט ער, דער „פֿאָטער״, דער ייד מיט די גנבישע אויגן און געקרייזלטע האָר און קלאַפּט־צו אין אַ בעמבעלע אַריין. און די שיינע כּישוף־מאַכערין פֿאַרוואַרפֿט דעם שוואַרץ־געקרייזלטן קאָפּ, הייבט אויף די דינע געטאָקטע פֿיסלעך און טאַנצט אין דער רייף און הייבט אָן צו זינגען אַ טרויעריק ליד פֿון אַ ציגיינערין אויף רוסיש, פֿון אַ ליבע, אַז דאָס האַרץ ווערט צעגאַנגען פֿון איר זיס קול.

נישט אין יונגנמאַן האָט שוין די כּישוף־מאַכערין כּישוף אָנגעטאָן. וואַרפֿט די כּלה פֿאַר דער חתונה און פֿאַרליבט זיך אין דער שיינער רייף־טענצערין און פֿאָרט איר נאָך אין די שטעטלעך אַרום אויף די יאַרמערק. און מען ווערט דערנאָך געוואויר, אַז דער פֿאַרליבטער יונגערמאַן האָט מיט דער ציגיינערין חתונה געהאַט, און דאָס איז טאַקע נישט געווען דעם קאַטרינאַרזשס טאָכטער, נאָר אַזוי ווי מען האָט געוואוסט, — אַן איינציקע טאָכטער פֿון אַ רייך הויז אַרויס, וואָס דער קאַטרינאַזש האָט אַוועקגעגנבעט, ווען זי איז נאָך אַ קליין מיידל געווען, און פֿאָטער־מוטער האָבן געטרויערט נאָך איר דאָס גאַנצע לעבן... דער יונגערמאַן (דערציילט מען דערנאָך אין די שטעטלעך) האָט אויפֿגעזוכט אירע עלטערן און איז געוואָרן אַן איידעם פֿון אַ רייכן שווער.

אַזוי זיצן די סוחרים אַרום אַ טיש ביי די געבראָטענע גענדזלעך און קוקן זיך צו צו דעם טאַנצן.

אין דרויסן, אין דער נאַכט, האָט מען גרויסע סמאָלע־פֿאַקלען אָנגעצונדן, אַז די סוחרים זאָלן זען אין שטעטל אַריינצופֿאָרן. עס פֿאָרן דורך די שווערע פֿראַכט־וואָגנס מיט די גרויסע קאַסטענס סחורה, מיט די שטענגער און דרענגער, — קומען זיך צונויפֿ־צוזאַמענצופֿאָרן פֿון אַלע מקומות אויף דעם גרויסן יאָהאַנע־יריד, וואָס גיט יידן פּרנסה אויף אַ גאַנץ יאָר.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן די פּויערים מיט די בהמות פֿון די אַרומיקע ערטער אָנגעצויגן, און פֿון פֿרימאָרגנס אָן איז געשטאַנען אַזאַ הו־האַ, איז געווען אַזאַ געפּילדער, געשריי און ליאַרם אין די גאַסן פֿון שטעטל. דאָס גאַנצע שטעטל האָט מיט איין מאָל אָן אַנדער פּנים באַקומען, — נישט צו דערקענען. אָנגעשטאָפּט זיינען די גאַסן, די מערק מיט פֿורן. רויטע, קאָלירטע טיכער איבער די רוקנס פֿון די פּויערטעס ברענען זיך אין דער וואַרעמער זון. און דאָס קירכן־געזאַנג פֿון די בעטלערס, אויסגעמישט אינאיינעם מיט דעם שרייען פֿון די יונגע פֿערד, מיטן קוויטשען פֿון די חזירים, מיטן קרייען און שרייען פֿון אַלערליי געפֿליגל, האָט אָנגעפֿילט די לופֿט. אויסגעמישט זיינען שוין די שוואַרצע לאַנגע קאַפּאָטעס מיט די ווייס־גרויע רעק פֿון די פּויערים, די וואָכעדיקע טרויעריקע פּאַטשיילעס פֿון די יידישע ווייבער מיט די העל־קאָלירטע טיכער פֿון די פּויערטעס, — און עס קאָכט זיך אינאיינעם צונויף.

געכאַפּט האָבן די גאָסטינינער ווייבער אַ פּויער צו אַ שטעל, אויסגעטאָן אים אין העמד און מעסטן אים אָן אַלע רעק מיט אַלע היטלען. דער פּויער מיט דער בייטש אין דער האַנט שטייט אין אַ קורץ יאַקעלע מיט אויסגעשטאַרטע הענט, און די ווייבער האַלטן אים אַ שפּיגעלע פֿאַר די אויגן: נאַ, זע, ווי שיין דו ביסט!

דאָרט שלעפּט אַ ייד אַ זעקל תבואה פון אַ פויערס אַ פור אַראָפּ, דער גוי וואַרפט צוריק דאָס געלט. עס הערט זיך דאָס קלינגען פון געלט, דאָס שרייען פון הענער, דאָס שעלטן זיך פון גויים, יידן דינגען זיך, — און אַלץ איז אינאיינעם אויסגעמישט. מיט אַ מאָל קומט אָן אַ גוי צו לויפן מיט אַ יונג פערד, פּרואווט עס אויס און קוקט נישט, ווער עס שטייט, — לאָזט זיך מיט זיין פערדל אין פולן, אַנגעשטאָפּטן מאַרק אַריין.

אין מיטן דעם ים פורן, יידן, פויערים, חזירים און פערד האָבן די לאָוויטשער ווייבער זיך אויסגעשטעלט זייערע קראָמען מיט די קאָלירטע בענדער.

ליב האָט די פויערטע פון יענער געגנט אין רייך קאָלירטע בענער זיך אויסצוצירן, און דער גוי זיין קאַפּעלוש מיט פאַרשיידענע קאָלירטע קרעלן און סטענגעס אויסצופּוצן, און די רייך בלאָ־רויטע פאַרבן פון די בענדער, מיט די קליינע ווייסע בלימעלעך לייכטן זיך אין דער זון. עס שטייען אַרום ביי די בענדער־קראָמען די יונגע שיינע דאָרפס־שיקסלעך מיט די גראָבע צעפּ און רויטע, שטאַרקע הענט, קוקן מיט לייכטנדיקע פרעסנדיקע אויגן אויף דעם אוצר פון די סטענגעס, און די יונגע חתנים־שקצים נעמען די בייטעלעך אַרויס און קויפן די מיידלעך מתנות. עס שפּילט־אויף די קאַטערינקע באַלד. אין מיטן טאַראַראַם ווערט אַרום די יידן אַ געשריי, און דער בלאָער פויגל הויבט אָן אַרומצוטיילן מיט זיין שנאָבל די גויים קוויט־לעך מיט יעדן גורל. עס קומט אָן אַ ייד צו לויפן פון דער העלער הויט, שטעקט אַ פויער געלט אין האַנט אַריין. דער גוי וואַרפט עס צוריק. דער ייד שטעקט עס ווידער איין, — דער גוי וויל נישט. דער ייד שלעפּט די שרייענדיקע קאַטשקעס פון דער פור אַראָפּ, — דער גוי לאָזט נישט. און דאָס זינגען פון די בעטלערס מיט דעם געשריי פון די גויים, דאָס קוויטשען פון די קאַטשקעס און דאָס ברומען פון די חזירים, די קאָלירן פון די בענדער, דאָס רויטע ליכט פון די טיכער שרייען מיט אין דער זון אַריין, — און די אַלע געוואַלדן, ברומען און געשרייען קאָכן זיך צונויף, און עס איז דאָס ברומען פון דעם גרויסן יאָהאָנע־יאַרמאַרק.

אויף דעם אָקסן־מאַרק איז קיין פוס נישט צו טרעטן. די קצבים שטייען אַרום די בהמות, טאַפּן די אייטערס, קוקן אין די פּיסקער אַריין, דינגען זיך, שרייען, שעלטן, וואַרפן געלט און שלעפּן די פויערים אין שענק אַריין. קומט אָן אין סאַמע העכסטן ברען פון מאַרק אייזיקל שלאָסער־האַקער מיט אַ קו. ער אַליין פירט זי נישט, נאָר זיין קאָמפּאַניאָן סטאַש „קאָניקראַד" (פערד־גנב), אַ גוי מיט אַ צעשניטענעם פּנים, מיטן הוט אַריבערגעצויגן איבער די אויגן, ווי אַ גנב. „אַהאַ, גיב נאָר אַ קוק, אייזיק ממזר, וואו האָסטו די קו געפּאַקט ?" — פרעגן די קצבים־יונגען אייזיקלען, דערזעענדיק ווי ער

פּירט די קו. ענטפֿערט ער: „שוויג, זי איז בלאַט". קוקן זיי זיך גוט איין צו דער קו, דערזעען זיי, אַז זי איז אַ חולה. אַן עיפּוש האָט זי, מען דאַרף זי שטעכן. אַנגעטרונקען האָט זי נאָר אייזיקל, איידער ער האָט זי אויפֿן מאַרק געבראַכט, מיט וואַסער, אַז זי זאָל אַ דיקן בויך קריגן, עפּעס געגעבן צו לעקן אַזאַ מין גנבישע זאַלץ, אַז די אייטערס זאָלן איר ווערן אָנגע־לאָפֿן, — עס הייסט זי גיט פֿיל מילך, — און גענומען די קו ביים שטריקל און אַוועקגעשטעלט סטאַש „קאַניקראַד", אַז ער זאָל זי פֿאַרקויפֿן. און אייזיקל אַליין האָט זיך אַוועקגעשטעלט די קו האַנדלען. שטייט ער אַזוי און קויפֿט די קו: „אַכט און דרייסיק רובל, פֿערציק רובל, צוויי און פֿערציק", און שרייט הויך און ציילט באַלד געלט, דווקא מיט זילבערנע רובלס, כּדי עס זאָל קלינגען, אַז מען זאָל הערן. קומט אָן אַ גויע מיט שקצימלעך־יתומים. דער פּויער איז ערשט נישט לאַנג געשטאָרבן, האָט זי פֿאַרקויפֿט די צוויי חזירים און וויל זיך קויפֿן אַ גוטע מילך־קו — זי זאָל פּוטער מאַכן, אין שטאָט אַריין ברענגען צו פֿאַרקויפֿן, אויף זאַלץ און זייף האָבן איבערן ווינטער. קיינעם האָט נישט די גויע, דרייט זי זיך אַליין אויפֿן אָקסן־מאַרק אַרום און זוכט זיך אַ קו מיט אַ פּאָר גרויסע אייטערס.

דערזעען די צוויי חברה־לייט, אַז די גויע שטעלט זיך אָפּ ביי דער קו, הויבט אָן אייזיקל אַרויפֿצויאָגן אויפֿן מקח: „פֿיר און פֿערציק רובל, זעקס און פֿערציק, — פּופֿציק. גאַנצע פּופֿציק!" און פּאַטשט דעם „קאַניקראַד" אין האַנט אַריין, אַז זי ווערט אָנגעשוואָלן ווי אַ פֿלאַש. און דער „קאַניקראַד" שטייט און האַלט אין איין טעהנען: „זשידאָווי ניע ספּזשעדאַם!" — אַ יידן וועל איך ניט פֿאַרקויפֿן.

— פֿאַרקויף מיר די קו, — בעט זיך דער ייד און שטעקט אַריין דאָס געלט דעם גוי. און דער „קאַניקראַד" טענהט אַלץ: — „ניע, זשידאָווי ניע ספּזשעדאַם!".

דערזען די גויע, רופֿט זי דער גוי צו:

— קויף די קו, אַ גוטע, גיט אַ סך מילך, אַ שאָד אַ יידן צו פֿאַר־קויפֿן, — און ער מעלקט אויס אַ פּאָר טראָפּן מילך פֿון דער קוס אייטער און גיט דער גויע צו פֿאַרזוכן: — „זעסט, ווי זיס!" די גויע שטייט אָבער און קלערט.

— וואָס קומט אָבער אַרויס פֿון דעם, אַז איך האָב נישט מער, ווי צוויי־און־פֿערציק רובל? — ווייזט זי אויפֿן קניפּל אין טיכל, וואָס זי האַלט עס אין דער ברוסט. דער „קאַני־קראַד" קראַצט זיך אין קאָפּ.

— פֿאַר צוויי־און־פֿערציק רובל קען איך דיר די נישט פֿאַרקויפֿן, דער ייד גיט פּופֿציק, און אַז אַ ייד גיט, איז זי ווערט.

ווי אייזיקל דערזעט, אַז די גויע האַלט ביים קויפן, כאַפּט ער אַרויף:
— פאַרקויף זי מיר, צוויי־און־פופציק גיב איך דיר, דאָ האָסטו דאָס געלט.

דער „קאַני־קראַד" טענהט אַליין:
— ניין, אַ יידן וועל איך זי נישט פאַרקויפן. זוך אין דעם זאַק, —זאָגט ער צו דער גויע — זוך גוט, אפשר וועסטו נאָך עפּעס געפינען, אַ שאָד די קו אין יידישע הענט צו געבן.

— אָבער, פאָטערל, נישט מער ווי צוויי־און־פערציק פאַר די חזירים געגומען. מיט דריי גילדן, וואָס פאַר די אייער.

דער „קאַני־קראַד" קראַצט זיך אין קאָפּ, און אייזיקל ווינקט אים, אַז ער זאָל דאָס געלט נעמען.

— וואָס קען מען מאַכן? — שרייט אויס דער קאַניקראַד צו דער גויע. — גיב אַהער די האַנט. אַזאַ איינער בין איך. אַ קריסט איז אַ קריסט, וועל איך זי ליבער פאַרקויפן אַ קריסט פאַר צען רובל ווינציקער, איידער אַ יידן. — און שטעקט אויס די האַנט נאָך דעם געלט.

די גויע צאָלט אים אויס די בלוטיקע צוויי־און־פערציק רובל, וואָס זי האָט געגומען פאַר די חזירים, און נעמט דאָס שטריקל אין האַנט אַריין.

דער גוי איז באַלד פאַרשוואונדן. אייזיקל האָט נאָך פּרעטענציעס צו דער גויע: זי האָט אים אויסגעדונגען די קו, און פאַרלאַנגט פון איר אַ רובל אָפּטרעט־געלט. נאָר באַלד ווערט ער פאַרשוואונדן, האָט מורא, אַז דער „קאַני־קראַד" זאָל דערווייל נישט אַוועק מיטן געלט. אין אַ פּאָר מינוט אַרום שטייען זיי שוין אין שענקל, טרינקען אין איינעם און טיילן זיך מיט דער גויעס בלוטיקע גראָשנס. דער „קאַני־קראַד" האָט זיך אַוועק־געשטעלט אין דעם שענק פאַרטרינקען דאָס געלט. אייזיקל גנב האָט דאָס געלט אַהיימגעבראַכט צום ווייב און געגעבן דער יידענע: „נאַ, באַהאַלט".

די גויע, וואָס האָט געקויפט די קו, האָט זי געגומען ביים שטריקל, — די קו וויל ניט גיין. טרייבט זי זי אונטער מיט אַ צווייג, לאָזט די קו אַראָפּ דעם קאָפּ, מאַכט אַ טריט, שטעקט אַרויס ווייט די צונג, גיסט זיך אויס — ווערט פון דער קו אַ האַלבע, די אייטערס איינגעפאַלן, באַלד פאַלט זי פון די פיס, די פיס בייגן זיך קרום אונטער איר שווערער לאַסט, זי לייגט זיך אַוועק אין גאַס.

ווי די גויע האָט דערזען, וואָס עס איז פון דער קו געוואָרן, האָט זי זיך געגעבן אַ וואָרף אַנידער אויף דער ערד, צווישן די פורן און די אָקסן מיט אירע צוויי שקצימלעך, מיט אַ גרויס געשריי: — אָ יעזוס! — געריסן האָט זיך די גויע די האָר פון קאָפּ. געשלאָגן דעם קאָפּ אָן

די שטיינער פֿון גאַס, געלעגן מיט אירע שקצים לעבן דער קראַנקער קו און געשריען און געוויינט.

— אָ, יעזוס, וואָס וועל איך איצט טאָן? דער פויער איז געשטאָרבן, די חזירים האָב איך פאַרקויפֿט, דאָס געלט האָבן זיי ביי מיר אויסגענאַרט, אָ, יעזוס!

און די שקצים נאָך דער מוטער האָבן אָנגעפֿילט דעם גאַנצן יאַר־מאַרק מיט געוויין.

באַלד איז געוואָרן אַרום דער גויע אַ געשטיי. די פויערטעס אַרום האָבן זיך אָנגעהויבן צו ווישן די טרערן פֿון די אויגן, דערזעענדיק די אָרעמע גויע ביי דער קראַנקער קו. דאָס בלוט האָט זיך צעקאָכט ביי די גויים. זיי זיינען געשטאַנען אַרום, אויסגעהערט דער גויעס קלאָג, געפּרואווט די קו צו רירן ביים עק, די קו האָט זיך אָבער ניט באַוועגט. און די גויים האָבן אָנגעהויבן מיטצופֿילן מיט דער פויערטע. איינע האָט דער־ציילט, אַז אַ יידל איז אויך געווען דערביי.

— יאָ, דער ייד איז דאָרט געשטאַנען און געדונגען די קו. איך האָב געזען, אַז ער גיט פּופּציק רובל, — פֿון מיר האָט דער פויער נאָר גע־נומען צוויי־און־פֿערציק, — דערציילט די גויע אין געוויין.

— עס איז געווען דעם יידנס קו, אַוודאי אַזוי, דער ייד האָט דיך אָפּגענאַרט, — שרייען די גויים.

שיכּור זיינען די גויים געווען, ביי יעדן קויף אין שענקל געגאַנגען מיט די „קומעס”, און אויפֿגעקאָכט פֿון דער גויעס וויינען, האָבן די פּוי־ערים געכאַפּט די שטעקנס און אָנגעהויבן צו שלאָגן דעם ערשטן בעסטן יידן, וואָס זיי האָבן דאָרט געטראָפֿן.

געווען איז עס אַ גאַמבינער קצב. די פויערים האָבן אים אויף דער ערד אַנידערגעוואָרפֿן, געריסן די באָרד און געשלאָגן אים איבערן קאָפּ מיט די שטעקנס.

די קצבים זיינען געווען אין ר׳ שלמהס הויף, וואָס איז ניט ווייט געווען פֿון דעם אָקסן־מאַרק. דאָרט זיינען געשטאַנען די יונגע אָקסן, וואָס ר׳ שלמה מיטן מחותן האָבן געבראַכט צו פאַרקויפֿן די שררהס אויף פּאַשע. די קצבים האָבן באַטראַכט די שיינע געזונטע אָקסן און האָבן גע־וואָרט אויף אַ בראַק, אַז זיי זאָלן קענען עס אָפּקויפֿן.

ווי זיי האָבן דערהערט, אַז די גויים שלאָגן אַ יידן, זיינען זיי אַרויס פֿון ר׳ שלמהס הויף מיט די אייזערנע שטעקעלעך אין די הענט און גע־וואָרפֿן זיך אין די גויים אַריין.

באַלד האָט זיך צעפּלאַקערט צווישן די יידן און די גויים אַ מלחמה. די גויים האָבן אַרויסגעכאַפּט די דישלען פֿון די וועגענער און געשלאָגן

די קצבים־יונגען. איינעם האָבן זיי אָוועקגעלייגט מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, דאָס בלוט איז גערונען אים איבערן פּנים. איז דאָס ווייב אַרויס מיט אַ געוואָלד אין גאַס אַריין: „געוואַלד, מען שלאָגט יידן! אויפן אָקסן־מאַרק שלאָגט מען יידן!״

האָבן די גאַמבינער פּעלצן־סוחרים דערהערט, אַז זייערן אַ גאַמבינער האָבן די גויים דערהרגעט אויפן אָקסן־מאַרק — האָבן זיי געלאָזט די קראָ־מען און אַרויס אין אָקסן־מאַרק מיט די געוויכטער אין די הענט. די גאַמ־בינער ווייבער האָבן זיי נאָך אונטערגעגעבן פייער: „מאַנספּאַרשוינען זייט איר! זעט, ווי מען שלאָגט אַ יידן, און איר שווייגט״. נאָר די גאַמבינער האָט מען נישט געדאַרפט אונטערצוהיצן. גאַמבינער בלוט איז קיין וואַסער נישט. אַז זיי האָבן דערהערט, אַז מען שלאָגט אַ גאַמבינער, האָבן זיי זיך דאָס לעבן איינגעשטעלט. אַ קליינער יונג, חיימל מאַלאָדזש, האָט זיך געגעבן אַ לאָז אַריין מיט דער שער אין דער האַנט צווישן אַ פּאָר גויים, און שוין האָט ער איינעם דעם פּרצוף אויפגעריסן מיט דער שער. טאַקע, די גויים האָבן אים אויף דער עֹרד אַנידערגעלייגט און אים גענומען טרעטן, — האָבן עס די גאַמבינער דערזען, זיינען זיי אַריין צווישן די גויים דעם יונג אַרויסנעמען און אַנגעהויבן האַקן איבער די קעפּ. שוין לויפן די פּויערטעס איבער די גאַסן מיט אַ געשריי: „העי. כלאָפּצי, נאַשיך ביוט״ — און פון דער צווייטער זייט די ווייבער: „מען שלאָגט יידן אויפן אָקסן־מאַרק!״ און פון אַלע זייט־געסלעך קומען גויים צו לויפן, יידן צו לויפן, קראַשנעוויצער פערד־סוחרים, זשאַכלינער קצבים.

גאַסטינער ווייבער זיינען אויך דאָ. איבערגעלאָזט האָבן זיי די מענער ביי די קראָמען און מיט די נעגל די גויים די אויגן אויסגעדראַפּעט. שוין האַלט מען איינס ס׳אַנדערע ביי די האָר, ביי די קעפּ, און בלוט רינט צווישן פּנימער, אויף קאַפּאָטעס, אויף ווייבער־טיכער, צווישן רעדער, חזירים און שרייענדיקע קאַטשקעס, און מאַכט נאַס די שטיינער.

ר׳ שלמה איז געווען אין דער שטוב און געהאַנדלט מיט אַ סוחר ווייצן, ווען דאָס געשלעג האָט אויסגעבראָכן. געהערט, אַז אין גאַס פאָרן הויז שלאָגן זיך יידן מיט גויים, האָט ער געכאַפּט דעם שטעקן אין האַנט און איז אַרויס אין גאַס. חנהלע האָט זיך אַפילו אין דער טיר געשטעלט און באַשוואוירן אים, ער זאָל נישט אַרויס, — נאָר ער האָט זי זאַנפט אָוועקגעשאַרט און איז אַרויס אין געסל. עס זיינען באַלד נאָך אים אַרויסגעגאַנגען די סוחרים, די שטאָל־יונגען, לייזער און בער. און אַז די יידן אין געסל האָבן דערזען ר׳ שלמהן גיין, האָבן זיך באַלד אַלע אַרומגעקליבן אַרום אים.

אָנגעקומען צום אָרט פון געשלעג, האָט ר׳ שלמה אויפגעהויבן דעם שטעקן און געשלאָגן איבער די קעפּ, וואָס האָבן זיך געהרגעט: „לאָזט אָפּ לאָזט אָפּ!״

מען האָט זיך באַלט אַריינגעריסן צווישן די שלעגער, זיי פונאַנדער־געריסן, אָפּגעוואָרפן. די יידן מיט די צעבלוטיקטע קעפּ האָבן דערזען ר׳ שלמהן, האָבן זיי אָפּגעלאָזט.

— שקצים, — האָט ר׳ שלמה געשריען, — דעם גאַנצן מאַרק ווילט איר צעשלאָגן! וואָס איז געשען?

— אייזיקל גנב האָט אַ גוייע אַ קראַנקע קו פאַרקויפט, שלאָגן זיי יידן.

אַ סך פון די פויערים האָבן געקענט ר׳ שלמהן פון דעם הויף, דעם „קופּיעץ״. אַ סך האָבן געמיינט, אַז ער איז דער רב, האָבן זיי זיך אָוועקגע־שטעלט און געשריען:

— דאָס געלט גיט אָפּ! דעם יידן גיט אַרויס, קופּיעץ!

און די יידן האָבן צוריקגעשריגן צו די פויערים:

— דעם גוי גיט אַרויס, דעם גוי! אַ גוי איז דאָך אויך געווען דערביי.

אַז ר׳ שלמה האָט געהערט, וואָס עס איז געשען, האָט ער געזאָגט:

— אַ רחמנות, אַן אָרימע גוייע, גייט און ברענגט אייזיקן.

— די גויים וועלן אים הרגענען, ר׳ שלמה.

— לאָז אים אַ שוואַרץ יאָר! דאָס געלט זאָל ער אָפּגעבן. איבער אים וועלן מיר דעם מאַרק פאַרלירן. גייט, לייזער, בער, —יונגען, ברענגט אים אַהער!

— אי פּאַ זשידאַ, אי פּאַ כלאָפּאַ, — האָבן די יידן געשריען צו די גויים, ביידע זאָלן זיי קומען.

— גייט, פויערים! דער רב הייסט, דער „קופּיעץ״ הייסט — האָבן די גויים געשריגן.

און עס האָבן זיך באַלד אָוועקגעלאָזט אַ פּאָר שטאַרקע קצבים־יונגען נאָך אייזיקלען, און אַ פּאָר גויים — נאָך דעם „קאָניקראַד״, צו ברענגען זיי אויפן מאַרק.

דערווייל ווי ר׳ שלמה איז אַזוי געשטאַנען און גערעדט מיט די פּוי־ערים און די יידן, כאַפּט זיך אונטער אַ יונגער שייגעץ, גיט ר׳ שלמהן אַ פּאַטש און ווערט פאַרשוואונדן צווישן די פויערים.

מער האָט מען נישט באַדאַרפט. עס האָט זיך געגעבן אַ קאָך אין די יידן דאָס בלוט: „ר׳ שלמהן האָט מען געשלאָגן!״ און אַריין אין דער מחנה פויערים. בחינם האָט זיי ר׳ שלמה אָוועקגעטריבן מיט דעם שטעקן, אַז זיי זאָלן זיך נישט שלאָגן; זיי האָבן צעפּראַסקעט די פּיסקעס פון יעדן גוי...

— דעם שייגעץ גיט אַרויס!

דער שייגעץ איז אַריין צווישן די פויערים, און זיי האָבן געפּרואווט אים צו באַהאַלטן, נאָר נאָטע פורמאַן האָט אים גענומען אויפן אויג. ער איז באַלד נאָך דעם שייגעץ אין די פויערים אַריין.

לאַנגע האָר האָט דער שייגעץ געהאַט — האָט ער זיך געגעבן אַ לאָז אַריין מיט דער האַנט אין דעם שייגעצס לאָקן און ער האַלט אים! בחינם בייסן אים די פּויערטעס דורך די שטיוול, רייסן אים שטיקער פלייש פון די פיס, פון די הענט אַרויס. נאָטע לאָזט שוין דעם שייגעץ נישט אָפּ, שלעפּט אים נאָך נאָך זיך, ווי אַ שטיק אייזן, און ציט אים פון צווישן די גויים אַרויס. די גויים טרעטן אויף אים מיט די אייזערנע פּאַדקאָוועס, — אַ צעבלוטיקטער האָט זיך נאָטע אין דעם שייגעצס האָר איינגעפלאָכטן, אַזוי ווי ער וואָלט אין אים איינגעוואַקסן, לאָזט אים נישט נאָך, שלעפּט אים פון די פּויערים אַרויס.

עס רינט דאָס בלוט פון זיי ביידן, פון נאָטען און פון שייגעץ, און מישט זיך אויס אינאייגעם, און צוגעקלעפּט איז ער צו אים און קייקלט זיך מיטן שייגעץ אויף דער ערד און שרייט צו די יידן:

— דאָ איז ער!

אַז די יידן האָבן דערזען דעם שייגעץ, זיינען זיי צו מיט די שטעקנס, מיט די געוויכטן.

— קופּצאַ פשעפּראַש! — האָבן זיך אַריינגעמישט די עלטערע פּויערים, אַ פּאָר באַלעבאַטים, וועלכע האָבן געקענט ר׳ שלמהן און אויך געשלאָגן דעם שייגעץ: „קופּצאַ פשעפּראַש!״ דער שייגעץ אַ צעבלוטיקטער, מיט אויסגעבראָכענע פינגער איז געלעגן אויף דער ערד און געזוכט ר׳ שלמהס פּאָלע פון ראָק, און געקושט ר׳ שלמהן די שטיוול, די פּאָלעס, געציטערט פאַר שרעק און געשטאַמלט: „אָ יעזוס, אָ, באָזשע״.

— לאָזט אים אָפּ! — האָט ר׳ שלמה געשריגן און קוים אַ לעבעדיקן אים אַרויסגענומען פון דעם יונגס הענט. אייזיקל זעלנער האָט אים נאָך געגעבן אַ פּלאַם מיטן שטעקן איבערן קאָפּ, און דער שייגעץ איז אַ האַלבער הרוג אַרויס פון יידישע הענט.

נאָר באַלד האָט מען געבראַכט צו פירן די צוויי גנבים, אייזיקלען און דעם „קאָביקראַד״. די גאָמבינער סעדער־יידן האָבן געפירט אייזיקלען. געפונען האָבן זיי אים אין שטאַל באַהאַלטן. די הענט אַהינטער געבונדן, אַ בלייכער, אָן אַ היטל, איז אייזיקל געגאַנגען. און די גויים פון דאָרף כמיעל האָבן געפירט דעם שכורן גויי, דעם „קאָבי־קראַד״. די שטאָט האָט זיי געקענט. בשותפישע גנבים־פּאָר זיינען זיי געווען. און ווי עס זיינען אין שטעטל אַ פּאָר זילבערנע לייכטער פאַרפאַלן געוואָרן אָדער קאַלב־לעבער צוגעגנבעט געוואָרן, איז מען געגאַנגען צו אייזיקלען אויסקויפן.

שטיל איז געווען צווישן עולם. די פּויערים מיט די יידן האָבן זיך שוין אויסגעמישט אין איין רעדל, שלום געמאַכט צווישן זיך, דאָ אַ צעבלוטיקטער קאָפּ, — דאָרט אַ צעבלוטיקטער קאָפּ, — און האָבן געשריען:

„סאַנד, סאַנד נאַ זלאַדזשעיאַ" — אַ משפּט איבער די גנבים. ר' שלמה האָט אייזיקלען געגעבן דעם ערשטן פּאַטש און געשריגן:

— דאָס געלט גיב אָפּ! איבער דיר וועט דער מאַרק צעפּירט ווערן! פון אַן אָרימער גוייע נאַרסטו געלט אויס!

אַ בלייכער איז געשטאַנען אייזיקל, און עס האָט זיך ביי אים געטרייסלט הענט און פיס. אַן אַלטער פויער פון כמיעל האָט דעם „קאָני־קראַד" דעם ערשטן פּאַטש געגעבן מיט אַ געשריי:

— אַ קריסט ביסטו? אַ טאַטער ביסטו!

שוין ווילן זיך אויף דעם פּאַר וואָרפן די יידן מיט די גויים און אויסגיסן אויף זיי דעם רעשט כּעס, וואָס שטעקט נאָך אין זייער בלוט, נאָר ר' שלמה האָט זיי איינגעהאַלטן: צוערשט דער גוייע דאָס געלט אָפּגעגעבן. די יידן האָבן באַזוכט אייזיקלען. אין ציצה־כּנפות האָט ער געהאַט איינגעבונדן די איין־און־צוואַנציק רובל. ביי דעם גוי האָט שוין געפעלט אַ פּאָר קערבלעך, — פאַרשיכּורט אין שענק, — האָט ר' שלמה צוגעלייגט פון זייניקע און אָפּגעגעבן דער גוייע צוריק דאָס געלט. די גוייע האָט מיט טרערן אין די אויגן געדאַנקט ר' שלמהן און געקושט אים די קאַפּאָטע: „קופּיעץ ספּראַווויעדליווי, מאַ ליטאָשטש נאַ וודאָווי אי שיעראָטי" (אַן ערלעכער סוחר, האָט רחמנות אויף אלמנות און יתומים). די ווערטער האָבן ווייך געמאַכט די יידן אויף דער גוייע, און זיי האָבן רחמנות געקראָגן אויף איר: „טאַקע אַן אָרימע גוייע! וואָס, אַ גוייע איז דען נישט קיין מענטש? — האָבן די ווייבער געשריגן — מען נאַרט אויס ביי אַן אָרעמער אלמנה צוויי־און־פערציק קערבלעך!"...

האָבן זיך די יידן געגעבן אַ נעם צום „סאַמאָסאַנד" (זעלבסט־געריכט). די גויים האָבן זייער כּעס אויסגעלאָזט צום „קאָני־קראַד" מיט געשרייען: „אַ קריסט ביסטו? — אַ טאַטער ביסטו"! און די יידן מיט די שטעקעלעך אויף אייזיקלען: אַ ייד ביסטו? אַ טאַטעריש האַרץ האָסטו! פון אַן אָרעמער גוייע געלט אויסנאַרן און איבער דיר אַ שטאָט אומגליקלעך מאַכן! אַ מאַרק צעפּירן!"

אין אַ שעה אַרום זיינען שוין געשטאַנען די כמיעלער גויים מיט די גאָמבינער יידן ביי דבורהן אין שענקל. בראָנפן און געלט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער, איבערגעבעטן זיך און אַרומגעהאַלטן איינע די אַנדערע ביי די אָרעמס. דאָס בלוט פון זייער גוטפריינטשאַפט איז נאָך נישט פאַרטריקנט געוואָרן אויף זייערע געזיכטער און קליידער און די גויים האָבן געשריגן: „מיר האָבן צו די יידן גאָרנישט: דער וואָס איז אַ גנב, איז אַ גנב. און אַ קופּיעץ איז אַ קופּיעץ". און די יידן האָבן געשריגן: „וואָס, אַ פויער איז נישט קיין מענטש? אַ פויער איז אויך אַ מענטש. איין גאָט איז נאָר אויף

דער וועלט!״ און זיי פּאַטשן זיך איינע די אַנדערע אין די הענט אריין אויף „זגאָדע״ (שלום), אַז די הענט ווערן געשוואָלן.

און אַז מען איז דערנאָך ביים שטאָט־פּלומפּל געשטאַנען, און די יידן מיט די גויים האָבן איינע די אַנדערע וואַסער געפּלומפּט און איבערן קאָפּ געגאָסן, דאָס בלוט פֿון קאָפּ און פּרצוף אָפּצואוואַשן, האָט נישט איין גוי אויסגעשריען, טאַפּנדיק זיך ביי זיין לאַך אין קאָפּ: „טע גאָמבינסקע זשידי, וואַלע ניע זשידי! ניע דאַיאָן שיע, פּשיאַ יוכאַ!״ (די גאָמבינער יידן זיינען גאַר קיין יידן נישט, זיי לאָזן זיך נישט, הינטיש בלוט).

אָבער פֿאַרנאַכט, אַז דער עלטסטער סטראַזשניק מיטן „וואויט״ זיינען אָנגעקומען אין שטעטל אַריין, האָט מען אַ פּאַפּיר געמאַכט, ר׳ שלמהן אַליין אויפֿגעשריבן און אַ סך גאָמבינער יידן מיט פּויערים, ווייל זיי האָבן אַליין אַ „סאַנד״ געמאַכט. וואָרום מען האָט אייזיקל גנב און דעם „קאָני־קראַד״ פֿון גאַס געמוזט אויפֿהייבן און אין שפּיטאָל זיי בעמען: אַזוי צעשלאָגן זיינען זיי געווען.

קאַפּיטל פינף

# די פּישערס

ר׳ שלמה איז געפֿאָרן אין דאָרף אַריין.

פֿאַרנאַכט איז ער אָנגעקומען צו די לענסקער טייכן. ער האָט געדאַרפֿט זיין ביים שׂרה אין לוצק, האָט ער נישט געוואָלט ביי־נאַכט דורכפֿאָרן דעם לוצקער וואַלד. און אַ חזקה האָט ער צו נעכטיקן דאָרט, וואו אַ ייד וואוינט. האָט ער דעם יונג געהייסן פֿאָרן צו ברוך לענסקער אויף נאַכטלעגער.

די נעכט האָבן שוין אָנגעהויבן ווערן קאַלטע. עס איז שוין געווען אַ שטיק אין אלול אַריין, און די סעדער און די נאַסע לאָנקעס, וועלכע האָבן זיך געלייגט אַרום די גרויסע לענסקער טייכן, זיינען שוואַרץ־גרין געווען און פֿייכט; פֿון דערווייטנס האָט שוין אַרויסגעשימערט דאָס ליכטל פֿון ברוכ׳ס פֿענצטער אַרויס און אַריינגעדרונגען ווייט אין די נאַכטלעכע סעדער אַריין און אָפּגעשלאָגן אַ ווידערשיין אין די שוואַרצע סטאַוון.

דער יונג איז פֿאַרפֿאָרן אין הויף אַריין. אויף דער שוועל פֿון הייזל האָט זיך געוויזן רחל, רב ברוכס טאָכטער. אירע שוואַרצע האָר זיינען געווען צעלאָזט, די אַרבל פֿון קאָפֿטל אַרויפֿגעשאַרצט ביי דער אַרבעט. דערזען פֿון דערווייטנס ר׳ שלמהס פֿור, האָט די מויד מיט פֿרייד אויפֿגעלאַכט און איז אַריין אָנזאָגן די גדולה. רב שלמהן האָט עס געגעבן אַ קלאַפּ אין האַרצן... ער האָט געוואָלט הייסן דעם יונג אַוועקדרייען זיך, נאָר פֿאַרשעמט זיך פֿאַר זיך אַליין און פֿאַרוואָרפֿן געמאַכט זיך און געזאָגט: „אַ דאָרן דעם יצר־הרע אין די אויגן אַרייך“.

עס זיינען געשטאַנען ר׳ ברוכס צוויי מוידן, שטאַרק ווי די גויים, ביי אַ גרויסער באַליע וועש און געוואַשן. אַ וועש איז אָן עין־הרע געווען ביי ברוך לענסקער אַ גרויסע. געהאַט האָט ער צען מוידן און זעקס יונגען, אַלע שוין אויסגעגעבן, אַחוץ די צוויי יינגסטע. די אַרומיקע קצבים, פּישער זיינען זיינע איידעמס אָדער זין, און אַלע וואוינען און האַלטן בשותפֿות דעם סטאַוו. און די מוידן וואַשן די וועש פֿאַר דעם גאַנצן הויזגעזינט.

געטראָפֿן האָט רב שלמה ברוכן קראַנק. אַרויסגעקוקט האָט דער אַלטער ייד פֿון דעם ים קישנס און דעקעס אַרויס אַ צעהיצטער, אַ צעוואַרעמ־

טער, מיט אַ רויט פּנים, ווי פֿון אַ וואַרעמער באָד אַרויס. וואָרעם הייס איז געווען אין שטיבל נישט אויסצוהאַלטן, און אַרויפֿגעלייגט האָבן זיי אויף דעם יידן אַלע קישנס און דעקעס, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין דער משפּחה. דערגרייכט האָט דער טורעם קישנס ביזן באַלקן אַריין. פֿאַרזאַמלט זיינען געווען אַרום דעם בעט פֿון דעם אַלטן פֿישער־ייד אַלע זיינע זין און איידעמס, אייניקלעך און אור־אייניקלעך; ערשט געקומען אַהיים פֿון וועג, נאָך אין די קליידער, טיי געטרונקען מיט צעפּלאַמטע פּנימער און אויסגעהערט דעם פֿאָטערס קרעכצן.

— אוי, שלעכט, ר׳ שלמה, — ברומט דער ייד פֿון בעט אַרויס, דערזעענדיק אַריינקומען ר׳ שלמהן, פֿאַר וועלכן אַלע האָבן זיך אויפֿגעהויבן. מיט איין שאַר האָט דער אַלטער אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם טורעם קישנס און דעקעס און אויפֿגעזעצט זיך אויפֿן בעט. — כּשוף מיר אָנגעטאָן. די גויע וואָס דער גנב האָט איר די קראַנקע קו איינגעהאַנדלט. כּשוף געטאָן, ר׳ שלמה, איך האָב עס אַליין געזען, דורכגייענדיק דעם דאָרף. זי האָט דאָך געוויזן מיין קאָפּ אין שפּיגעלע יאָסלען דעם דאָרפֿס־גייער, ער האָט דאָך דערציילט אין דער חברה.

אַלט איז געווען ברוך לענסקער, פֿון די אַמאָליקע פֿישערס. קיינער, אַפֿילו נישט ער אַליין, האָט נישט געוואוסט, ווי אַלט דער ייד איז. אַז מען האָט אים געפֿרעגט: „ווי אַלט?“, האָט ער געענטפֿערט: „צייל דיינע ציין“. אַזוי האָט ער געלעבט אָן רעכענונג ווייט אין די יאָרן אַריין. געזען האָט ער אַ שטיק וועלט, נאָכפּאָלעאָנען נאָך, ווען ער איז מיט זיין מיליטער אין גרויס־פּוילן געווען. צוגעשטעלט בשתיקה האָט דער ייד די פּאָליאַקן אָקסן אין די וועלדער אַריין, ווען זיי האָבן די „פּאָווסטאַניע“ געמאַכט, — און נישט איין מאָל שוין געשטאַנען „אונטערן מעסער“. קיינמאָל נישט קראַנק געווען, קינדער געהאַט יעדן יאָר, ביז טיף אין דער עלטער אַריין, און אויפֿגעשטעלט אַ דור מיט פֿישערס און קצבים, וואָס באַזאָרגן אַ האַלבע מדינה מיט פֿיש און פֿלייש אויף שבת. יעדער שיינער פֿישער, יעדער אַלטער קצב איז זיין „מחותּן“, און פֿאַר זיינס אַ פּאַטש ציטערט נאָך היינט אַ גאָמבינער יונג.

— וואָס איז אייך דען ? — פֿרעגט ר׳ שלמה — געווען דער פֿעלדשער?

— וואָס פֿעלדשער, אַז זי האָט כּשוף געטאָן, די גויע. כ׳גיי דורך איר הויז, האָט זי מיר אונטערגעוואָרפֿן אַ פֿערדישע פּאָדקאָווע, אַז איך זאָל אויפֿהייבן. דאָס האַרץ האָט מיר באַלד אָנגעזאָגט נישט קיין גוטס, נאָר גיי הויב נישט אויף קיין פּאָדקאָווע. אויפֿגעהויבן די פּאָדקאָווע, און איך הער הינטער מיר אַ בייז געלעכטער. איך קוק זיך אוים, די גויע שטייט אויף דער שוועל פֿון דער טיר. „מיין שוואַרץ יאָר אויף דיין קאָפּ“. איך האָב

באַלד געפּילט, אַז עס איז נישט גוט. אַזוי ווי איך בין נאָר אַהיימגעקומען, האָט מיר אָנגעהויבן צו פלאַמען די לינקע זייט און זי פלאַמט און פלאַמט, ווי אַ פייער וואָלט געברענט. זיי שמירן מיך מיט זאַלבן, וואָס מען שמירט פערד. שמיר היינט, שמיר מאָרגן, אַז יאָסעלע דאַרפס־גייער האָט מיין פּנים אין שפּיגעלע געזען. נאַ, קוק אַריין, — זאָגט זי, — און טראָגט אים אונטער אַ שפּיגעלע. מיין פּנים האָט ער דאָך געזען און נישט נאָר מיך אַליין האָט זי אים געוויזן, נאָר אַלע יידן און „וואָש ראַבין, אי טען באָגאַטי קופּיעץ״, זאָגט זי. וואָס ווען דיר דאָ העלפן שמירן, אַז אַ כשוף שטעקט דיר אין דער זייט ?

דער ייד האָט אָפּגעקרעכצט, אויסגעטרונקען די טיי און אונטער־געשטעקט צום שמירן די זייט, וועלכע איז שוין געווען קאַלירט פאַרשיידן־פאַרביק פון אַלערליי שמירערייען, וואָס זיינען אויף איר אויסגעגאָסן גע־וואָרן. דאָס ווייב איז געזעסן אויפן ראַנד פון בעט, די קינדער אַרום, און קיינס האָט נישט דערוועגט זיך קיין וואָרט אויסצורעדן פאַר ר׳ שלמהן. דער עלטסטער זון, לייזערל, אַ שטאַרקער קצב, איז צוגעגאַנגען און אַרויפ־געגאָסן זיך אויף די הענט עפּעס אַ זאַלב, וואָס מען שמירט דערמיט פערד און וואָס די גאַנצע שטוב איז געוואָרן פאַרכאַפּט פון דעם ריח, און האָט אָנגעהויבן דעם פאָטערס זייט אַזוי צו רייבן מיט זיינע אייזערנע הענט, אַז דער אַלטער האָט געקרעכצט אונטער זיי, און אויך הנאה געהאַט דערפון: „אַ, אַ!״ דערנאָך, אַז זיי האָבן אים אין בעט אַריינגעלייגט, אַ האַלבן עמער געקאָכט וואַסער אָנגעגאָסן אין פלאַשן און אַרום אים געלייגט, האָבן זיי אים ווידער צוגעדעקט מיט די אַלע קישנס און דעקעס. דער אַלטער האָט געשוויצט ווי אין אַ באָד. מיד איז ער געווען פון דעם רייבן, איז ער באַלד איינגעשלאָפן, אַרויסגעשטעלט זיין צעקאָכט פּנים פון דעם ווייסן בעטגע־וואַנט און פאַרנומען דאָס שטיבל מיט זיין מוראדיקן שנאָרכן.

דערווייל האָבן די מיידן צוגערוימט אַ שטיבל פאַר ר׳ שלמהן. די זין מיט די איידעמס זיינען אַהיים צו די ווייבער אויף נאַכט־עסן געגאַנגען און צום טייך אַראָפּ, אויף אַ גאַנצע נאַכט די פיש כאַפּן (עס איז געווען דאָ־נערשטיק אויף דער נאַכט, ווען מען כאַפּט די פיש אויף שבת). אין קיך האָט שוין געקנאַקט איבערן פייער אַ פריש יויכל פאַר ר׳ שלמהן. און ר׳ שלמה האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל ביים שויבן־שענקל, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעשמעקט די פרישע עפּל, מעריב דאַווענען.

לאַנג איז געשטאַנען ר׳ שלמה ביי דער שמונה־עשרה און געבעטן צום רבונו־של־עולם מיט אַ צעבראָכן האַרץ, אָבער נישט די תפילה פון סידור האָט ער געבעטן, נאָר אַנדער תפילה: „רבונו־של־עולם, שטיי מיר ביי, לאָז מיך נישט אַריינפאַלן אין שטנס האַנט, רבונו־של־עולם!״ וואָרום אַ

גרויסער נסיון איז אים פֿאַרגעקומען בייצושטיין, — רחלע, ברוך לענסקערס יינגערע טאָכטער.

שוין לאַנג, ווי ער פֿילט, דער יצא הרע שטופּט אים צו איר... נאָך דענסמאָל בשעת נעכע האָט נאָך געלעבט. אָבער זינט ער האָט חתונה געהאַט מיט דער יונגער ווייבל, האָט ער ביי זיך דעם יצר־הרע אָראָפּגע־וואָרפֿן. און אַ פּאָר מאָל איז ער אים שוין בייגעשטאַנען... נאָר היינט, איצט, און ביי רחלען... גאָר צופֿיל געוואוינט איז ער געווען צו איר, דערפֿאַר בעט ער איצט מיט אַ צעבראָכן האַרץ און שטייט לענגער שמונה־עשרה.

און אַזוי ווי ער שטייט איצט, און דאָס האַרץ און די מחשבה זיינען זיך מתכוון צום רבונו־של־עולם, הערט ער אירע טריט. מיט גרויס פֿאַראַד גרייט זי צום טיש פֿאַרן סוחר, און ער הערט איר פֿרייד אויף זיין קומען אַרויס פֿון איר גאַנג, ער הערט עס אין די באַוועגונגען אירע, אין די טריט אירע, אין דעם קלאַנג פֿון די טעלער, וואָס זיי גרייט צום טיש, — און עס נעמט אים אַרום אַ ווייך געפֿיל צו איר... אַ רחמנות און אַ צערטלעכ־קייט... מען טאָר נישט פֿאַרשעמען קיין געפֿיל, טראַכט ער זיך, — זי איז דאָך אויך אַ באַשעפֿעניש! און ער הייבט אָן מורא צו קריגן פֿאַר זיך... און האָט פֿאַרדרוס, פֿאַרוואָס ער איז אַהער פֿאַרפֿאָרן, פֿאַרוואָס ער האָט זיך איינגעשטעלט. אָבער באַלד געפֿינט ער דעם בטחון אין רבונו־של־עולם. דער רבונו־של־עולם וועט אים נישט פֿאַרלאָזן, וואָרום וואָס וואָלט דען פֿון דעם מענטש געוואָרן, ווען נישט דער רבונו־של־עולם? ער פֿירט דאָך אַלע אונדזערע מעשים.

אַז ער האָט צוריק געפֿונען זיין בטחון, איז ער רואיקער געוואָרן. אויס־געגאַנגען שמונה־עשרה, האָט ער זיך אומגעקוקט אין שטיבל. דער יצר־הרע האָט שוין אַלץ אָנגעגרייט פֿאַר אים... דער אַלטער איז פֿעסט געש־לאָפֿן, אויפֿן טיש איז געווען אויסגעשפּרייט אַ ריינער טישטוך, געווען גע־גרייט צום טיש באַלעבאַטיש... די שטוב אויסגעקערט, מיט זאַמד אויס־געשאָטן, דער לאָמפּ ברענט פֿריילעך, און פֿון דער צווייטער שטוב, פֿון דער קיך, הערט זיך ווי זי וואַשט זיך... רחלע וואַשט זיך! דאָס קאַלטע וואַסער גיסט זיך איבער איר נאַקעט לייב, איבער אירע נאַקעטע הענט און האַלדז...

ר׳ שלמה האָט געפּרוּווט קלערן וועגן לוצק, וועגן די צוויי טויזנט זעקלעך ווייץ, וואָס עס שטייט אים פֿאָר מאָרגן צו קויפֿן, וועגן דעם, וואָס לייבוש קראַשנעוויצער האָט אים נישט אויסגעקויפֿט די שעפּסן, און וועגן דעם משפּט, וואָס שטייט פֿאָר איבער די צוויי גנבים, וואָס יידן און גויים האָבן בשותּפֿות געשלאָגן אויפֿן יאַר־מאַרק. אָבער פֿון דעם אַלעם שווימט

אים אויפֿן געדאַנק אַרויס דוד המלך מיט בת־שבע... זי האָט זיך געוואַשן אויפֿן דאַך און דער קעניג האָט זי געזען...

און ווידער טראַכט ער: „שלעכט געטאָן, דאָ פֿאַרפֿאָרן. מיטן יצר הרע טאָר מען זיך נישט שפּילן“.

נאָר באַלד איז זי, רחלע, אַריין אויף דער שוועל פֿון דער טיר. ער האָט געקוקט אויף איר... געווען איז זי איצט אָנגעטאָן אין אַ ריין געוואַשן, ווייס קאָפּטל, און די שענסטע שירץ פֿון קאַסטן אַרויסגענומען. און די שוואַרצע געדיכטע האָר, ווי אַ ים וואַסער, באַלייגן איר קאָפּ, און גרויסע אויגן האָט זי, אַ שטאַרקן, ווייסן האַלדז, וואָס קוקט אַרויס פֿון אויסגעשניטענעם קאָפּטל, און רויטע ליפּן, און שטאַרקע, ווייסע ציין, און אַז זי לאַכט, לאַכט אַלץ מיט איר. זי שטייט און קוקט אים אין די אויגן אַריין און אַ גרויסע פֿרייד לייכט פֿון איר פּנים אַרויס, אַז זי באַדינט דעם סוחר. זי וויל אים זיין וואונטש פֿון די ליפּן אַראָפּשאַרן... יאָ, ער האָט מורא פֿאַר איר, ער ווייסט, אַז זיין האַרץ איז שטענדיק געווען געניגט צו איר, און נאָך דער ווייבס טויט, ווען ער האָט געקלערט וועגן אַ שידוך, האָט ער געקלערט וועגן איר — פֿון דער עבירה מאַכן אַ מצווה... פֿון אַ שטאַרקער משפּחה קומט זי אַרויס: צען ברידער ווי די ריזן. אַ שטאַרקער דור וואָלט אַרויס געקומען פֿון איר. נאָר ער האָט עס נישט געוואָלט טאָן פֿאַר די קינדער. די קינדער וועלן זיך שעמען. און צוליב נעכען, עליה־השלום, און צוליב דער וועלט, האָט ער גענומען אַ בת נדיבים.

אין שטיבל איז קיינער נישט געווען. רחלע איז געבליבן מיט ר׳ שלמהן אַליין. אַ מינוט האָט זי געוואַרט. צום סוף זאָגט זי:

— ר׳ שלמה איז שוין לאַנג נישט געווען ביי אונדז. מיר האָבן אַזוי געוואַרט! — דערביי איז זי רויט געוואָרן און אין אַ פֿאַרלעגנהייט שטיין געבליבן אין אַ ווינקל.

רב שלמה ענטפֿערט נישט.

— ר׳ שלמה איז אוודאי הונגעריק; דאָס עסן וועט באַלט פֿאַרטיק זיין.

און זי קוקט אים מיט שרעק אין די אויגן אַריין, — מסתמא איז דער סוחר בייז. זי באַטראַכט אים, נאָר אַז זי זעט, אַז ר׳ שלמה ענטפֿערט נישט, שווייגט זי און וואַרט אַ מינוט אין שטוב. איר האַרץ קלאַפּט אין דער הויך אַזוי, אַז ר׳ שלמה הערט עס, הערט, ווי זי וואַרט און קוקט אויף אים מיט געטריישאַפֿט, ווי אַ הונט, אין פּנים אַריין, און וואַרט אויף עפּעס. כאָטש אויף אַ גוט וואָרט, און ער קאָן עס נישט איבערטראָגן, — רופֿט ער זיך אָן צו איר מיט אַ שמייכל אין באָרד אַריין:

— און וואָס מאַכט עטץ? נישט אויסגעקומען, רחלע, דאָ צו זיין. אפשר איצט אָפּטער. וואָס, אפשר שוין אַ כלה געוואָרן?

די מויד ווערט רויט פון פרייד, ענטפערט מיט האַלב־פאַרשטענדלע־כע ווערטער און ברעכט אָפּ אין מיטן. נאָר זי קוקט, קוקט אויף ר׳ שלמהן מיט פרייד און דאַנקבאַרקייט פאַר זיינע וואַרעמע רייד, וואָס ער האָט גע־רעדט צו איר, און וויל שוין מער גאָרנישט. זי גייט גליקלעך פון שטיבל אַרויס און הייבט אָן דערלאַנגען אויפן טיש. ביים וואַשן זיך האָט זיך ר׳ שלמה אומגליקלעך געפילט. אָט האָט ער שוין געגעבן די האַנט דעם יצר־הרע, נאָר אינעווייניק האָט ער זיך נישט געפילט שולדיק און זיך גע־פילט געגנוג שטאַרק. און ווייטער האָט ער זיך פאַרלאָזט אויפן רבונו־של־עולם, אַז דער רבונו־של־עולם וועט אים נישט לאָזן קומען צו קיין עבירה.

רחלע האָט דערלאַנגט דאָס עסן פאַר ר׳ שלמהן און האָט קיין איינציק וואָרט נישט גערעדט. דאָס פנים האָט איר נאָך געפלאַמט, ווי פייער, און דאָס האַרץ האָט הויך געקלאַפט פון אונטער דעם לייכטן, ווייסן קאַפטל. די האָר האָבן זיך איר נישט געהאַלטן און אַרויסגעפלאָכטן זיך פון די צעפּ. אַז זי האָט דערלאַנגט דעם טעלער צום טיש, האָבן איר די הענט געציטערט. ר׳ שלמה האָט דאָס אַלץ באַמערקט, און איר אומרואיקייט האָט אים הנאה געטאָן.

ער האָט איצט פאַרגעסן פון אַלץ און הנאה געהאַט פון עסן און פון דעם וואָס זי שטייט הינטער אים, ביי דער טיר, שטייט און קוקט ווי ער עסט, וואַרט, ווי אַ געטרייער הונט, און הערט איר האַרץ קלאַפּן פון דערוואַרטונג.

לאַנג און הויך האָט ער געצויגן דאָס בענטשן און פרום און ערנסט געבענטשט. און זי איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף איין אָרט ביי דער טיר און האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון אים. באַטראַכט אים, באַטראַכט און געוואַרט, און דאָס האַרץ האָט איר געקלאַפּט ווי מיט האַמערס.

אין שטיבל איז קיינער ניט געווען. די מוטער איז שוין געשלאָפן, און די שוועסטער איז אַוועק צו דער שוועגערין, עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס שנאָרכן פון ברוך לענסקער. רב שלמה האָט נאָכן בענטשן אַרויסגע־געבומען זיין רעכן־ביכל און דערינען אַריינגעקוקט. די מויד האָט אַלץ גע־וואַרט, געשטאַנען אויף איין אָרט און נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון אים. אַז ער האָט זיין רעכן־ביכל צוגעמאַכט, האָט די מויד געפרעגט פאַרשעמט מיט אַראָפּגעהאַלטענע אויגן צו דער ערד:

— וואו וועט רב שלמה שלאָפן? ווי שטענדיק?

רב שלמה האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און ווייטער געווען פאַר־נומען מיט זיינע זאַכן. די מויד איז פלינק אַריין אין קאַמער, אין דער צווייטער שטוב. רב שלמה איז איצט אומרואיק געוואָרן. דאָס האַרץ האָט

אים געקלאַפּט, און זיינע נאַזלעכער האָבן געציטערט. ער האָט אַנגעהויבן שפּרייזן איבער דער שטוב מיט פלינקע טריט. ער האָט געוואָלט אַרויס פון שטוב, און האָט נישט געקאָנט. ער איז אַריין אין קאַמער. רחלע איז געשטאַנען ביי דעם בעט, וואו ער האָט געזאָלט שלאָפן, און אויסגעשפּרייט אַ פריש ליילעך. אַז זי האָט אים דערזען שטייענדיק פאַר איר, האָט זי אויפגעעפנט די אויגן מיט די ליפּן און געקוקט אים אין פּנים אַריין. אירע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געוואָרפן, און אירע ציין האָבן זיך אַרויסגעביסן אויף אירע ליפּן, און זי האָט געקוקט אויף אים, האַלב אין חלשות, און געוואַרט, און געוואַרט ווי אַ געטרייער הונט... און דאָס האַרץ האָט איר הויך געקלאַפּט.

— דו דאַרפסט אַ כלה ווערן, רחלע, — האָט איר רב שלמה געזאָגט, אַ בלייכער, — נאַ, באַהאַלט דיר דאָס, וועסטו האָבן צו שטייער אויף נדן. דו דאַרפסט אַ כלה ווערן, רחלע!

דאָס מיידל האָט געלאָזט פאַלן דעם הונדערטער אויף דער ערד און האָט אים געקוקט מיט צער אין פּנים אַריין, און פון אירע אויגן האָבן אַרויסגעשפּריצט די טרערן אַזוי גרויס און פול, ווי די פּערל.

דאָס האָט אים גערירט, און ער האָט זיך פאַרוואָרפן געמאַכט פאַר דער שטאַלצקייט. „האָסט צוגעווינט דאָס מיידל צו דיר" — האָט ער זיך געזאָגט, און ער איז שוין גרייט געווען אַ טריט נעענטער צו טאָן צו איר און אויסגעשטרעקט די האַנט נאָך איר, ווי דאָס מיידל מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט זיך אין זיין האַנט ווי אַ קרבן איבערגעגעבן... נאָר באַלד האָט ער געקלערט: יעדע יידישע טאָכטער איז ווי אַ מלכּהס אַ טאָכטער, און זי וועט אַ מאָל וועמעס ווייב זיין. דאָס האָט אים צוריקגעשטעלט. ער האָט צו איר געזאָגט מיט אַ ווייכער, וואַרעמער שטימע:

— ניין, רחלע, דו דאַרפסט אַ כלה ווערן, רחלע, און גאָט זאָל דיר געבן, דו זאָלסט דיין באַשערטן געפינען, — און ער איז פלינק פון שטוב אַרויס.

---

די נאַכט איז געווען אַ טונקעלע און אַ וואַרעמע, כּמעט שוין אַן אלול־נאַכט. אַלע פּרוכטן און געוויקסן זיינען שוין רייף געווען, און ביי נאַכט האָבן זיי די מיילער געעפנט און אַרויסגעהויכט פון זיך דעם פעטן פּרוכטן־געשמאַק. פעט איז די ערד אַרום די לענסקער טייכן, רייך מיט סעדער, און די עפּל און די באַרן, אַז זיי ווערן רייף, צעשיקן זיי זייער ריח און פילן אָן די לופט. ליכטלעך האָבן זיך געלויכטן פון די גערטנער אַרויס, וואו יידן זיינען געזעסן אין די סעדער צווישן גרינס. ליכטלעך האָבן געבלאַנדזשעט איבער די טונקעלע טייכן פון די פישער, וועלכע האָבן פאַרשפּרייט די נעצן — די פיש צו כאַפּן איבער נאַכט. אַלץ האָט זיך געטובלט אין גע־

דיכטן, פעטן טונקעלן גראז, וואס איז פול געווען מיט נאכט־טוי. רב שלמה איז ווייט געגאנגען אין דער נאכט ביז ער איז אנגעקומען צו די ברעגעס פון טייך. דארט זיינען געזעסן די יידן די פישערס, וועלכע האבן אפגע־ווארט די נעץ מיט די פיש, וואס די יונגע פישערס וועלן צופירן אויף די שיפלעך צום ברעג, דערווייל געשמועסט אין וואסער אריין, דערציילט מעשׂיות פון שדים, פון ל״ו־ניקעס, און זייער שמועס איז, ווי בליי, אריינ־געפאלן און פארטרונקען געווארן אין דעם שווארצן טייך. אז זיי האבן דערזען רב שלמהן (זיי האבן געוואוסט, אז רב שלמה נעבכטיקט אין דארף), האבן זיי זיך אויפגעשטעלט, אפגערוקט זיך און געמאכט אים אן ארט צווישן זיך.

— איר שלאפט נישט, רב שלמה?

— נאך פרי. וועגן וואס רעדט איר, יידן?

— אט זיצן מיר און דערציילן זיך מעשׂיות פון אלטן גאסטינינער רבין, — זאגט לייזער פישער, וועלכער האט זיך געהאלטן פאר א למדן, ווארים ער, איז געווען דער בעל־תפילה אין דער פישער־חברה — מיר ווילן דאס פארן אויף שבת־תשובה פארן משפט. רב שלמה ווייס דאך, אז דער גוי איז געשטארבן.

— וועלכער גוי? דער גנב פון יארמארק?

— יא, דעם גוי האבן זיי געהרגעט. איצט ווארפן זיי אלץ ארויף אויף די יידן, אז מיר האבן געהרגעט דעם גוי. און דער גאנצער פראצעס פאלט אויף אונדז. זיי האבן זיך גענומען א „שרייבער״, ער זאל פירן דעם פראצעס.

— אונדזער פראצעס וועט פירן דער רבונו־של־עולם! — האט זיך אפגערופן אן אלטער ייד, וואס זיין ווייסע בארד האט געלויכטן אין דער טונקעלער נאכט אריין, — מיר וועלן פארן קיין גאסטינין, דער רבי זאל פאר אונדז מתפלל זיין.

— זיי פארן אויפן „אטפוסט״ צו זייער הייליקן. אז איר פארט זיך צו אייער גאט, פארן מיר צו אונדזערן, און מיר וועלן זען, וועלכער איז שטאר־קער, — רופט זיך אפ א יונגער פישער, א גראבער יונג.

— ווען פארט איר? — פרעגט רב שלמה.

— אויף שבת־תשובה. דער משפט וועט זיין א טאג פאר ערב יום־כפור, ווילן מיר שבת־תשובה ביים רבין זיין. קראשנעוויץ פארט, זשאכלין פארט, — אלע פון די מקומות פארן, וואס זיי האבן „אויפגעשריבן״, אז דער רבי זאל מיט אונדז תהילים זאגן. רב שלמה וועט דאך אויך זיין?

— אז אלע יידן פארן, וועל איך אויך אויף שבת זיין.

— מען מעג פארן צו אים, רב שלמה. אוי, מעג מען, — דערציילט ווידער דער אלטער פישער, דער בעל־תפילה — איך האב נאך זיין פאטער,

דעם אַלטן גאָסטינינער, געקענט. איז דאָס געווען אַ ייד, ווען ער האָט אונדז דעם לענסקער טייך אָפּגערייניקט! איר געדענקט נישט, פֿישערס, ווען דער טייך איז געשטאַנען אַ טמא, די פֿיש זיינען איבער די ברעגעס געשוואומען, און קיינער האָט זיך צו זיי נישט צוגערירט. דער טייך איז געווען פֿאַרשאָלטן. שנעקעס זייט איר נאָך דעמאָלט געווען. מיר, אַלטע פֿישערס, געדענקען עס, ווען עס האָט פֿון טייך געסטראַשעט מיט ניט־גוטע. אָך, ווען ניט דער אַלטער גאָסטינינער, זכרונו לברכה, וואָלט איר נישט היינט אויף די זאַמדן פֿיש געכאַפּט.

— דערציילט, רב לייזער, דערציילט. רב שלמה וויל אויך הערן, — ווערן יידן בייגיריק.

דער ייד רוקט זיך נענטער צו צו רב שלמהן און הויבט אָן דערציילן, און זיינע ווערטער ווערן פֿאַרשוואונדן אין דער שוואַרצער נאַכט אַריין.

— פֿאַרצייטנס, רב שלמה, ווען עס איז נאָך נישט געווען דער נייער גאָסטינינער וועג, איז מען געפֿאָרן צום טייך מיטן אַלטן פּוילישן וועג. ברוך לענסקער האָט דעמאָלט געוואוינט אויף יענער זייט טייך. איך האָב גענומען דעם טייך, בעצאָלט דעם שׂררה דריי הונדערט גילדן, און דאָ הויבט מען אָן צו רעדן, אַז פֿישערס ווילן נישט די נעץ פֿאַרוואַרפֿן אין וואַסער, — עס סטראַשעט מיט שדים. יידן־סוחרים, שניידערס, שוסטערס פֿאָרן אויף די יאַרמערק, קומען אַהיים, דערציילן מיאוסע זאַכן. איינער האָט געזען פֿון טייך ווייסע גענדז אַרויסגיין, זיינען זיי נאָכגעפֿאָרן די גענדז, געוואָלט זיי כאַפּן. מיט אַ מאָל ווערן די גענדז ניט, און די פֿור ליגט אין אַ בלאָטע, נישט אַרויסצוקריכן. אַנדערע דערציילן, אַז זיי האָבן ביי־נאַכט געזען פֿרויען זיך באָדן אין טייך, געפּאַטשט אין וואַסער און הויך געלאַכט. עס דערציילט איינער, אַ צווייטער, און מען הויבט אָן צו וויכן דעם וועג ביים טייך. עס רוקט זיך אָן מיין טערמין, איך גיי צו אַ פֿישער אַ גוי: „פֿאַרוואַרף מיר די נעץ אין טייך", — „פֿאַר קיין מיליאָן אויך נישט. מיין לעבן און מיין אמונה איז מיר טייערער". גיי איך צו אַן אַנדער פֿישער: „פֿאַרוואַרף מיר די נעץ אין טייך", — „מיין לעבן און מיין אמונה איז מיר טייערער". ניט גוט, טראַכט איך מיר. לויף איך צו אַנטאָנען. אַ גוי געווען דעמאָלט אַ וואָיאַק, באַקאַנט געווען אין די מקומות פֿאַר אַ לעבן־איינשטעלער: „גיי, פֿאַרוואַרף מיר די נעץ אין טייך". — „אַז דו וועסט מיטגיין, אין צווייען גיי איך, איינער נישט". קלער אַהין, קלער אַהער, דריי הונדערט גילדן איז דאָך עפּעס געלט, און אַ ווייב מיט קינדער זיינען נישט קיין שטיינער אויף דער גאַס. גוט, זאָג איך. איך שטעל איין דאָס לעבן. מיר נעמען אַ פֿור, פֿאַרפֿאָרן צו ברוכן. זאָגט ער צו מיר: „לייזער, לאָז־אָפּ, זעסט, די פֿענצטער, וואָס גייען אַרויס פֿון מיין שטיבל צום טייך, האָב איך פֿאַרהאַקט — איך

וויל ניט זען, וואָס דאָרט טוט זיך ביי נאַכט. אַ גאַנצע נאַכט האַלט איך דעם סידור אויפֿגעמישט ביי „שמע ישׂראל״, און טאָפּלטע מזוזות אָנגעשלאָגן״. איך קוק אויף גאָר נישט: „קום״, זאָג איך צום גוי. מיר וואַרטן ביז עס ווערט טונקל. זומער, עס ווערט שפּעט פֿינצטער. לאָזן מיר זיך מיטן שיפֿל, פֿאַרוואַרפֿן די נעץ. צוערשט גאָרנישט, עס פֿאַלט די נאַכט ביסלעכווייז, ביז עס ווערט גאַנץ טונקל. פּלוצים זאָגט צו מיר דער גוי: „לייזער, גיב נאָר אַ קוק!״ איך גיב אַ קוק. איר זעט דאָרט אין טייך, וואו דאָס שיפֿל פֿאַרפֿאָרט איצט, דאָרט פֿון יענעם עק ביי די קשאַקעס, גיט זיך אַ טיוך אַ פֿרוי, אָבער אַ פֿרוי, ווי אַ פּריצהטע, מיט נאַסע האָר, גיט זיך אַ קוק אַרום איבערן וואַסער מיט אַ פּאָר גרינע אויגן, ווי אַ לעמפּל וואָלט דיר אַדורכגעלאָפֿן איבערן וואַסער און אַ ברום כאַאַ־כאַ־כאַ — און טיוך אונטערן וואַסער. אין אַ מינוט אַרום אַ גאַנצע סטאַדע דאַמען, אַ צוואַנציק שטיק, אַלע האָבן זיי אויסגעזען גלייך, אַלע מיט גרינע אויגן און לאַנגע נאַסע האָר. אַ זעץ־אויף אין וואַסער ביזן האַלבן לייב — כאַ־כאַ־כאַ! איך גיב אַ געשריי: „שמע ישׂראל״. דער גוי, להבדיל: „אוי, יעזוס״. דו זעסט שוין ניט, נאָר דו פֿילסט פֿון וואַסער אַזאַ ברומען, אַזאַ ביטער געוויין, אַז דאָס האַרץ ווערט צעשניטן... קוים מיט צרות זיך צום ברעג צוגעשיפֿט. דאָס לעבן איז טייערער פֿון אַלץ.

די נאַכט איז געלעגן שוואַרץ־טיף פֿאַרזונקען אין די גרעזער, טיף פֿאַרזונקען אין וואַסער. פֿון דערווייטנס האָט זיך געהערט, ווי די פֿישערס קלאַפּן לייכט מיט זייערע רודערס איבער דעם אויבערפֿלאַך פֿון וואַסער, און יעדע מינוט גיט עס אין וואַסער אַ צוק, פֿאַלט אַ שטערן איבער דער טונקעלער נאַכט אין וואַסער אַריין, און עס דאַכט זיך, אַז אָט באַלד וועלן אַרויסטויכן פֿון טייך די וואַסער־פֿרויען, וואָס לייזער פֿישער האָט דערציילט וועגן זיי.

— און וואָס איז געוואָרן דער סוף? — פֿרעגן די יונגע פֿישערס מיט אומגעדולד.

— דערווייל ווערן פֿיש טייערער אין די אַרומיקע מקומות. אַ קלייניקייט, לענסק גיט קיין פֿיש ניט! די פֿיש שווימען דיר איבער דעם ברעג — נו,, גיי כאַפּ זיי! ווען אַפֿילו דו זאָלסט זיי כאַפּן, ווילן אויך די ווייבער קיין לענסקער פֿיש ניט קויפֿן. איך לויף צום שׂררה: „געוואַלד, פּאַני לעבן! אַן אָרימאַן אַ ייד, דריי הונדערט גילדן!״ דער שׂררה, אַ רשע, זאָגט: „וואָס זאָל איך דיר טאָן? פֿאָר צו דיין רבין, זאָל ער דיר העלפֿן״. איך גיב מיר אַ טראַכט: אין אַ גוטער שעה, אפֿשר האָסטו רעכט. וואו איז טאַקע געווען מיין שׂכל ביז איצט? — איך פֿאָר קיין גאָסטינין, רייס מיך אַריין צום רבין, — אַ פּראָסטער איז ער דאָך געווען און אַ צוגעלאָזענער; ווער עס האָט געוואָלט,

קומט אַריין און זאָגט: „רבי, אַזוי און אַזוי!" און איך וויל שוין גאָרנישט פֿאַר מיר, אפֿשר בין איך נישט ווערט, נאָר פֿאַרן כּלל — אָרעמע־לייט, נעבעך, קענען אויף שבת קיין פֿיש נישט קויפֿן. אין די אַלע מקומות זיינען פֿיש טייער געוואָרן. דער רבי רופֿט אַריין דעם שמש, און דער שמש זאָגט אויך דאָס זעלבע: „אַ גילדן אַ פֿונט פֿיש. אַ האַלבע שטאָט שוין די דריטע וואָך אָן פֿיש. און נישט נאָר ביי אונדז". דער רבי דרייט זיך אַרויף און אַראָפּ איבער דער שטוב. מיט אַמאָל מאַכט ער צו מיר: — „האָסטו שוין דעם חודש מחדש לבנה געווען?" — „ניין" — זאָג איך. — „האָסטו דאָ דעם וואָגן?" — „יאָ", — זאָג איך. — „מיר פֿאָרן היינט אויף דער נאַכט צום טייך. נאָר געדענק, זאָלסט קיינעם נישט זאָגן דערפֿון, עס איז אַ גרויסער סוד, און וואָס דו וועסט זען, זאָלסטו שוייגן, זאָל גאָט אָפּהיטן."

„פֿאַרנאַכט האָב איך איינגעשפּאַנט מיין וואָגן. האָב געוואַרט הינטער דער שטאָט, ווי עס איז געווען אָפּגערעדט מיטן שמש. איך גיב אַ קוק, — דער רבי מיטן שמש גייען אין פּראָסטע קליידער, כּדי מען זאָל זיי נישט דערקענען. פֿלינק אַרויף אויף דער פֿור, און מיר פֿאָרן. דער טייך איז נישט וויט, אַ וויאָרסט צען. און אַ נאַכט איז דענסמאָל געווען אַ מחיה. די לבנה איז ערשט אַרויס אויפֿן הימל, זומער־לעב. גיך זיינען מיר אָנגעקומען צום לענסקער וועלדלביים טייך. דער רבי איז אַראָפּ פֿון וואָגן, אַריין אַ ביסל טיפֿער אין וואַלד, געשטעלט זיך אונטער אַ בוים און מעריב געדאַווענט. געקרעכצט, נעבעך, אוי, געקרעכצט! איך מיטן שמש — הינטער אים. נאָך מעריב זאָגט ער צו מיר: — „בלייב דו ביים וואָגן, און איך וועל מחדש זיין די לבנה".

„וואַרט איך און זע, ווי אָט הויבן זיך שוין אָן די פֿרויען צו באַווייזן. דאָס האַרץ קלאַפּט מיר. דער רבי קוקט נישט אויף זיי, נאָר נעמט אַרויס דאָס סידורל און הייבט אָן מחדש צו זיין די לבנה. איך קוק הינטער מיר, — די פֿרויען האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט אין וואַסער און הערן זיך איין, פֿאַרשווינדן נישט. פּלוצים, ווי דער רבי זאָגט אַזוי צו אונדז „שלום עליכם", און מיר ענטפֿערן אים „שלום־עליכם", גיט ער זיך אַ דריי אויס צו די פֿרויען און זאָגט צו זיי: „שלום עליכם". ווי זיי האָבן נאָר דערהערט דאָס וואָרט, איז, ווי דו וואָלסט זיי פֿון וואַסער אָפּגעווישט, אונטערגעטונקט און ניטאָ מער.

„נאָך דעם מחדש זיין די לבנה האָט דער רבי זיך געשטעלט ביים ברעג און גערעדט אין וואַסער אַריין: „איך בין גוזר אויף אייך, איר זאָלט מער דאָ נישט אַהער קומען אייערע נשמות טובל זיין; יידן דאַרפֿן פֿיש אויף שבת".

„און פֿון דענסמאָל אָן — שאַ! מען הערט נישט און מען זעט נישט, ווי מען וואָלט דאָס וואַסער מיט אַ האַנטוך אָפּגעווישט.

„דער שמש האָט אָבער דערנאָך דערציילט. עס זיינען געווען די מתים פֿון דעם דערבייאיקן בית־עולם, וואָס ליגט אויפֿן באַרג... זיינען זיי אַהער געקומען אין טייך טובל זיין זייערע נשמות, איידער זיי זיינען אין הימל אַרויף צום בית־דין של מעלה. אַ חברה זינדיקע נשמות געווען, וואָס מען האָט נישט געלאָזט אין הימל אַריין, און מיט דעם, וואָס דער רבי האָט זיי געזאָגט „שלום עליכם", האָט ער זיי אַרויפֿגעבראַכט אין הימל אַריין".

— אַזאַ ייד איז געווען דער אַלטער גאָסטיניגער, — ווענדט זיך דער אַלטער פֿישער צו די יונגע. — דאָס, וואָס איר כאַפּט איצט פֿיש אין טייך, האָט אַלץ דער רבי געמאַכט, אַז נישט וואָלט פֿון טייך אַ זומפּ געוואָרן.

דער ייד האָט געענדיקט זיין דערציילונג. עס זיינען נאָך געזעסן די געהערט זיך צום קלאַפּן פֿון די שיפֿלעך אין די כוואַליעס אויפֿן וואַסער פֿון דער־פֿישערס פֿאַרטראַכט און געקוקט טיף אין טונקעלן וואַסער אַריין און צו־וויטנס. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי פֿאַרנעמען דעם רבינס „שלום־עליכם", וואָס האָט געשוועבט איבערן וואַסער. באַלד זיינען די שיפֿלעך צוגעשוואו־מען צום ברעג און געשלעפּט אַ שווער־אָנגעפֿילטע נעץ מיט אַ גוט געווינס: די יונגען האָבן אָנגעהויבן רודערן, אויפֿגעשטעלט די טונען מיט וואַסער, אָנגעצונדן די שטורקאַצן, און ביי דעם ליכט האָבן ברוך לענסקערס זין אָנגעהויבן אַרויסצוואַרפֿן פֿון די שיפֿלעך אויפֿן ברעג גרויסע העכט, לעשטשעס, קאַרפּן, וואָס זייערע נאַסע טונקעלע שופּן האָבן געבלישטשעט אין פֿלאַם פֿון די שטורקאַצן. די יונגען האָבן די גרויסע פֿעטע פֿיש אַריינ־געלאָזט אין די גרויסע טונען וואַסער, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די פֿיש, וועלכע קומען אַרויס פֿון דער טיפֿעניש פֿון טייך, זיינען דאָס די פֿאַר־וואַנדלטע פֿרויען, וואָס זיינען אויף שטענדיק אין וואַסער פֿאַרטריבן גע־וואָרן און זיינען מגולגל געוואָרן אין די טונקעלע לעבעדיקע פֿיש...

אַז רב שלמה איז דערנאָך אַריין צום פֿישער נעכטיקן, האָט ער נאָך געטראָפֿן די מויד זיצן אין קיך און וואַרטן... איר קאָפּ האָט זי געהאַט געוואַשן, די שוואַרצע צעפּ פֿאַרפֿלאָכטן אין רויטע בענדלעך און זיי פֿאַר־בונדן אַרום דעם קאָפּ. זי האָט געהאַלטן אַ שפּיגעלע אין האַנט און זיך באַטראַכט דערינען.

אַ מינוט האָט זיך רב שלמה אָפּגעשטעלט, בלייך געוואָרן, געקוקט אויף איר. די מויד האָט אים ווידער געשיקט אירע בליקן פֿון אירע גלאַנ־צעדיקע אויגן און טיף אַריינגעדרונגען אין זיינע אויגן, ווי זי וואָלט געוואָלט דורך איר בליק איר גאַנץ בענקעניש און לוסט פֿון איר וואַרעם בלוט אויסדריקן. איר פֿולע ברוסט האָט הויך געקלאַפּט און זיך געהויבן

און געשלאָגן פֿון איר ווייסן קאָפּטל. זי איז געזעסן אויף איין אָרט און הינטיש בעטנדיק געקוקט אויף אים... דער ייד האָט געפּילט איר וואַרעמען בליק און אַ ציטער איז אים אַדורך איבערן לייב. ער איז פֿלינק אַריין אין זיין קאַמער, זיך פֿאַרמאַכט און הויך, פֿרום און מיטן גאַנצן האַרצן קריאת־שמע געלייענט.

צו מאָרגנס באַגינען, ווען רב שלמה איז געזעסן אויף זיין וואָגן, און די פּאָר שטאַרקע פֿערד האָבן אים געטראָגן איבער דעם פֿייכטן וועג, וואו אַרום און אַרום זיינען געשטאַנען די פֿאַרטיק־געוואַקסענע תּבואות אויף די פֿעלדער, די פֿרוכטן אין די סעדער, אַלץ באַהויכט און דורכגעטונקען מיט דער פֿייכטקייט פֿון מאָרגן, האָט אַ גרויסע פֿרייד און אַ גרויסער שטאָלץ אָנגעפּילט זיין האַרץ איבער דעם, וואָס דער רבונו־של־עולם איז אים ביי־געשטאַנען, און ער האָט גובר געווען זיין יצר־הרע... און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז די אַלטע פֿעלדער און סעדער וואַקסן דאָס פֿאַר אים, פֿאַר אים ווערן זיי רייף, אַז ער זאָל זייערע תּבואות קויפֿן. און מיט דעם גרויסן בטחון אין רבונו־של־עולם איז ער זיין וועג געפֿאָרן — גרויסע געשעפֿטן מיט דעם גרויסן לוצקער שׂררה צו מאַכן.

### קאַפּיטל זעקס

# די מלחמה צווישן די געטער

עס זיינען אָנגעקומען שווערע צייטן אויף יידן. דער גוי, דער „קאַני־קראַד", וואָס מען האָט אים געשלאָגן אויפֿן מאַרק, איז געשטאָרבן פֿון די קלעפּ. דער ייד, אייזיקל גנב, איז אַ געזונטער אַרויסגעקומען. האָבן די גויים געזאָגט, אַז „זייערן" האָבן די יידן לעבן געלאָזט און „אונדזערן" האָבן זיי געהרגעט. אַ לוויה האָט מען געמאַכט דעם גנב, גלייך ווי ניט „קאַני־קראַד" וואָלט געשטאָרבן, נאָר אַ הייליקער. די קירך האָט אַ גאַנצן טאָג געקלונגען און דער קלאַנג האָט אויף יידן אַ שרעק אָנגעוואָרפֿן. זיי האָבן פֿאַרפֿירט אַ פּראָצעס, אַ „שרייבער" האָבן זיי זיך פֿון דער גרויסער שטאָט געלאָזט ברענגען, אַז ער זאָל זיין זייער מליץ־יושר, און אַרויפֿגעלייגט דאָס גאַנצע פּעקל אויף יידן. געהערט האָט מען שוין, אַז מען האָט אַ פּאָר יידן, שניידער, די ריכטיקע אָנפֿירער פֿון געשלעג, אין וואַך אַריינגעזעצט, און רב שלמהן האָט מען גערופֿן אין ראָטהויז אויפֿן פֿאַרהער. געוואָלט האָט מען אים פֿאַרהאַלטן, איז אָבער געוואָרן אַ געוויין אין שטאָט, האָט מען איינגעלייגט אַ הויז אין ערבות און אים אַרויסגעלאָזט. איז די שרעק באַפֿאַלן אַלעמען פֿון קליין ביז גרויס, און מען איז געלאָפֿן קיין גאָסטינין, צום רבין.

די גאָסטינינער ערד איז געווען פֿרומע ערד. פֿון יאָרן־לאַנג איז דאָרט געשטאַנען די אַלטע גאָסטינינער שול, וועגן וועלכער מען דערציילט זיך אַן ביי יידן וואונדער־מעשׂיות, וואָס אין איר איז געשען. וויפֿיל תּפֿילות, וויפֿיל יידישע טרערן האָבן אירע אַלטע, הונדערט־יאָריקע ווענט שוין אין זיך איינגעזאַפּט! קליין איז די שול פֿון דרויסן, כּדי זי זאָל זיך נישט וואַרפֿן די גויים אין די אויגן. און זינט יידן זיינען אין גלות, מוז די יידישע שול זיין נידעריקער פֿון זייער קירך. נאָר דער נר־תּמיד, וואָס מען האָט אין איר אָנגעצונדן פֿאַר הונדערטער יאָרן, ברענט נאָך דאָרט ביז אויפֿן היינטיקן טאָג. און אַ חזקה איז עס, אַז אין שול זאָל תּמיד כאָטש איין ייד זיצן, ביי־טאָג און ביינאַכט, און זאָל דאָרט תּורה לערנען; און דער קול־התּורה, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן אין איר דעם ערשטן טאָג, וואָס מען האָט די שול

אויפֿגעעפֿנט, איז נאָך נישט פֿאַרשוויגן געוואָרן ביז צום־היינטיקן טאָג. יידן גלויבן, אַז ווען, חלילה, דער קול התורה אָדער דער נר־תּמיד זאָל אין דער שול אויף איין מינוט איבערגעריסן ווערן, גייט די וועלט, חלילה, אונטער...

וואָרום די גאַנצע וועלט באַשטייט נאָר אויף דער תּורה, וואָס ווערט געלערנט אין דער שול... מתמידים זיצן דאָרטן און לערנען יומם־ולילה. אַרום דער שול געפֿינען זיך די גרויסע ישיבות, באַקאַנט אין פּוילן. ליב האָבן די גאָסטינינער באַלעבאַטים די בית־המדרש־בחורים און באַזאָרגן זיי מיט טעג, — אַ חזקה שוין פֿון יאָרן. ציט־אָן די יוגנט פֿון די מקומות אַרום אין די גרויסע גאָסטינינער ישיבות תּורה צו לערנען. די ראשי־ישיבות און די משגיחים מיט די קאַפּלען אויף די קעפּ דרייען זיך אַרויף און אַראָפּ אין די ישיבות, און דעם קול־התּורה פֿון די ייִנגלעך און בחורים הערט מען פֿון גאָסטינין אויף וויאָרסטן ווייט. היימיש זיינען די בחורים ביי די שטאָט־באַלעבאַטים. די טאַטעס גיבן זיי עסן, און די טעכטער וואַשן פֿאַר זיי וועש... און האָט אַ ייד אין די מקומות אַ טאָכטער אויסצוגעבן, שפּאַנט ער דעם וואָגן איין און פֿאָרט קיין גאָסטינין, קומט אין דער ישיבה צום רבין אַריין: „רבי, גיט מיר אַ חתן פֿאַר מיין טאָכטער״. פֿירט דער רבי אַ בחור אַרויס פֿון דער ישיבה: „נאַ, דאָ האָסטו אַ חתן פֿאַר דיין טאָכטער״. נעמט זיך דער ייד זיין אײדים אַהיים: „דאָ האָסטו דיר דיין ברויט, דיין קלייד, דיין ווייב מיט דיין שטוב, און זיץ מיר און לערן״.

אין יעדער יידישער שטוב איז דאָ אַן אייִדים אַ לערן־קינד, וואָס זיצט אַ גאַנצן טאָג איבער די גרויסע גמרות. עס אַרבעט דער שווער, די שוויגער, די זין, די טעכטער; די ווייבער פֿאָרן אויף די יאַר־מערק און שלאָגן זיך מיט גויים, און אין דער חיים זיצט דער אייִדים און לערנט. מען קאָכט פֿאַר אים יויכלעך, און מען האָט דרך־ארץ פֿאַר אים. און פֿאָרט דער שווער אין די גרויסע שטעט אַריין, ברענגט ער מיט אין אַן עק פֿון זיין וואָגן די ספֿרים פֿון יאַר־מאַרק פֿאַר זיין אייִדים. אין יעדער יידישער שטוב איז דאָ אַ שאַנק מיט ספֿרים, ש״ס, רמב״ם, שאלות־תשובות, ראשונים און אחרונים... אַזוי ווערט די תּורה פֿאַרשפּרייט פֿון גאָסטינין איבער דער גאַנצער סביבה אַרום...

און אַזוי ווי ביי יידן, אַזוי איז, להבדיל, אויך ביי גויים. אויף דער גאָסטינינער ערד שטייט די באַרימטע דאָמבראָווער קירך, וואָס אירע הייליקע בילדער טוען וואונדער, און די גויים פֿון דער גאַנצער מאַזאָוויצער ערד זיינען עולה־רגל אַהין און שלאָגן דעם שטערן אָן איר הייליקער שוועל. פֿרום איז דער גויי פֿון דער גאָסטינינער ערד, און נישט צו איינעם ווייזן זיך הייליקע געשטאַלטן אין די נעכט פֿון מאַי־געבעט, ווען דער גוי זיצט

אויס די גאַנצע נאַכט ביי די צלמים. דערפֿאַר, אַז עס קומט אַן עת־צרה אויף יידן, אָדער אויף גויים, איילן ביידע פֿעלקער פֿון לאַנד פּוילן קיין גאָסטינין.

פֿאַרשטאַנען האָט דער ביסקופּ פֿון דער דאָמבראָווער קירך, אַז יידן וועלן פֿאָרן פּראָצעס קומען צום רבין, — האָט ער אויסגערופֿן אַן „אָטפּוסט״ צום דאָמבראָווער הייליקן בילד, וואָס איז הינטער גאָסטינין, און, אויף להכעיס, אויף דעם זעלבן שבת, וואָס יידן קומען צום רבין.

באַלעבט איז היינט, פֿרייטיק, דער וועג קיין גאָסטינין. עס פֿאָרן יידן צום רבין, די אָרעמע גייען צו פֿוס. עס גייען די גויים צום „אָטפּוסט״ אין דער קירך אַריין, וואָס דער גלח האָט אויסגערופֿן דווקא אויף דעם הייליקן שבת, כּדי צו שטערן דאָס געבעט, אַז די תּפֿילות זאָלן אויפֿן וועג צום שער־הרחמים פֿאַרבלאָנדזשען אין שטנס האַנט... נאָר מיר האָבן אַ גרויסן חיזוק, דעם גאָסטינינער רבין... „אַז איר צו אייערס, גייען מיר צו אונדזערס״. טראַכט זיך נישט איין ייד, דערזעענדיק די גויים. און נישט איין יידן פֿירט טאָקע דער שטן אַליין, דער גוי, אויף זיין אייגענער פֿור. אויפֿגענומען אויף זיין וואָגן דעם ייד, אַז ער זאָל אים שטערן אין זיין דאַווענען... און נישט איין ייד האָט אויך די נאַרישקייט געטאָן — אויפֿגענומען אויף זיין פֿור אַ גויע צו פֿירן זי אויף „אָטפּוסט״ אין דער קירך אַריין.

די שטאָט איז שוין פֿול. די גויים אין די נייע, זונטיקדיקע רעק, וואָס יידן האָבן דורך די לאַנגע ווינטער־נעכט אויפֿגענייט. אויסגעפּוצט האָבן זיך די פּויערטעס פֿאַר זייער גאָט אין דעם שענסטן און אין דעם בעסטן, וואָס זיי האָבן נאָר אין זייער קאַסטן באַהאַלטן געהאַט. עס וואַרפֿן זיך די רויט־קאָלירטע טיכער איבער די רוקנס, און עס פֿאַרבן זיך די רייך־געפֿאַרבטע בענדער, און דאָס גאַנצע שטעטל איז פֿול פֿון די קאָלירן, און וואו מען קוקט, רייסט עס אויף מיט קאַרעלן־באַפּוצטע קעפּ פֿון די פּויערטעס, מיט דער ווייסקייט פֿון פּויערישע מאַנטלען, מיט די רויטע הויזן... און דער קירכן־גלאָק קלינגט, קלינגט פֿון פֿרימאָרגן אָן, און יעדער קלאַנג גיט אַ ריס אין יידישן האַרץ...

נאָר יידן האָבן אויך נישט געשוויגן. עס לויפֿן אָן פֿורן מיט יידן איבער אַלע וועגן, שאָסייען אין שטעטל אַריין. פֿלינק געכאַפּט אַן אכסניא, מען וואַרפֿט מנינים־ווייז אין איין שטוב, און געלאָפֿן אין מקווה אַריין זיך טובל זיין און אַרויף צום רבין „שלום עליכם״ אָפּגעבן. עס זיצט דער רבי אין זיין ווייסן כּאַלאַט אין „שלום־שטיבל״, האַלט די האַנט אויסגעשטרעקט צום עולם. אַ תּפֿילה ליגט אויסגעגאָסן איבער זיינע געשלאָסענע אויגן און אָפֿענע ליפּן. ער ווייסט, דער רבי, יעדן יידנס צרות: טרויעריקע זיינען יידן און האָבן מורא. דער רבי זעט די טרויעריקייט און די אימה, וואָס

קוקט אַרויס פֿון יידישע אויגן, ווען זיי גיבן אים אָפּ „שלום־עליכם״. אַ יום־הדין שטייט פֿאַר, אַ יום־הדין פֿאַר גאָט און אַ יום־הדין פֿאַר בשר־ודם. גאָט איז אַן אל רחום וחנון, אָבער דער בשר־ודם... מיר זיינען אין גלות, אין גויאישע הענט. און דער רבי קרעכצט — טיפֿע יידישע קרעכצן אויף יידישע צרות.

נאָר קוים רוקט דער שבת צו, גייט אָוועק דער יידישער טרויער מיט די יידישע צרות. מען לאָזט די רשעים אַרויס פֿון גיהנום, און מיט דער נשמה־יתירה קומט דער בטחון און די אמונה אין דעם רבונו־של־עולם. פֿול אָנגעשטאָפּט מיט יידן איז דעם רבינס בית־המדרש, פֿאַרנומען דער הויף ביז אין דעם געסל אַריין, פֿון אינעווייניג שימערן אַרויס די ליכט, דעם רבינס ווייסער, אַטלאַסענער כאַלאַט און יואל חזנס זיסע שטים. „רב לך שבת בעמק הבכא, קומי צאי מתוך ההפֿכה״ — האָט אין גאַס אַרום געקלונגען. יידן האָבן אונטערגעכאַפּט דאָס געזאַנג און האָבן געגלויבט אין די ווערטער. און דערנאָך, אַז יואל האָט אויסגעלאָזט „כי בך יחסו עניי עמי״ — זיינען זיי שוין גאַנץ רואיק געוואָרן.

באַלד האָט דער עולם אַ וועג צווישן זיך געמאַכט. עס האָבן זיך גע־וויזן דעם רבינס הויף־מענטשן, די אַלטע רביצין מיט די שניר און טעכ־טער, די גרויסע פּערל זיינען אַראָפּגעהאַנגען פֿון זיי, ווי כשרע שבת־טראָפּנס... און אַז דער רבי האָט דעם כּוס גענומען אין האַנט אַריין און קידוש געמאַכט, איז די קדושה אַראָפּגעקומען איבער דער וועלט, האָט זיך אַלץ באַרואיקט און אַלץ האָט זיך געהייליקט, און יידן האָבן זיך ווידער דערמאָנט, ווער זיי זיינען, ווער עס איז זייער גאָט, און אַ רואיקייט איז געקומען איבער זיי אין דער גרויסער שבתדיקער הייליקייט...

---

צומאָרגנס אינדערפֿרי, פֿון באַגינען אָן, האָט זיך געהערט פֿון דער קירך אַ מוראַדיק קלינגען, אַ געזאַנג און אַ ברומען איבער דער שטאָט, וואָס האָט יידן באַאומרואיקט. עס איז געווען דאָס אַרויסגיין איבער דער שטאָט מיט זייערע פֿאָנעס און בילדער, מיט זייערע גלחים און גלחימלעך אין ווייסן אָנגעטאָן. זיי האָבן געהאַלטן די געבעט־ביכער אין דער האַנט און אַלע האָבן געזונגען און צוגעקלימפּערט מיט גלעקלעך און אַרומגע־רינגלט דריי מאָל זייער קירך. די גאַס איז פֿול געווען מיט זייער געזאַנג און געשריי, און די קולות האָבן זיך אַריינגעריסן אין רבינס בית־המדרש אַריין. מען איז פּונקט געשטאַנען שמונה־עשרה. יידן האָבן געהערט דאָס געזאַנג, — דאָס דאַווענען די גויים צו זייערן. און פּונקט, ווען מיר שטייען שמונה־עשרה, וויל דער שטן שטערן אונדזערע תּפֿילות... זיינען זיי גע־וואָרן צעשראָקן און נישט געקאָנט מכוון זיין די נויטיקע כּוונות. דאָס קירכן־

געקלאַנג האָט אַריינגעדרונגען אין שול אַריין, מבולבל געמאַכט די מוחות, און דאָס דאַוונען איז אַרויס אַ טרויעריקס, אַ צעריסנס. „דער שטן האָט, חלילה, מנצח געווען!״ — איז אַ גרויס שרעק די יידן באַפאַלן.

דערפאַר אָבער האָבן מיר געהאַט אַ דוד־המלך, און ביי דוד־המלך אויף דער וואָגט איז אַ פידעלע געהאַנגען. האָט דוד־המלך אויסגעשפילט אויף זיין פידעלע די קאַפּיטלעך תהילים, איז נישטאָ קיין איין צרה, וואָס דוד־המלך האָט נישט פריער איינגעזען, אַז עס וועט אויף זיין פאָלק קומען, און דערויף אַ קאַפּיטל תהילים פאַרפאַסט. וואָס דו ווילסט בעטן צו גאָט, וואָס נאָר דיין האַרץ באַגערט, געפינסטו שוין אין תהילים.

דערפאַר איז דער גאָסטינינער רבי אַזאַ גרויסער אָנהענגער פון דוד־המלכס תהילים. באַלד נאָכן מיטאָג, יידן האָבן זיך נאָר אויפגעהויבן פון די טישן, האָבן זיי זיך געאיילט אין רבינס בית־המדרש אַריין. זעקס גרויסע ליכט פאַרן עמוד געברענט, זעקס יאָר־צייטן געווען. דער רבי אַליין איז געשטאַנען פאַרן עמוד, און פול איז דער בית־המדרש, אָנגעשטאָפּט מיט יידן און יידישע קינדער, אַלע בית־המדרש־בחורים און תלמוד־תורה־קינדער, און אפילו די ווייבער־שול איז פול. דער רבי זאָגט תהילים פאַרן עמוד, — דער רבי אַ פסוק און דער עולם אַ פסוק. דער רבי און די עדה יידן דערציילן דעם רבונו־של־עולם, וואָס פאַראַ צרות עס שטייען פאָר. און עס דוכט זיך, אַז דער רבונו־של־עולם זיצט דאָ און הערט אויס אַלץ, וואָס יידן דערציילן.

פרעגט דער רבי: „אשא עיני אל ההרים, מאין יבוא עזרי?״ ענטפערן אים יידן אָפּ: „עזרי מעם ד׳ עושה שמים וארץ״. זאָגט דער רבי: „וגם כי אלך בגיא צלמות, לא אירא רע, כי אתה עמדי״ — ווערט אַ גרויס געוויין אין בית־המדרש, און יידן שרייען נאָך דעם רבין און זאָגן מיט: „וגם כי אלך בגיא צלמות״ — וואָרום אַ גרויסע שרעק האָט אָנגענומען יידן פאַר דעם יום־הדין, וואָס שטייט זיי פאָר.

---

נאָר ר׳ שלמה האָט אויך נישט געשוויגן און געגרייט זיך צו דער מלחמה. קודם־כל איז ער אַריבערגעפאָרן איבער די הויפן, צו די שררות, וועלכע האָבן געטייאַלט זיין די שופטים, — רחמים געבעטן, מתנות געטיילט און איינגעשטעלט זיך, דערציילט, ווי די מעשה איז געווען, און געבעטן, אַז מען זאָל רחמנות האָבן, נישט אונטערברענגען אַ וועלט מיט יידן. נאָר קיין הבטחות האָט ער פון זיי נישט געקראָגן. מען איז געווען פאַרביטערט אויף יידן. ר׳ שלמה האָט פאַר זיך נישט מורא געהאַט. ער האָט געגלויבט באמונה־שלמה, אַז דאָ קען העלפן נאָר דער רבונו־של־עולם, און אַזוי ווי דער בורא־עולם וועט וועלן, אַזוי וועט זיין. ביז איצט האָט אים

טאָקע גאָט געפֿירט אין זיין וועג, איז אים בייגעשטאַנען און אים אַרויסגענומען פֿון אַלעם שלעכטן. פֿאַרוואָס, ווייסט ער נישט. אפֿשר צוליב זכות־אבות (וואָרים אין זכות־עצמו האָט ר׳ שלמה נישט געגלויבט, ער האָט זיך געהאַלטן פֿאַר נישט זייער קיין גרויסן צדיק, און עפּעס וואָס שוועבט שוין דאָרט אויף זיין נשמה...). נאָר אפֿשר האָט זיך שוין דער זכות־אבות אויסגעלאָזט. און דערצו דאַרף אַ ייד תּמיד זיין גרייט, און דערצו איז אויך ר׳ שלמה גרייט געווען. ווי נאָר עס איז אים עפּעס געקומען אין וועג, האָט זיך אים געדאַכט, אַז ביז איצט זיינען געווען די זיבן פֿעטע יאָר, און פֿון איצט אָן הויבן זיך שוין אָן די זיבן מאָגערע יאָר... און ער איז שטענדיק געווען גרייט אָנצונעמען גאָטס רצון, נעמען דעם שטעקן אין האַנט און גיין און אָנהייבן אויפֿסניי, ווי ער האָט אָנגעהויבן ווען ער איז געווען אַ יונגערמאַן. און וואָלט נעכע געלעבט, וואָלט עס אים גאָרנישט אַזוי שרעקלעך געווען. זי איז געווען מיט אים איין דעה, זיי האָבן ביידע אָנגעהויבן פֿון אָרעמקייט, ביידע האָט דער רבונו־של־עולם אויפֿגעהויבן אין דער הייך, — וואָלט זי פֿאַרשטאַנען, אַז נישט שטענדיק מוז גאָט העלפֿן, און זיי וואָלטן ביידע צוזאַמען ווידער אינאיינעם אַראָפּגענידערט... אָבער חנהלע איז אַריינגעקומען אין רייכקייט, און אַ יונג מיידל איז עס געווען, און חתונה האָט זי געהאַט מיט אַן אַלמן מיט קינדער, און איצט פֿירט זי שוין אַזאַ הויז, און איז שוין אין די הויכע חדשים... פֿאַר איר און פֿאַר אירע קינדער האָט ער זיך געפֿילט מחויב, אַז עס מוז אים שטענדיק גוט גיין, — רייך זיין און גיטער האָבן און אַ גרויס הויז פֿירן. וואָרים אַז נישט, מיט וואָס פֿאַר אַ רעכט האָט ער דען גענומען אַ יונג מיידל, — ער, דער אַלמן, אַ פֿאָטער פֿון אַזוי פֿיל קינדער?

איצט ערשט האָט ער איינגעזען זיין פֿעלער, וואָס ער איז נאָכגעגאַנגען זיין האַרץ און גענומען אויף זיך אַזאַ התחיבות, וואָס ליגט נישט אין זיין האַנט צו באַצאָלן, נאָר אין גאָטס האַנט. און וואָס פֿאַר אַ רעכט האָט ער געהאַט אויפֿן רבונו־של־עולם „וועקסלען אויסצושטעלן?” צי איז דען גאָט מחוייב אים צו העלפֿן?

אָט־די געדאַנקען האָבן ר׳ שלמהן געדריקט גאַנצע טעג און אים נישט געלאָזט שלאָפֿן ביינאַכט. און פֿאַר וועמען דאָס האַרץ אויסצורעדן האָט ער נישט געהאַט. די קינדער? די עלטערע טאַכטער? געוואוסט האָט ער, אַז אַ טאָכטערס האַרץ הענגט שטענדיק אָן דער מוטער, וועט זי זיך נאָך פֿרייען. און וואָס פֿאַר אַ רעכט האָט ער צו רעדן אויף דער ווייבל? אין חנהלעס אויגן, זעט ער, ליגט עפּעס אַ בקשה צו אים שוין זינט אייניקע טעג. אפֿשר וואָלט גוט געווען מיט דער ווייבל אַליין איבערצורעדן? איז זי אָבער

אין די הויכע חדשים, שוין פֿאַרטאָן מיט איר אייגן גליק. און געטראַכט האָט ער· פֿון נעכען, האָט ער אויסגעמיטן מיט איר צו רעדן.

נאָר לאַנג, שוין לאַנג האָט חנהלע געוואַרט אויף דער מינוט. פֿון יענעם פֿרייטיק צו־נאַכט, ווען זי האָט אים ליב געקראַגן, האָט זי אַנגע־הערט צו אים, געזוכט אַ געלעגנהייט, אַז זי זאָל זיך אים אָוועקגעבן אינ־גאַנצן, און געפֿרייט זיך אין האַרצן אויף דער נסיון, וואָס גאָט האָט זיי צוגעשיקט, אַז זיי זאָלן אים ביידע קענען ביישטיין.

און אַמאָל אויף דער נאַכט, ווען זיי זיינען אַליין געבליבן, האָט זי ר׳ שלמה געטראָפֿן וויינענדיק. ווען זי האָט זיך אויסגעווישט אירע שיינע, שוואַרצע אויגן מיט איר געהאַפֿטן טיכל, פֿרעגט ער זי:

— וואָס וויינסטו, חנהלע? — האָט דיר ווער שלעכטס געטאָן? פֿעלט דיר עפּעס?

ענטפֿערט זי אים:

— קיינער האָט מיר קיין שלעכטס נישט געטאָן, נאָר דו, שלמה. דו מיינסט, אַז איך פֿאַרשטיי נישט, וואָס דו קלערסט, אַז איך פֿיל נישט דיין האַרץ, שלמה?

— איך קלער נישט קיין שלעכטס אויף דיר, חנהלע, — זאָגט ר׳ שלמה.

— אָ, יאָ, שלמה, דו קלערסט וועגן מיר זייער פֿיל שלעכטס. הלוואי זאָל דיר דער רבונו־של־עולם מוחל זיין מיין צער. וואָס, בין איך נישט דיין ווייב? וואָס טויגן מיר דיינע הייזער מיט דיינע פֿעלדער, ווען דיין האַרץ איז נישט מיט מיר? דאָס האָב איך געבעטן דעם רבונו־של־עולם טאָג און נאַכט, אַז ער זאָל אונדז אַ נסיון צושיקן, אַז איך זאָל גאָרנישט האָבן, גאָרנישט האָבן, נאָר דיך, שלמה.

— ווייסטו, וואָס עס שטייט אונדז פֿאָר, חנהלע?

— וואָס קאָן איך פֿאַרשטיין, ווען דיין האַרץ איז נישט מיט מיר? וואָס קאָן מיר נאָך ערגערס געשען, שלמה?

— חנהלע, איך האָב נישט אַזוי געמיינט.

— יאָ, שלמה, איך ווייס דיינע געדאַנקען. אַז מען איז אַ יידיש ווייבל, פֿילט מען די געדאַנקען פֿון מאַן. איך ווייס, אַז דו קלערסט וועגן מיר זייער נישט גוט. האָב איך דאָס פֿאַרדינט? וואָס זאָל איך טאָן, שלמה, אַז איך זאָל דיין האַרץ געווינען? דיין קינד טראָג איך שוין אונטער מיין האַרץ און דיך האָב איך נישט.

— ווייסט, חנהלע, אַז מיטן רבונו־של־עולם האָט קיינער קיין קאָנ־טראַקט נישט געמאַכט? — זאָגט ר׳ שלמה, נענטער צוגייענדיק צו איר, — און וואָס וועסטו טאָן, אַז עס וועט, הלילה, אונדז אויסקומען צו ליידן, זייער צו ליידן, אַז עס וועט אים געפֿעלן, אַז פֿון היינט אָן זאָל אָן אַנדערער

טראָגן דעם קאָפּל פֿון „שלמה נגיד"? מיר האָבן נישט געמאַכט מיט אים קיין קאָנטראַקט, און פֿאַר וואָס קומט דען גראָד אונדז דאָס רייכקייט, און נישט קיין אַנדערן?

דאָס ווייבל האָט אים נאָר געקוקט אין די אויגן אַריין:

— אַלץ זאָל ער ביי מיר אָוועקנעמען, נאָר מיט איין זאַך זאָל ער מיך נישט שטראָפֿן, — דיין האַרץ זאָל ער ביי מיר נישט אָוועקנעמען. דו ווייסט נישט דיליידן, וואָס קאָן זיין נאָך ערגער פֿון די ווערטער, וואָס דו זאָגסט מיר איצט?

— איך מוז דיר זאָגן, חנהלע, דו האָסט אָנגעהויבן רעדן מיט מיר. איך מוז דיר זאָגן. איך בין דיר מחויב. איך האָב דיך גענומען אַ מיידל, ווען איך בין שוין אַן אלמן געווען מיט קינדער. ביסט אין עשירות אַריינגעקומען, קאָנסטו מיינען, עס מוז אַזוי זיין. און דאָ ווייסט מען נישט. ווי דאָס רעדל קאָן זיך געבן אַ דריי, און נישט דאָס געלט בלויז פֿאַרלירן און אָרעמע־לייט צו זיין, נאָר נאָך ערגער. דער רבונו־של־עולם וועט וועלן אונדז שטראָפֿן מיט עינוי־הגוף, פֿאַרשיקן אין די ווייטע מקומות, מיט בזיון און בושה. מיר שטייען פֿאַר אַ משפּט פֿון בשר־ודם, אַן רחמנות. מילא, איך בין גרייט פֿאַר ליב נעמען אַלץ, וואָס ער וועט מיר שיקן. ער האָט מיר געגעבן גוטע יאָרן, ער קען מיר געבן שלעכטע יאָרן. אָבער דו ביסט נאָך אַ יונג ווייבל, דו הייבסט ערשט אָן צו לעבן. ביסט אַריינגעקומען אין אַ גרויס הויז, קאָנסטו מיינען, אַז עס קומט דיר, און נישט פֿאַר ליב נעמען גאָטס שטראָף. איך מוז עס דיר זאָגן.

— צי בין איך דען נישט דיין ווייב?— וויינט דאָס ווייבל. — פֿאַר וואָס רעדסטו צו מיר, ווי איך וואָלט, חלילה, אַ פֿרעמדע געווען? איז דען נישט דיין גורל מיין גורל? און אפֿשר איז עס שוין צוליב מיר, אפֿשר איז עס שוין מיין מזל. פֿאַרוואָס רעדסטו צו מיר אַזעלכע רייד?

— וועסטו עס אָבער פֿאַר ליב נעמען און קיין תרעומות נישט האָבן אויפֿן רבונו־של־עולם, נישט, חלילה, בפּה, נאָר אויך במחשבה ? אַפֿילו נישט טראַכטן אַזוי?

— שלמה, וואָס קאָן מיר בעסער זיין ווי צו טיילן מיט דיר דיין גורל? דאָס איז דאָך געווען מיין געבעט צום רבונו־של־עולם בייטאָג און ביינאַכט! און זאָל דער רבונו־של־עולם אונדז שטראָפֿן, מיט וואָס זיין ליבן נאָמען וועט געפֿעלן, — ווען דיין האַרץ איז נאָר מיט מיר, קאָן מיר גאָרנישט געשען, האָב איך פֿאַר גאָרנישט קיין מורא, וועל איך אַלץ פֿאַר ליב נעמען, אַפֿילו, חלילה, אין די הייזער צו גיין.

— אויב אַזוי, האָב איך טאַקע פֿון דיר שלעכט געקלערט, זיי מיר מוחל, חנהלע. איך ווייס, אַז דיין האַרץ איז מיט מיר, אַז דער רבונו־של־

עולם וועט אונדז העלפֿן. — און ר׳ שלמה האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין איין ווינקל שטוב מיטן תּהילים אין דער האַנט און האָט געזאָגט זיין קאַפּיטל תּהילים, וואָס ער זאָגט, ווען ער איז אין אַ גרויסער סכּנה. און חנהלע האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין צווייטן ווינקל שטוב מיטן תּהילים אין דער האַנט, נאָר זי האָט נישט געזאָגט פֿון דעם תּהילים, זי האָט געזאָגט אירע אייגענע ווערטער.

מיט אַזאַ האַרץ איז ר׳ שלמה געפֿאָרן צום יום־הדין.

# די מצווה

מיר האָבן אַ גרויסן גאָט. דריי טעג האָט זיך אָוועקגעצויגן דער משפּט. זייער „שרייבער" האָט וועלטן איינגעלייגט, געשאָטן אויף יידן פּעך און שוועבל, אָבער ער האָט גאָרנישט געקענט מאַכן קעגן דעם רבונו־של־עולמס ווילן, קעגן יידנס תּהילים זאָגן. די גויע וואָס מען האָט איר פּאַרקויפּט די קראַנקע קו, האָט זיך מודה געווען, אַז דאָס האָט איר דער גוי פּאַרקויפּט, און דער אַלטער פויער פון דאָרף, וואָס האָט געמאַכט מיט ר' שלמהן דעם „סאַמאָ־סאָנד" (זעלבסט־געריכט), האָט געזאָגט בפּירוש, בפּני קהל עם ועדה, אַז דאָס האָט ער אַליין מיט ר' שלמהן געמאַכט דעם „סאַמאָ־סאָנד". וואָרום פון פּאַרצייטנס אָן פירט מען זיך, אַז מען כאַפּט אַ גנב אויפן יריד, געהערט ער צום יריד; און אַ גנבס פּעל איז ווי אַ הונטס אַ פּעל, און ווער עס וויל, מעג שלאָגן. האָבן די „סענדזשעס" (ריכטער) איינגעזען, אַז דער גוי האָט רעכט, האָבן זיי געמאַכט אַ באַראַטונג און באַשטימט אַז מען זאָל צען גויים און צען יידן איינזעצן אין „קאָזע" אויף אַכט טעג, און ר' שלמה מיט דעם אַלטן פויער זאָלן באַצאָלן צו פינף און צוואַנציק רובל קנס דער אַלמנה פון דעם „קאָניקראַד".

נאָך דעם משפּט האָבן די יידן מיט די גויים געמאַכט אַ גרויסע „זגאָדע". מען איז געגאַנגען אין שענקל אַריין און אינאיינעם געטרונקען און גע־פּאַטשט זיך אין די הענט אַריין, און די גויים האָבן געשריגן ביים גלעזל בראָנפן: „נאַש אי וואַש בוג זגאָדזילי שיע" — אַז זייער גאָט מיט אונדזער גאָט האָבן דאָס געמאַכט דעם שלום, זיינען זיך דורכגעקומען. נאָר די יידן האָבן בשום אופן נישט געוואָלט דערויף באַשטיין און נישט געוואָלט נאָכ־געבן, אַז דאָס האָט אויך זייער גאָט געמאַכט, נאָר מחמת שלום וועגן האָבן זיי געשוויגן און שלום געשלאָסן מיט די גויים, וואָס מען דאַרף דאָך פון זיי צו לעבן.

דער משפּט האָט זיך נאָר געענדיקט, האָט זיך אָנגעהויבן באַלד אַ צווייטער משפּט, — דער משפּט מיטן רבונו־של־עולם. עס האָט זיך גע־

געבן אַ רוק צו יום־כּיפּור. נאָר פֿאַר דעם יום־הדין מיטן רבונו־של־עום האָבן יידן אַ גרויסן „שרייבער״ — דעם גאָסטינינער רבין. זיי פֿאַרלאָזן זיך אויף אים יעדן יאָר, און אוודאי נאָך דעם יום־כּיפּור, ווי ער האָט זיי ערשט אַזאַ נס געוויזן. געזען האָבן זיי, אַז דער רבונו־של־עולם וויל זיי העלפֿן אין דעם, וואָס ער האָט זיי פֿון גויישע הענט אַרויסגענומען. געבליבן איז מען איבער יום־כּיפּור אין גאָסטינין ביים רבין. דער רבי האָט אַליין געזאָגט כּל־נדרי, איז מען דאָך געווען אַ ביסל רואיק. נאָר ביי נעילה איז יידן אַ גרויסע שרעק באַפֿאַלן: ווער ווייסט, אפֿשר איז דעם רבינס זכות היי־יאָר אויסגעלאָזט געוואָרן ביים דין פֿון בשר־ודם, און דער רבונו־של־עולם האָט זיי אַרויסגענומען פֿון מענטשנס הענט, כּדי ער אַליין זאָל זיי משפּטן, און דער רבי קאָן זיי גאָרנישט העלפֿן, נאָר זיי מוזן אַליין זייערע הערצער צעברעכן פֿאַרן רבונו־של־עולם. דאָס האָט זיי דער רבי געזאָגט פֿאַר נעילה, כּדי זיי זאָלן זיך נישט צו פֿיל פֿאַרלאָזן אויפֿן רבין, נאָר זיי זאָלן אַליין תּשובה טאָן.

ביים בעטן צום רבונו־של־עולם איז ביי נעילה טאַקע געווען אַ גרויס געוויין אין רבינס בית־המדרש. און אַז דער רבי האָט געזאָגט מיט זיין צעבראָכן האַרץ און זיין צעבראָכענער שטים „פּתח לנו שערי שמים״, איז יידן באַפֿאַלן אַ גרויס שרעק, און זיי האָבן זייער גרויס מורא געקראָגן. די שרעק האָט אָנגעהאַלטן ביז צום לעצטן שופֿר־בלאָזן. נאָר אַז דער רבי האָט געזען, אַז יידן וויינען און האָבן מורא, איז ער ווידער בטוח געווען, וואָרום זיין כּלל איז דאָך געווען: „דאָרט וואו עס איז דאָ אמונה, דאָרט איז דאָ גאולה״, האָט ער יידן נאָך נעילה געטרייסט מיט זיין פֿריילעכן גוט וואָך, יידן״, „גוט־יאָר, גוט־יאָר״, און איז דעם מוצאי יום־כּיפּור געווען זייער אויפֿגעלייגט און צוגעלאָזט צו יידן. ביי קידוש־לבנה , ווען מען איז שוין פֿון שול אַרויס, האָט זיך דער רבי געווענדט צום עולם מיט אַ פֿריילעכן „שלום־עליכם״, און זיין פּנים האָט געלויכטן. דאָס האָט יידן זייער דערפֿרייט, און די סעודה נאָך יום־כּיפּור האָט מען געגעסן מיט אַפּעטיט און פֿרייד. נאָך דער סעודה איז מען אַרונטער צום רבין זיך געזעגענען. דער רבי איז געווען זייער גוט אויפֿגעלייגט און צוגעלאָזט, איז געזעסן מיט זיין לאַנגער ליולקע און גרויסער באָרד אין מיטן שטוב אויפֿן פֿאָטער־שטול און געהייסן אַלעמען אַריינלאָזן. דער עולם האָט זיך געשטופּט ביי דער טיר, אָוועקגעשטופּט די שמשים מיט די גבאים און אַריין אין שטוב. דער רבי האָט געשמייכלט און זיך מיט אַלעמען געזעגנט און אָנגעוואונטשן יידן אַלדאָס־גוטס. האָט מען נאָך דעם זעלבן אויפֿדערנאַכט די וואָגנס געשפּאַנט און מיט דער ליכטיקער לבנה איבער די וועגן אין די שטייטלעך אַהיים געפֿאָרן, די סוכּה מאַכן. און יידן האָבן אונטערגע־

כאַפּט זמרלעך אויפֿן וועג און דערציילט זיך פֿון רבינס מעשים, פֿון יאַר־מערק, פֿון סעדער, פֿון פּעלצן — אין דער ליכטיקער לבנה אַריין.

אַז ר׳ שלמה איז צומאַרגנס אויף דער נאַכט אַהיים געקומען (נאָך אָפּמאַכן אויפֿן וועג אייניקע געשעפֿטן), האָט ער שוין געטראָפֿן ביי זיך אַ פֿולע שטוב מיט ווייבער. אין דער קיך האָט געברענט אַ גרויס פֿייער, און גרויסע טעפּ מיט וואַרים וואַסער האָבן געקאָכט. די ווייבער זיינען געגאַנגען אויף די שפּיץ נעגל און געבראָכן זיך די הענט. און פֿון דער צווייטער שטוב האָבן זיך געהערט חנהלעס מוראדיקע קרעכצן, וואָס יעדער קרעכץ איז אַזוי שרעקלעך געווען, אַז דאָס האַרץ איז צעריסן געוואָרן. ער איז אַריין צו דער ווייבל, אַ בלאַסער און אַ דערשראָקענער, האָט זי, נעבעך, געטראָפֿן ליגן אין בעט, און גרויסע טראָפּנס שוויס האָבן אַרויס־געשלאָגן אויף איר צעהיצט געזיכט. און שיין איז זי געווען אין דער היץ, ווי אַ מלכּה. אַז זי האָט דערזען ר׳ שלמהן, האָט זי אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט: „שלמה, העלף מיר, איך גיי אויס״, און גרויסע טרערן שלאָגן איר פֿון די שיינע אויגן אַרויס. ווערט ר׳ שלמהס האַרץ צעשניטן אויף שטיקלעך פֿון אירע רייד, זאָגט ער: „וואָס קאָן איך העלפֿן? דאָ קאָן נאָר איין רבונו־של־עולם העלפֿן. נאָר שוויג, חנהלע. וועסט זען, גאָט וועט אונדז העלפֿן. ער העלפֿט מיר אין אַלע מיינע וועגן, וועט ער אויך איצט מיך נישט פֿאַרלאָזן אין מיין גרעסטער אָנגסט און נויט!״ און הייבט אָן די הענט ברעכן: „אוי, טאַטע אין הימל!״ דערציילט מען אים, אַז דאָס האַלט שוין אָן פֿון נעכטן, פֿון נעילה אָן, און מען האָט מורא, אַז דאָ זאָל זיך נישט האָבן נעבעך, עליה השלום, זיין געשטאָרבן ווייב, אַריינגעמישט, ווייל זי האָט געקאָנט, חלילה, ווערן באַליידיקט... שיקט ר׳ שלמה באַלד אַ שליח־מיוחד אויף אַ פֿערד קיין גאָסטינין צום רבין, מען לאָזט דעם בית־עולם אויסמעסטן און מען שיקט צו נעכען אויפֿן קבר בעטן מחילה אין נאָמען פֿון דער יונגער ווייבל, אַז זי זאָל רחמנות האָבן אויף אַ יונג לעבן און מוחל זיין... און עס בעט די טאָכטער אַליין ביי דער מוטערס קבר: „זי איז אַ גוטע מוטער צו די שטיף־קינדער, — דאָס זאָל איר ביישטיין.״ און די שטיף־קינדער אַליין זאָגן תּהילים פֿאַר דער שטיף־מאַמע.

זעט ר׳ שלמה דער ווייבלס צער, קאָן ער שוין נישט מער אויסהאַלטן. גייט ער אַריין צו זיך אין שטוב און שליסט זיך איין און שטעלט זיך אַוועק אין אַ ווינקל און הייבט אָן וויינען מיט גרויסע טרערן און זאָגט צום רבונו־של־עולם אַזוי: „טאַטע אין הימל, שטיי מיר ביי. אַז איך האָב געזינדיקט, לאָז עס אויס צו מיין קאָפּ, אָבער אויף דער ווייבל האָב רחמנות. זי איז דאָך אַן אומשולדיק קינד, אַ צדיקת איז זי דאָך. איך ווייס, איך בין נישט ווערט דיין חסד, און אַלץ, וואָס דו טוטסט מיר, איז גענוג. גענוג האָסטו

מיר געטאָן, נעם מיר אַלץ אַוועק. און ווען עס איז באַוויליגט ביי דיר, לאָז מיך אין די הייזער אַרומגיין, מאַך מיך מבייש פֿאַר מענטשן, נאָר שטיי מיר ביי, האָב רחמנות אויף דער ווייבל!״

און פֿון דער צווייטער שטוב רייסן זיך אַריין די קרעכצן און די געשרייען, און יעדער קרעכץ איז, נעבעך, אַזוי ווי מען וואָלט אָן אומשולדיקע טויב געמוטשעט. קען עס שוין נישט ר׳ שלמה אויסהאַלטן, און אַ גרויסער שטראָם טרערן גיט אים אַ גאָס פֿון די אויגן, און ער שרייט אויס: „רבונו־של־עולם, איך קאָן איר צער נישט הערן, גיס אויס דיין כעס אויף מיר, אויף מיין הויז. האָב רחמנות אויף איר״. און ער לויפֿט אַריין צו דער ווייבל און כאַפּט אָן איר בלייכע האַנט און ווייגט אויף איר, און וויינט אויף איר גאַנץ לאַנג, און ווייל נישט אַוועק פֿון בעט, און האַלט זי ביים קאָפּ אָן, און קושט איר דעם שייגעם שטערן און טרייסט זי און זאָגט איר מיט גרויסע טרערן: „וויין נישט, חנהלע, מיר האָבן אַ גרויסן גאָט! וויין נישט, וויין נישט״. און זי ענטפֿערט אים גאָרנישט, קאָן נישט רעדן. אויגן האָט זי גרויסע, און זי קוקט אויף אים מיט אירע גרויסע אויגן, און שיין איז זי, ווי אַ מלכּה, און איר יעדער בליק ציט פֿון אים דאָס חיות אַרויס.

וועקט מען אים אויף, און די באָבע זאָגט אים מזל־טוב, און ווייזט אים אַ שרייענדיק קינד, אַ בן־זכר. ווייסט ער שוין נישט, וואָס עס טוט זיך מיט אים: צי זאָל ער טאַנצן אין מיטן דער שטוב פֿאַר פֿרייד, צי זאָל ער וויינען. קוקט ער אויף חנהלען, שמייכלט זי מיט אַזאַ זיס־צערדיק שמייכל, און די שכינה שיינט אויף איר, און די אויגן זייַנען פֿול מיט פֿרייד און דאַנק, און זי שטעקט די הענט און גלעט ר׳ שלמהס קאָפּ. נעמט מען און מען שיקט אַ צווייטן רייטער אָנזאָגן דעם רבין, אַז די גאולה איז שוין געקומען. שיקט מען אַ צען פֿונט ליכט אין בית המדרש אויפֿן ווינטער, שיקט מען אַ צען קערץ קוילן אין הקדש אַרונטער.

צומאָרגנס אין דער פֿרי, אַז מען האָט זיך באַרואיקט, חנהלע איז שוין נישט געשלאָפֿן און דאָס קינד ביי איר זייט, גייט ר׳ שלמה אַריין. ווייזט אים די באָבע דאָס קינד. אָן עין־הרע אַ גרויס קינד, אַ שטאַרקס, און האָט דער מוטער גרויס צער אָנגעטאָן, ווייל עס איז, אָן עין־הרע, אַזוי שטאַרק. גייט ר׳ שלמה צו צו חנהלען, נעמט זי אָן ביי דער האַנט און פֿרעגט זי. וואָס זי מאַכט. קוקט זי אים אין די אויגן אַריין, און איצט — שוין נישט מיט שעמעוודיקייט און נישט מיט מורא, נאָר מיט ליבע און זיכערקייט. זי איז די מוטער פֿון זיין קינד און זאָגט צו אים אַזוי: „איך האָב נאָר מורא געהאַט, שלמה, אַז איך זאָל נישט פֿאַרשעמט ווערן״. פֿרעגט ער זי: „פֿאַר וואָס זאָלסטו פֿאַרשעמט ווערן?״ — ענטפֿערט זי אים: ״אַז איך זאָל נישט פֿאַרשעמט ווערן פֿאַר גאָט און פֿאַר לייט, אַז איך בין נישט ווערט צו זיין

די מאַמע פֿון דיין קינד״. גלעט ער זי איבערן שטערן און זאָגט: „דער רבונו־של־עולם וועט דיך, חלילה, נישט פֿאַרשעמען, וועסט נאָך די זכיה האָבן צו זיין די מוטער פֿון אַ סך קינדער און וועסט נאָך די זכיה האָבן צו הערן זייער קול־התּורה, און מיר וועלן נאָך דערלעבן מגדל צו זיין זיי לתּורה, לחופּה ולמעשים טובים״.

קוקט זי אים אין די אויגן אַריין מיט דאַנקבאַרקייט און זאָגט: „אָמן, און ער זאָל דיר העלפֿן, אַז די פּרנסה זאָל דיר אָנקומען גרינג, און מיר זאָלן זיי דערלעבן אויפֿצוציען און נחת האָבן פֿון זיי״ — און ער פֿילט אַז אירע טרערן פֿאַלן אויף זיין האַנט: „מיר זאָלן, חלילה, נישט פֿאַרשעמט ווערן״. ענטפֿערט ער איר: „דער רבונו־של־עולם האָט מיר שטענדיק גע־האָלפֿן. איך ווייס נישט, פֿאַר וואָס ער טוט מיר דעם חסד, וואָס, בין איך איך מער ווערט פֿון אַן אַנדערן ייד? נאָר איך האָב בטחון אין אים און דאַנק אים און לויב אים פֿאַר אַלץ, וואָס ער טוט מיט מיר. האָב נישט קיין מורא, חנהלע, וועסט נישט פֿאַרשעמט ווערן, וואָרום דיין שאַנד איז מיין שאַנד״. זאָגט זי: ״דו ביסט עס ווערט, שלמה, אַז גאָט זאָל דיר העלפֿן. וואָרים דו האָסט אַ ווייך האַרץ און דו לעבסט נישט פֿאַר דיר, נאָר פֿאַר אַנדערע, און איך וועל דער פֿאָלגן, שלמה, און וועל מיך אַזוי פֿירן ווי דו הייסט מיר״. זאָגט ער צו איר: „אַזוי טוסטו גוט, חנהלע, וואָרים וואָס מער דו וועסט אויסגעבן פֿאַרן רבונו־של־עולם, אַלץ מער וועט ער דיר באַצאָלן. האָב נישט קיין מורא, ער איז אַ גוטער בטוח, און מען קאָן אים געטרויען״.

מאַכט זי אָפּ ביי זיך אין האַרצן, אַז זי זאָל ליכט שיקן אין בית־המדרש אַריין, אַז זי זאָל אָרעמע קימפּעטאָרינס באַזאָרגן מיט ליילעכער און יויכלעך, אַז זי זאָל פֿאַר די תּלמוד־תּורה־קינדער אַ מוטער זיין, און אורחים ליב האָבן, ווי איר מאַן האָט זיי ליב.

האָט מען נאָך מורא פֿאַרן שטן, און נאָך דערצו ביי אַ בכור, קלעפּט מען אויס די ווענט מיט קוויטלעך. קומען צוגיין די חדר־יינגלעך יעדן פֿאַר־נאַכט אין דער קימפּעטאָרינס שטוב אַריין און לייענען קריאת־שמע פֿאַר דעם קליינעם קינד, וואָס קאָן נאָך אַליין נישט קריאת־שמע לייענען. טיילט מען זיי לעקערלעך, פֿרייען זיך די קינדער און בעטן זיך, אַז מען זאָל זיי דאָס נייע קינד ווייזן, וואָס איז געקומען פֿון הימל אַראָפּ. דערציילט זיי די באָבע, אַז דאָס קינד איז נישטאָ. עס האָט זיך אין דעם גרויסן פּעלץ אָב־געטאָן און איז געפֿאָרן איבער דער מדינה אַ שידוך טאָן.

שיקט דער רבי אַ רייטער אָנזאָגן, אַז ער וועט אויף דעם ברית קומען מיט זיין אייגענעם מוהל. ווייסט ר׳ שלמה, אַז דער רבי וויל תּנאים אָפּ־שרייבן מיט חיימלען אין דעם טאָג פֿון ברית, וואָס עס איז אַ מזלדיקער טאָג. שיקט מען אין דער גרויסער שטאָט נאָך אַ סאַרווער און אַ מענטש

צו ברוך פֿישער נאָך לעבעדיקע פֿיש אויפֿן ברית. קומען משפּחות צופֿאָרן פֿון דער פֿרעמד. דער ווייבלס מורינודיקע משפּחה פֿון גרויס־פּוילן: דער פֿאָטער אירער, ר׳ שלמה גראָסגליק, מיטן שטייפֿן, געוואַשענעם קעל־נערל און מיט דעם אויסגעריבענעם פּאַלטן פֿון פֿיינעם קאַלישער קאָרט; איר מוטער מיט די שוועסטער, — פֿעסטער שוין אין דער שטוב, זייער טאָכטער האָט שוין אַ קינד געהאַט. נעמען זיי זיך צו דער סעודה, באַקן אַזעלכע גרויס־פּוילישע קיכלעך און פּוטער־קוכנס אַ פֿולע שטוב. טעהנען די היימישע:

— פּוטער־קוכנס איז גוט פֿאַר די גרויס־פּוילישע, וואָס דער גרעסטער יום־טוב איז, ווען מען עסט פּוטער־קוכן און מען טרינקט קאַווע. מיר דאַרפֿן דאָס גוטע שטיקל פֿיש און דאָס גוטע ביסל ציבעלעס.

באַליידיקט זיך באַלד דער ווייבלס משפּחה (די גרויס־פּוילישע — אַ ליאַדע וואָס ווערן זיי באַלד ברוגז) און ענטפֿערן:

— ציבעלעס איז גוט פֿאַר די קליין־פּוילישע „ליטוואַקעס", וואָס עסן נאָר ציבעלעס מיט קנאָבל.

און ר׳ שלמה גראָסגליק, חנהלעס פֿאָטער, גייט עפּעס אַרום אַ ברוגז־דיקער (שטענדיק איז דער אַריסטאָקראַטישער ייד ברוגז, ווייל ברוגזקייט געהערט צו אַריסטאָקראַטיע), ווייל אים ר׳ שלמה איבערבעטן און מאַכט אים אַ שיינע מתּנה, אַ זילבערן טאַבאַק־שקעטעלע מיט שטיינער אויס־געזעצט, און בעט אים איבער, ער זאָל נישט ברוגז זיין. וואָרים מען האָט נישט קיין צייט צו אים. אַלע זיינען פֿאַרטאָן ביים רבין, וואָס איז שוין אָנגעקומען מיט זיין זון און כּלה און שטייט־איין ביים שותּף, ביי ר׳ יוספֿן, אין דער גרעסטער שטוב אין שטאָט.

די נאַכט פֿאַרן ברית איז מען אויף, — אַ געפֿערלעכע נאַכט, און נישט ביי איין קינד איז שוין דער שטן מזיק געווען אין דער נאַכט, איידער דאָס קינד ווערט אַ „ייד". און ווי עס איז באַוואוסט, פֿאַרשטעלט זיך דער שטן אין דער נאַכט אין אַ קאַץ אָדער אין אַ הונט צו שעדיקן דאָס קינד. זיצן אַלע אויפֿדערנאַכט הינטער דער קימפּעטאָרינס צימער. די זילבערנע לייכטער ברענען אויפֿן טיש, און דאָס גוטע ביסל משקה מיט דעם גוטן שטיקל לע־קעך איז אויך אָנגעגרייט דאָס האַרץ צו דערכאַפּן. זיצט מען און מען לערנט משניות.

ר׳ שמעיה, דעם רבינס אַלטער שמש, וועלכער איז נאָך געווען אַ שמש ביים אַלטן, זכרונו לברכה, זיצט ביים אָנגעהייצטן אויוון. רייכערט די ליולקע און דערציילט דעם אַרומיקן עולם ווי דער אַלטער, זכרונו לברכה, האָט אַמאָל דעם שטן גוט דורכגעשלאָגן. עס איז אַזוי געשען:

— אַ ייד האָט געוואוינט ביי אַ פּריץ אויפן דאָרף, האָבן זיך ביי אים, נעבעך, קיין קינדער ניט געהאַלטן. ווי עס איז אים געבוירן געוואָרן אַ קינד, איז עס אין דער נאַכט פאַרן ברית געשטאָרבן. איז דער ייד צום רבין גע־קומען וויינען. איז דער רבי אַליין צום ייד געפאָרן פאַר אַ ברית — סנדק צו זיין. ער איז אויף אַ גאַנצע נאַכט און זאָגט אָן, אַז מען זאָל שטעקנס אָנגרייטן. אין דעם קומט אַריין אַ שוואַרצע קאַץ און לאָזט זיך צו דער קימפּעטאָרין און בעט אַריין. דער רבי האָט זי אָבער אָפּגעוואָרט און גע־הייסן כאַפּן די קאַץ. איז זי אין דער דעקע אַריין, האָט מען די דעקע אויף דער ערד אָוועקגעלייגט און גוט דורכגעקלאַפּט מיט שטעקנס, ביז די קאַץ איז אַ צעהרגעטע אַרויס דורך אַ שפּאַרע פון שטוב. צומאָרגנס האָט מען געהערט, אַז דער פּריץ פון דאָרף ליגט אַ צעקלאַפּטער אין בעט. וואָרים דאָס איז טאַקע געווען די שוואַרצע קאַץ, ווייל דער פּריץ איז געווען אַ כישוף־מאַכער, אַ שליח פון שטן, האָט ער די קינדער פון יידישן אַרענדאַר מזיק געווען...

אין דער קיך שטייען די מומעס מיט די קעכינס און קאָכן דערווייל די פיש, פּרעגלען די גענדז פאַרן מאָרגנדיקן ברית, און דער געשמאַק לויפט פון קיך אַריין אין דער שטוב, וואו רב שמעיה דערציילט די מעשיות. דער סאַרוועך מאַכט די טישן גרייט, שטעלט דעם בראָנפן און גיסט דעם ווין. אַזוי וואַרט מען אָפּ הינטער דעם צימער פון דער קימפּעטאָרין די נאַכט, איידער דאָס קינד ווערט אַ ייד. און היטן זאָל זיך דער שטן, ער זאָל זיך איצט דאָ ניט באַווייזן אין ר׳ שלמהס שטוב אין געשטאַלט פון אַ הונט אָדער אַ קאַץ. ער וואָלט קיין לעבעדיקער נישט אַרויס פון דאַנען...

שוין איז דאָס ווייבל אויף. אָנגעטאָן אין איר שענסטן שפּיצן קאַפּטן, מיט אַ הייבל אויפן קאָפּ, האַלט זי איר ערשט־געבוירן קינד אויף דער האַנט. דער עולם הייבט זיך שוין אָן צוזאַמענקומען. דאָס הויז ווערט באַ־לעבט, און די יונגע מאַמע הייבט אָן אָנצוטאָן דאָס קינד צו דער מצווה. אַ קליידל האָט זי פאַר איר קינד אַליין אויסגעהעפּט דורך דער צייט, ווען זי האָט עס געטראָגן, אָנצוטאָן צו דער ערשטער מצווה. הייסע טרערן רינען איבער איר שיין פּנים אויפן קינדס קישן אַרויף. די ערשטע מצווה ביי יידן איז צער, און זי וויינט אויף איר קינדס ליידן. נאָר אַ יידיש ווייבל איז זי דאָך און זי ווייסט, אַז דער רבונו־של־עולם גיט כוח די קליינע יידישע קינדער אַריבערצוטראָגן דעם צער, אַניט וואָלטן זיי עס דאָך נישט אויס־געהאַלטן... נאָר עס איז דאָך איר ערשט קינד — עס ווייס נאָך גאָרנישט, און עס זאָל שוין אַזוי ליידן... וויינט זי, און די טרערן זיינען וואַרעמע, נאָר דאָס האַרץ איז איר פול מיט פרייד, וואָס זי האָט די זכיה געהאַט צו דערלעבן איבערצוגעבן איר קינד צו דער ערשטער יידישער מצווה. און

זי ווייס, אַז זי טוט אַ גרויס אומרעכט, וואָס זי וויינט. פֿרייען, פֿרייען דאַרף זי זיך, און זי פֿרייט זיך טאַקע, און דאָס גאַנצע פּנים אירס לײַכט פֿון פֿרייד. נאָר די טרערן רינען דאָך פֿון די אויגן איבערן פּנים אויפֿן קינדס קישעלע.

קומט אַריין רב שלמה, און זיין גאַנץ פּנים שמייכלט פֿאַר גדולה. און אָנגעטאָן איז ער צום ערשטן מאָל אין דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע און אַ גרויס שטריימל — דעם רבינס מחותן... און זיין שיין פּנים מיט זיין שוואַרצער באָרד לײַכטן אַרויס פֿון שטריימל. זאָגט ער צו איר:

— חנהלע, דו וויינסט? פֿרייען דאַרפֿסטו זיך, וואָס דער רבונו־של־עולם האָט דיך צו דעם מזכּה געווען.

זאָגט זי:

— איך ווייס, שלמה, איך בין אַ נאַרישע יידענע און איך קאָן זיך דאָך ניט איינהאַלטן — אַזאַ שוואַלב, אַזאַ טייבעלע, און שוין אַזוי פֿיל צער.

ענטפֿערט רב שלמה:

— פֿאַר דעם זיינען מיר יידן. עס שטייט „בדמיך חיי״, דאָס איז טייטש — אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן. און פֿרייסטו זיך ניט, וואָס דיין קינד איז אַ ייד?

און זי שמייכלט מיט חן פֿון הינטער אירע טרערן אַרויס.

נעמט רב שלמה אַרויס אַ שנירל פּערל און גיט איר אַ מתנה.

— נאַ — זאָגט ער — איך האָב עס באַהאַלטן פֿאַר דיר. אַז דו וועסט די זכיה האָבן דיין קינד צו דער ערשטער מצווה איבערצוגעבן, טו עס אָן און טראָג עס געזונטערהייט.

נעמט זי דאָס שנירל פּערל און טוט עס אָן אויף איר שיינעם אַל־באַסטער־האַלדז, פּאַסט עס איר, ווי אַ מלכּה אַ קרוין, שמייכלט זי ווייטער, און טרערן גיסן זיך איר פֿון די אויגן, און זי זאָגט:

— איך דאַנק דיר, שלמה, איך דאַנק דיר פֿאַר אַלץ.

און אַ נייער שטראָם טרערן גיסט זיך איר פֿון די אויגן, אָבער דאָס זיינען שוין נישט טרערן פֿון צער, נאָר פֿון גרויסער, גרויסער פֿרייד...

נעמען שוין די קוואַטערס דאָס קינד. מיט קוואַטערשאַפֿט האָט מען מכבד געווען די נייע חתן־כּלה־פּאָר, חיימל און דעם רבינס איניקל. גיט זי אַרויס דאָס קינד פֿון די הענט, ווערט איר ווידער באַנג. נאָר דערינען זיצט שוין דער רבי אין טלית אויף דעם גרויסן פֿאַטער־שטול, און איר שלמה איז דערביי. דערמאָנט זי זיך, אין וועמעס הענט איר קינד איז, ווערט זי רואיקער. נאָר איר האַרץ שלאָגט. באַלד הערט זיך פֿון דאָרט דעם קינדס שרייען, רייסט איר מוטער־האַרץ אויף. זי וויל אַראָפּ פֿון בעט, דערמאָנט זי זיך, אַז איר קינד ווערט אַ ייד איצט, גייט אַריין אין בונד יידישקייט, און אַזוי וועט זיין קול זיין, אַז ער וועט די הייליקע תּורה לערנען — שלינגט זי די טרערן...

ברענגט מען איר באַלד דאָס קינד אַריין, וויל עס אַן אַנדער יידענע איינשטילן, לאָזט זי ניט, רינגען איר די טרערן פֿון די שיינע אויגן אויף די בריסט אַרויף, זויגט איר קינד די מילך מיט טרערן. ווייזט זיך דער רב און זאָגט איר „מזל טוב". קומט רב שלמה אַריין און קוקט איר מיט ליבע אין די אויגן אַריין און זאָגט איר:

— חנהלע, מיר זאָלן דערלעבן נחת פֿון אונדזער קינד. — איז עס איר באַצאָלונג פֿאַר אַלע טרערן, וואָס זי האָט פֿאַרגאָסן.

הערט זיך אין מיטן דערינען אַ שיין געזאַנג. דאָס זינגט דער חזן מיט די משוררים.

אַ פֿול הויז מיט יידן. די טעלער קלאַפּן, דער ווייַן גיסט זיך אין בעכער, און עס הערט זיך אין מיטן דערינען דער קול־התורה. יידן שפּאַרן זיך און לערנען, און ווייבער זיצן אַרום חנהלען און האָב דרך־ארץ. נאָר יעדן מאָל קומט אַריין צו איר רב שלמה, דאָס שטריימל פֿאַררוקט אַן אַ זייט, און די אויגן גלאַנצן אים פֿאַר נחת און פֿון דעם ביסל ווייַן, וואָס ער האָט גע־טרונקען. און ער באַרואיקט זי און טרייסט זי, זי זאָל נישט וויינען. און די ווייבער זעען ווי רב שלמה האָט ליב זיין ווייבל, זיינען זיי איר מקנא...

---

אויף דער נאַכט האָט מען ווידער די טישן געגרייט צו די תּנאים פֿון דעם רבינס איניקל מיט חיימלען. דער רבי זיצט אויבן, און אַרום אים די רבנים פֿון דער געגנט אַרום, וואָס זיינען געקומען צו רב שלמהן אויפֿן ברית און דעם רבין זען, די פּני פֿון שטאָט, די שענסטע יידן. און חיימל אין שטריימעלע מיט דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע זיצט מיט זיין רבין, מיט רב שמואל דיין. צום ערשטן מאָל זינגט דער מעשה ווי מען האָט אים געכאַפּט שבת אין שול, ווייזט זיך דער ייד דער צווישן יידן. נישט געוואָלט האָט ער קומען צום טיש, נאָר דער רבי אַליין האָט אים געשיקט רופֿן, מקרב געוועז אים און גערעדט מיט אים ביחידות. און צו רב שלמהן האָט דער רבי געזאָגט בפּני קהל־ועדה: „דערפֿאַר, וואָס דו האָסט אויף דעם יידן רחמנות געהאָט און אים אַריינגענומען צו דיר אין שטוב אַריין און נישט דוחה געווען אַ יידישע נשמה, האָט דער רבונו־של־עולם געהאָלפֿן, און דו האָסט אַ קינד אַ בן־תּורה". געמיינט האָט ער חיימלען.

זיצט דער חתן לעבן רב און הינטער אים זיין רבי, און דער עולם אַרום, און חיימל מאַכט זיך גרייט זאָגן אַ דרשה פֿאַר די תּנאים.

עס זיצן די שטריימלעך אַרום טיש און האָרכן אויס דאָס פּשטל, וואָס חיימל זאָגט פֿאַר זיי. ער ציט אָן גמרות, רמב"ם, ראשונים און אחרונים, וואַרפֿט אָן קשיות אַ גאַנצן באַרג און מיט איין מאַך, מיט איין תּירוץ פֿאַר־ענטפֿערט ער אַלץ, וואַרפֿט־אַראָפּ דעם גאַנצן טורעם, וואָס ער האָט אויפֿ־

געבויט. עס פּרואווט אים צו כאַפּן אַ „שטריימל“, אַ רבל, און וואַרפט אים אונטער אַ קשיא, אָבער דאָס יינגל לאָזט זיך נישט, שפּאַרט זיך מיט די יידן מיט די גרויסע בערד, ברענגט ראיות פון רש״י, פון תוספות און ווייזט זיין בקיאות. די יידן קוקן דעם יינגל אין מויל אַריין און האָבן הנאה פון אים. דער רבי אַליין האָט אים שוין אייניקע מאָל אין בעקל געקנייפּט און געזאָגט „אַוואַ“. און עס זיצט רב שלמה אין אַ ווינקל און קוקט זיך צו. פאַרגעסן האָט ער איצט אָן אַלע געשעפטן. ער זעט נאָר דאָס יינגל, און דעם רבונו־של־עולמס האַנט, ווי דער רבונו־של־עולם פירט עס זיין וועלט. אים האָט גאָט נישט מזכה געווען מיט דעם, ער קאָן זיך נישט אַריינמישן דאָ און אַריינרעדן צווישן די יידן מיט די גרויע בערד, — אַ סך עניינים פאַרשטייט ער נישט און ווייס דעם פשט נישט, נאָר זיין קינד, זיין חיימל... ער זעט, ווי דער רבונו־של־עולם שענקט אים ווידער צוריק דעם „אור־תורה“; גאָט צינדט ווידער אָן זיין הייליק ליכט אין זיין משפחה. מיט זיין זון, מיט חיימלען, וועט זיך אָנהייבן אַ נייער דור. און עס שטייען אויף פאַר זיינע אויגן די גרויסע זיידעס זיינע, די גרויסע יידן די רבנים, — דער „אור החיים“, דער „נודע ביהודה“ און די גרויסע רבנים פון דער שטאָט שערעק. און חיימל וועט ווידער ציען דעם שנור, וואָס איז געוואָרן אָפּגעריסן. און פאַרוואָס קומט דאָס אים? פאַרוואָס האָט דאָס אים דער רבונו־של־עולם אויסגעקליבן, אַז ער זאָל די זכיה האָבן צו דערלעבן „תורה וגדולה במקום אחד“, פאַרוואָס ניט קיין אַנדער ייד? און ער דערמאָנט זיך אָן דוד־המלך, וואָס ער האָט געזונגען פאַרן רבונו־של־עולם, ווען גאָט האָט אים אויסגעקליבן פאַר אַ מלמד איבער זיין פאָלק, און הייסע טרערן פאַלן אים פון די אויגן אין זיין שוואַרצער באָרד אַריין.

---

אין דער צווייטער שטוב, ביי חנהלען, זיינען די ווייבער פאַרזאַמלט. די אַלטע רביצין האָט שוין נישט געלעבט. זיצט דער כלהס מוטער מיט דער כלה פון אויבן־אָן, און רעכטס, לעבן זיי, די מחותנתטע, חנהלע. זי האָט זיך „איינגעשטעלט דאָס לעבן“ און איז אַרויסגעגאַנגען פון בעט. זי האָט געזאָגט, אַז די שמחה פון דעם פרעמדן קינד איז ביי איר טייערער פון איר אייגן קינד, האָט זיך אָנגעטאָן און זיך אַוועקגעזעצט מיט דער כלה און די כלה זייער מקרב געווען און גערעדט מיט איר. אַרום זיי זיינען געזעסן די שענסטע בעלי־הביתטעס פון דער שטאָט, יידישע מאַמעס. די בריליאַנטן האָבן געבלישטשעט אין דעם שיין פון דעם ליכט. עס האָבן געוואָרפן זייער איידעלן גלאַנץ די פערל אויף די ווייסע העלדזער פון די יידישע טעכטער, און דאָס זיידנס און סאַמעט האָבן געבלישטשעט. געאיידלט זיינען יידישע טעכטער און געוואוינט זיינען זיי פון דער היים צו טראָגן

דעם אײדעלן שטאָלץ פֿון זײד. אַזױ זיצן די װײַבער אַרום דער שײנער כּלה. און פֿון דער צװײטער שטוב הערט זיך דעם חתנס קול, חײמלס קול־התּורה, װי ער זאָגט די דרשה פֿאַר די תּנאים פֿאַר די אַלטע ייִדן מיט די װײַסע בערד, און דער אַלטער סופֿר מיט דער גרױער באָרד און ברילן זיצט בײַ אַ גרױסן פֿאַרמעט פֿאַר צװײ אָנגעצונדענע ליכט אין זילבערנע לײַכטער און שרײַבט די תּנאים צװישן דעם גאָסטינינער רבין און רב שלמה נגיד.

דערנאָך, אַז דער רבי און רב שלמה האָבן אונטערגעשריבן די תּנאים, איז רב שלמה פֿאַרשװאונדן אין זײַן חדר־מיוחד, האָט זיך אָװעקגעשטעלט אין אַ װינקל און מיט טרערן אין די אױגן דעם רבונו־של־עולם געדאַנקט פֿאַר דעם גרױסן חסד, װאָס ער טוט מיט אים, װאָס ער האָט צוריקגעגעבן זײַן משפּחה דעם אור־התּורה. און געדאַנקט האָט ער דעם רבונו־של־עולם פֿאַר אַלץ, פֿאַר אַלץ, און ער האָט געזאָגט זײַן קאַפּיטל תּהילים, — יעדער ייִד האָט זײַן קאַפּיטל תּהילים, װאָס ער זאָגט װען ער איז אין דער גרעס־טער שמחה און אין דער גרעסטער נױט. נאָר װעלכן קאַפּיטל רב שלמה האָט געזאָגט, װעל איך אײַך נישט דערצײלן, װײַל דאָס איז רב שלמהס סוד.

# דער פֿאַרבאָרגענער בחור

(אַ מעשה פֿון פוילישע רביים)

גערוידמעט דעם אָנדענק פֿון י. ל. פּרץ.

שוין פֿון קינדווייז אָן איז דער קליינער יואל אויסגעוואַקסן גאָר נישט צו קלערן וועגן דער וועלט, אין וועלכער ער איז אַריינגעפֿאַלן, נאָר פֿאַרצו־בריינגען זיך פֿאַר דעם אייביקן לעבן אויף יענער וועלט, צו וועלכער ער וועט גיין. דער פֿאָטער האָט אים געלערנט, אַז די וועלט איז נאָר אַ פֿיר־הויז צום פּאַלאַץ, און האָט נאָר אויף אַזוי פֿיל באַדייט, אויף וויפֿיל מען גרייט זיך דאָ אָן פֿאַר דער צווייטער וועלט. און יואל האָט פֿון קינדווייז אָן באַ־טראַכט זיין געבוירן ווערן ווי אַ שטאַרבן פֿאַר דער אייביקייט, און זיין אָפּשטאַרבן — ווי אַ ווידערגעבוירן ווערן.

און באמת האָט ער ווייניק וואָס געקאָנט געפֿינען אויף דער וועלט עפּעס אַזעלכעס, וואָס צוליב דעם האָט זיך עס געלוינט געבוירן צו ווערן.ביים פֿאָטער זיינעם האָט דאָס אָנהאַלטן דאָס לעבן אויף דער וועלט אויס־געזען אַזוי ניט וויכטיק, אַז ער האָט עס איבערגעגעבן דער מוטער. די מוטער האָט געצויגן פּרנסה פֿון אַן אָרעמען שניט־שטענדער, וואָס זי האָט געהאַלטן אויפֿן מאַרק. זומער אין די היצן, ווינטער אין די קעלטן, איז די מאַמע געשטאַנען ביים שטענדער און פֿאַרקויפֿט די אָרעמע פּויערטעס לייוונט אויף אַ העמד, ציץ אויף אַ קליידל. אַז זי איז אַהיים געקומען אויף דער נאַכט, האָט זי אָפּגעקאָכט אַ פּאָר קאַרטאָפֿלעס, אָדער קליסקעלעך. און פֿון דעם איינעם מאָלצייט האָט די פֿאַמיליע זיך דערנערט דעם גאַנצן טאָג. דער פֿאָטער איז געזעסן אין שטיבל און האָט געהאַלטן אין איין אָנ־גרייטן עשירות — פֿאַר יענער וועלט.

ווען יואל איז נאָך געווען אַ קינד, פֿלעגט ער זיצן ביי דער מאַמען אויפֿן שויס אין מאַרק, און געזען און מיטגעלעבט דער מאַמעס וואָכעדיק, צו־וועלטיק לעבן. נאָר זינט דער טאַטע האָט אים מיטגענומען מיט זיך אין שטיבל אַריין און האָט אָנגעהויבן לערנען מיט אים די הייליקע ספֿרים, האָט יואל געקראָגן יענע וועלט.

און ווי רייכער און הערלעכער איז געווען יענע וועלט אַנטקעגן דער וועלט! דער הימל האָט זיך אויפֿגעעפֿנט פֿאַר אים, און ער האָט געזען די שכינה אין איר גלאַנץ, די מלאכים און שׂרפֿים, די הייליקע נשמות אין אייביקן גן־עדן, אויף גאָלדענע שטולן זיצן אין ווייס־בלויען באַוועבטן וואָלקן־חלל די צדיקים, באַגאָסן מיט הערלעכן ליכט, און דער רבונו־של־עולם לערנט מיט זיי תּורה. ער האָט דערהערט דאָס געזאַנג פֿון די הימלען, ער האָט געזען דאָס אייביקע שבת־ליכט, וואָס איז אויסגעגאָסן איבער דער

צווייטער וועלט, דאָס שטילקייט און די שלמות פֿון מענטשן, וואָס איז אויסגעטאָן פֿון יעדער שוואַכקייט, וואָס באַדאַרף גאָרנישט, נאָר דאָס שטילע געזאַנג און די מנוחה פֿון שבת... וואו ער האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער געטראָפֿן אַ הייליקן. אָט זעט ער די אבות ווי זיי לעבן דאָס לעבן פֿון חומש; אָט איז משה רבינו ווי ער פֿירט די יידן און לערנט מיט זיי פֿון די לוחות די סודות פֿון דער תּורה. און אין אַן אַנדער ווינקל זעט ער דוד־המלך, מיט דער פֿייערדיקער האַרפֿע אין דער האַנט, און אַרום אים די לוויים, וואָס זינגען־אויס קאַפּיטלעך פֿון תּהילים. אָט זעט ער ווי רבי פֿירט זיין ישיבה פֿון תּנאים און אמוראים, אַלע הייליקע, וואָס ער האָט נאָר גע־הערט פֿון זיי, און פֿאַרבאָרגענע צדיקים, וואָס זיינען אַוועק פֿון דער וועלט, פֿאַרהילט אין זייער צניעות. אַלע האָבן זיך געפֿונען אויף יענער וועלט. און ווי האָט זיך געקאָנט פֿאַרגלייכן אַנטקעגן די אַלע הערלעכקייטן דער מאַמעס אָרעם שטיבל, מיט די קלײסקעס אין אָוונט, ווער רעדט שוין דער יריד מיט די שיכּורע גויים?

אַוודאי האָט ער אויף דער מאַמען רחמנות געהאַט, וואָס איר איז געווען באַשערט דער ביטערער מזל צו טראָגן די זאָרגן פֿון דער וועלט. און די פּרנסה קומט ניט אָן גרינג. ער האָט געהערט אין די ווינטער־נעכט דער מאַמעס קרעכצן. און זומער איז דער מאַמעס פּנים געווען אָפּגע־ברענט און עס האָט זיך געשיילט, און די מאַמע האָט עס געשמירט מיט אַ זאַלב און האָט געשריען פֿון יסורים. און האָט ער וואָס געבעטן ביי גאָט פֿאַר זיך אויף דער־וועלט, זיינען עס געווען כּוחות, אַז ער זאָל קאָנען העלפֿן דער מאַמען טראָגן די פּעקלעך שניט־סחורה אין גאַס אַריין.

ער האָט זיך געדונגען יעדן פֿרימאָרגן און אָוונט מיט דער מאַמען איבערן וועג פֿון שטוב אין מאַרק אַריין; די מאַמע האָט געטענהט, אַז ער האָט קיין כּוח ניט צו טראָגן די פּעקלעך און יואל האָט געוואָלט דער מאַמען ווייזן, אַז ער קאָן שלעפּן אַפֿילו די ברעטער אויך. דער רבונו־של־עולם האָט אים טאָקע די כּוחות צוגעשטעלט יעדן פֿרימאָרגן און יעדן אָוונט, וואָס ער האָט זיי געדאַרפֿט פֿאַר דער מאַמעס פּעקלעך. און יואל האָט ניט באַדויערט די מאַמע, וואָס זי גרייט זיך גאָרנישט אָן פֿאַר יענער וועלט. ער האָט געוואוסט, — און די מאַמע האָט עס אויך געוואוסט, — אַז איר טייל אין טאַטנס לערנען און אין זונס לערנען איז געזיכערט, אַז זי האָט שוין דורך זיי איר חלק אויף יענער וועלט. כאָטש זי באַשעפֿטיקט זיך מיט זאַכן פֿון דער וועלט. באַדויערט די מאַמע האָט ער אָבער, ווייל זי האָט נישט די הנאה פֿון דעם פֿרומען דאַווענען, פֿון וועלכן ער האָט הנאה, וואָס זי פֿאַרברענגט נישט אין דער וועלט פֿון רוחניות, אין וועלכער ער פֿאַרברענגט אַ גאַנצן טאָג, לערנענדיק די הייליקע ספֿרים, וואָס זי מוז זיך

אָפּגעבן מיט פּויערים און פּויערטעס און אַרומוואַלגערן זיך אַ גאַנצן טאָג אויפֿן יריד. און ווען ער איז נאָך געווען אַ ייִנגל אין די יאָרן, ווען מען שעמט זיך ניט צו פֿאַרברענגען מיט אַ מאַמען, פֿלעגט ער איר אין די זו־מערדיקע אָוונטן, ביים לבנה־שיין, איבערדערציילן פֿון דעם, וואָס ער האָט געלערנט, און די מאַמע האָט אַנגעקוואָלן פֿאַר נחת. זי האָט זיך גאָר־נישט געשעמט מיט דעם, וואָס איר איז באַשערט צו האָבן צו טאָן נאָר מיט די וועלטיקע זאַכן, זי איז גאָרנישט געווען געפֿאַלן ביי זיך, פֿאַרקערט, זי האָט זיך געהאַלטן מיט איר האַנדלען און איינשאַפֿן פּרנסה אַזוי גרויס, ווי דער טאַטע מיטן לערנען, און ער האָט געזען, אַז דער פֿאָטער האַלט עס אויך אַזוי.

ניט איין מאָל, אין די הייסע זומערדיקע טעג, ווען יואל איז געווען פֿאַרטאָן אין לערנען, האָט דער פֿאָטער געהייסן פֿאַרמאַכן דעם ספֿר און גיין צו דער מאַמען אין מאַרק אַריין.

— אפֿשר באַדאַרף זי דיך אַ שעפּ וואַסער איר ברענגען, עס איז אַ חמימה.

אין די פֿאַרנאַכטן, ווען ער איז אַהיים געגאַנגען מיטן פֿאָטער נאָך מעריב, האָט דער פֿאָטער, אַ וויניק־ריידער, אַריינגעמורמלט אַ וואָרט אין זיין שיטערער, שפּיציקער באָרד, וועלכע איז געווען אַזוי מאָגער ווי זיין פּנים:

— איר האַנדלען און אַרומוואַלגערן זיך איז ביי גאָט אַנגעלייגט ווי אונדזער תּורה. זי איז אַ צדיקת.

יואל האָט געוואוסט, אַז דער טאַטע מיינט די מאַמע. אַמאָל האָט ער געזען, ווי די מאַמע האָט זיך געריסן מיט אַ שיכּורן גוי אין מאַרק. גויים זיינען געשטאַנען און האָבן זיך געזידלט, געוואָלט צוריקקריגן געלט פֿאַר אָפּגעשניטענער סחורה, און די מאַמע האָט זיך ניט געלאָזט, האָט אויס־געהערט די חרפּות און בזיונות און געשוויגן. און דעמאָלט האָט ער פֿאַר־שטאַנען דעם טאַטנס ווערטער...

נאָר איין מאָל אין דער וואָך האָט יואל דערפֿילט די שייכות פֿון ד ע ר־וועלט מיט יענער וועלט. און די מאַמע איז דענסמאָל דערהויבן געוואָרן אין זיינע אויגן צו דער זעלבער מדרגה, וואָס דער טאַטע... דאָס איז געווען פֿרייטאָג־צו־נאַכטס, ווען די מאַמע האָט די שבת־ליכטלעך אָנגעצונדן, די זון איז אונטערגעגאַנגען מיט אַ בענקעניש. די נאַכט איז אָנגעקומען, אַ שטילע און אַ צניעותדיקע, און האָט איבערגעהילט די וועלט מיט אַ הימלישער גנעדיקייט. דעמאָלט האָט ער דערפֿילט, אַז ד י וועלט איז אַ טייל פֿון דער גרויסער און אייביקער יענער וועלט, אַז זי איז גאָטס באַשעפֿעניש. זי איז שוין ניט געווען פֿאַר אים אַ דורכגייענדיקע, וואָס ווערט

אונטערגיין; ער האָט דערפילט די נשמה אין איר, וואָס איז אייביק; דער שבת וועט אייביק בלייבן, און די וועלט וועט צוריקקומען צו גאָט. די מאַמע, ווען זי איז געשטאַנען ביים ליכט־בענטשן אין דער שבתדיקער הויב, איז ניט געווען די יידענע, וואָס זיצט אין מאַרק, אין קעלט און היץ, און דינגט זיך מיט די פויערטעס און קריגט זיך מיט די פויערים און שלאָגט זיך אַרום איבער אַ קונה — פאַרקויפט לייוונט, זאָגט ליגן, שווערט זיך און האָט קיין זאַך ניט אין זינען, — די מאַמע איז אויפגעגאַנגען אין זיינע אויגן ווי אַ הייליקע געשטאַלט. איר האַנדלען — אַ מאַטערניש, וואָס זי האָט אויף זיך גענומען פרייוויליק, פאַר איר מאַנס און איר זונס תורה, און די קנייטשן אויף איר פנים און די אָפּגעברענטע שטערן און נאָז — צייכנס פון מאַרטירעריי, און זיי האָבן באַחנט איר פנים מיט אַ הייליקן חן. אירע גרויסע אויגן האָבן נאָך געשיינט מיט דער הייליקער צניעות, מיט דער אומשולד און ווייכקייט פון איר ווייבלעכקייט, און די אויגן האָבן איצט געקראָגן די הערשאַפט איבער איר וואָכעדיק פנים. אַזוי האָט ער זי געזען אין דעם ליכט פון שבת, אַזוי איז די מאַמע דערהויבן געוואָרן ביי אים, און דער דרך־ארץ און כבוד פאַר איר איז געוואָרן ביי אים אין־לשער.

אַ גאַנצע וואָך איז מען אָפּגעקומען מיט גאַרנישט. די מאַמע איז אַהיים געקומען פאַרנאַכט און עפּעס דאָרט געמאַכט ביים אויוון עסן. אויף פרייטאָג־צו־נאַכט איז געווען פיש, פלייש, חלות און וויין, און דאָס טישל איז געווען געגרייט מיט אַ טישטוך און די ליכטלעך האָבן געברענט אין די לייכ־טערלעך, און בעטן זיינען געווען אויפגעבעט, דאָס שטיבל צוגערעמט, די מאכלים האָבן געקראָגן אַ טעם ניט נאָר פון שפּייז פאַרן זינדיקן קערפּער, נאָר באַהערלעכט מיט דעם גלאַנץ פון שבת, האָבן זיי געהאַט אויך דעם העכערן טעם פון שפּייז פאַר דער נשמה. עס איז געווען, ווי עס וואָלטן זיך אויסגעמישט אין שבת די הנאהס פון קערפּער מיט די הנאהס פון דער נשמה. עס איז געווען פאַרווישט די גרענעץ פון די וועלטן, דער קערפּער איז געוואָרן אַ טייל פון דער נשמה. און ער האָט געפילט דעם טעם פון דער צווייטער וועלט...

אָבער דאָס איז נאָר געווען איין טאָג אין דער וואָך, און מיט דעם אויסגאַנג פון שבת איז ווייטער אָנגעקומען דאָס נישטיקע, קליינע, וואָכע־דיקע לעבן פון ד ע ר וועלט. און מיט מער חשק און מיט מער שטאַרקייט האָט ער געבענקט נאָך דער אייביקער גרויסער וועלט, נאָך דעם גרויסן אייביקן תכלית, און נאָך דעם טעם פון דער גרויסער אייביקער הנאה...

וואָס עלטער ער איז געוואָרן, אַלץ מער איז ער אַריינגעוואַקסן — ניט אין דער וועלט, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען, נאָר אין דער צווייטער

וועלט; וואָס באַקאַנטער ער איז געוואָרן מיט די רייד און די קלוגשאַפֿטן פֿון די חכמים, וואָס ער האָט געלערנט, אַלץ מער האָט ער געבענקט נאָך זיי, — צו זיין מיט זיי, צו זען משה רבינו, ווי ער לערנט מיט די יידן די סתרי־תורה, צו הערן דוד־המלכס אויסטייטשן זיינע קאַפּיטלעך תהילים אויף דער האַרפֿע, באַגלייט מיט דעם געזאַנג פֿון די מלאָכים, צו געפֿינען זיך אין די ישיבות פֿון יבנה און פּומפּדיתא, צו הערן די רייד פֿון די חכמים און אמוראים, צו פּילן און פֿאַרשטיין די סודות פֿון זוהר, צו זיצן פֿון דערווייטנס און צוהערן זיך צו די רייד פֿון שמעון בן יוחאי; פֿון אַ רבי, פֿון אַ ר׳ מאיר, צו געפֿינען זיך אין אַ קהל־חסידים פֿון אַ בעל שם־טוב און צו זען זיין ליכטיק פּנים. און דאָס אַלץ, האָט ער געוואוסט, קאָן ער ניט געפֿינען אויף דער וועלט, נאָר אויף דער צווייטער, אין דער ליכטיקער, דער אייביקער, וואו דער גאַנצער תּוך איז דאָ און דער אייביקער תּכלית, — און ער האָט זיך פֿאַרגעברייט אַהין צו גיין, און עס איז אים געוועזן דערווידער דאָס וואַרטן דאָ, אויף דער קליינער וועלט. צו וואָס? נאָר גאָט האָט געשיקט, און געשטעלט אַ געזעץ, און — בעל כּרחך! — אַזוי מוז עס זיין.

און האָט ער זיך געמוזט געפֿינען דאָ, קעגן זיין ווילן, האָט ער געזען אונטערטעניק צו מאַכן אַלץ וואָס עס בינדט אים אָן דער וועלט — אונטער יענער. דאָס ערשטע האָט ער געזען אונטערטעניק צו מאַכן זיין קערפּער — דער נשמה. ער האָט געוואוסט פֿון זיך און האָט געלערנט אין הייליקע מוסר־ספֿרים, אַז עס פֿירן אַן אייביקן קאַמף צווישן זיך דער קערפּער מיט דער נשמה. דער קערפּער ציט אַראָפּ, צו דער ערד, פֿון וואַנען ער קומט, און די נשמה בענקט אין דער הייך, צום רבונו־של־עולם, צום מקור, פֿון וואַנען זי קומט. אַלע תּאוות פֿון עולם־הזה קומען פֿון קערפּער, און יעדער בענקשאַפֿט נאָך העכערס קומט פֿון דער נשמה. די נשמה איז געפֿאַנגען אין קערפּער און דער קערפּער וויל זי אונטערטעניק מאַכן, כּדי זי, די נשמה, דער ניצוץ פֿון רבונו־של־עולם, די טאָכטער, דער אייניציקער געדאַנק פֿון דער אייביקייט, וואָס זיצט אין בשר־ודם, זאָל, חלילה, דינען צום גראָבן חומר. ער האָט דעם חומר אונטערטעניק גע־מאַכט דער נשמה מיט דעם, וואָס ער האָט אים אויסגעהונגערט. ער האָט אים קיין שפּייז ניט געגעבן, האָט אַלץ מער אויפֿגעהערט צו עסן. ער פֿאַסט שוין יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, און קומט ער אַהיים אין אַ געוויינלעכן טאָג, עסט ער נאָר צוליב דער ברכה, צוליב דער מצווה, און ניט צוליב דער הנאה פֿון עסן. זיין קערפּער איז שוין געוואָרן אַזוי לייכט און מאָגער אַז יעדן מאָל, ווען ער האָט נאָר געוואָלט, ווען די נשמה האָט זיך אין אים געשטאַרקט און די געדאַנקען האָבן אים פֿאַרטראָגן אין דער אַנדערער

וועלט, איז דער קערפּער מיטגעגאַנגען, — ער האָט אים שוין נישט גע־צויגן צוריק צו דער ערד, ער איז געוואָרן אַ קנעכט ביי דער נשמה, אַ כּלי, אין וועלכער זי האַלט זיך אויף...

דערנאָך האָט ער געפּרוואווט אַלע זיינע אברים אונטערטעניק מאַכן דער נשמה, זיי זאָלן נאָר איר אַליין דינען. דאָס לשון, דער איינציקער יתרון, וואָס גאָט האָט געגעבן דעם מענטשן פון אַלע באַשעפענישן, איז באַשאַפן צו דינען דער נשמה. ער האָט נאָר באַנוצט זיין לשון פאַר לערנען און דאַווענען, פאַר וועלטלעכע זאַכן איז ער שטום געווען, האָט זיך געהיט אַן איבעריק וואָרט אַרויסצורעדן, ווי ער וואָלט נאָר אַ באַגרענעצטע צאָל ווערטער פאַרמאָגט און געוואָלט זיי באַהאַלטן פאַר עפּעס וויכטיקס. דערנאָך האָט ער די אויגן אונטערטעניק געמאַכט. זיי האָבן נאָר געדינט אויף איינ־צוגראָבן זיך אין ספרים, אין סידורים און גמרות, זיי האָבן נאָר באַלויכטן די וועגן פון די געדרוקטע עמודים און אַנטפּלעקט אין די קליינע פיר־עקיקע אותיות דאָס ליכט פון דער זון און דעם שאָטן פון דער ערד, די פאַרבן פון רעגנבויגן און די באַלייכטונג פון די שטערן מיט דער לבנה. פאַר דער וועלט מיט אירע הנאהס זיינען זיי געווען פאַרשלאָסן. און אַז ער איז געגאַנגען איבערן געסל פון בית־המדרש אַהיים, זיינען די אויגן געווען איינגעגראָבן אין דער ערד, צו באַלייכטן זיין גאַנג אויף וויפיל מען דאַרף. און מיט דער צייט האָט ער זיינע אויגן אויסגעלערנט זען — ניט פון דרויסן, נאָר האָט זייער בליק אַנגעצויגן אויף אינעווייניק, און אינע־ווייניק האָבן זיי געזען די אייביקע הערלעכקייטן און די גרויסע ליכטער פון דער איינציקער וועלט. די זון האָבן זיי געזען זיבן מאָל אַזוי שטאַרק אין איר ליכט, און עס זיינען אַוועק די פּלעקן פון חומר; ער האָט געזען מיט זיינע אויגן דאָס אינעווייניקסטע ליכט פון דער נשמה, וואָס באַזעלט יעדן מענטשן, יעדן בוים און יעדער זאַך...

צוערשט האָט דער קערפּער פּראָטעסטירט, ער האָט ניט געוואָלט ווערן אונטערטעניק דער נשמה און געפאָדערט דאָס זייניקע. און האָט מען אים ניט געהערט, האָט ער דערמאָנט אַן זיך. ער איז קראַנק געוואָרן, אַנגעטאָן יסורים, מכּות, שוואַכקייטן. נאָר יואל האָט מיט פאַראַכטונג באַטראַכט די יסורים און די מניעהס פון קערפּער, ער האָט אים באַדויערט, ווי מען באַ־דויערט אַן אָרעמאַן, וואָס ער איז געמאַכט אויס אַ נידעריקן און שלעכטן שטאָף. און וואָס אָרעמער און שוואַכער דער קערפּער איז געוואָרן, אַלץ מער האָט ער אים פאַראַכט און אַלץ מער האָט ער איינגעזען, אַז עס האָט זיך טאַקע ניט געלוינט מיט אים זיך אָפּצוגעבן און פאַר אים צו לעבן, — אַ חומר, וואָס האַלט אין פוילן און צעפאַלן און גייט אונטער, — און דאָס זאָל זיין דאָס לעבן? — און אַלץ מער האָט עס אים צו דעם צווייטן, צו דעם איי־ביקן לעבן געצויגן.

די מאַמע האָט געזען, ווי ער פֿאַרגייט, און האָט געוויינט. ס'איז געווען אַ צער; און דער פֿאָטער האָט מוסר געזאָגט: „דער חומר איז אויך אַ טייל פֿון גאָט, און איז ער ניט קיין תכלית פֿאַר זיך, אָבער אַ סיבה פֿאַר דער נשמה איז ער, — דורך אים האַלט זיך די נשמה אויף אויף דער ערד, און ווען דער קרוג ווערט צעבראָכן, גיסט זיך אויס דער ווייך".

נאָר קיין מוסר און קיין טרערן האָבן ניט געהאָלפֿן, און ער האָט עס געבראַכט, אַז דער קערפער האָט זיך אויסגעלערנט דינען דער נשמה. ער האָט זיך איינגעוואוינט צו דערהאַלטן אים מיט דעם ווייניקסטן, צו פֿאַרטראָגן דאָס קאַלטסטע וואַסער אין די ווינטער־טעג, און די אויגן האָבן זיך אויסגעלערנט צו קוקן אינעווייניק, צו זען דעם תוך פֿון זאַכן, און ניט דעם דרויסנדיקן לייב, און דאָס מויל האָט זיך אויסגעלערנט צו רעדן דברי־תורה און הייליקייטן. און אַזוי איז ער ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען פֿון ד ע ר וועלט און איז אַריינגעקומען אין זיך, אין דער צווייטער וועלט.

מענטשן האָבן אים מבטל געמאַכט פֿון זיינע געדאַנקען. זיי האָבן אים מיט זייערע רייד אַראָפּגעשלעפּט אויף ד ע ר וועלט, — האָט ער זיי אויסגעמיטן. ער איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אויף גאַנצע טעג אין וועלדער, הינטערן שטעטל, און אַ באַהעלטעניש האָט ער געהאַט ביי אַ טייכל, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט ריטער. אויף וויאַרסטן ווייט האָט זיך קיין מענטש נישט געפֿונען, איז ער אַהין אַרויס פֿאַרטאָג, איידער די זון קומט אָן, און געבאָדן זיין לייב אין קאַלטן וואַסער מיט דעם זון־אויפֿגאַנג. דאָרט האָט ער אָפּגעריכט זיין דאַווענען און דאָרט האָט ער געקאָנט זיך אין גאַנצן אָפּגעבן אין זיין מחשבה דעם גרויסן תכלית, דער צווייטער וועלט. און קוים האָט ער געפּרוּווט אַריינקומען אין דער אַנדערער וועלט, איז דער קערפער אַזוי לייכט געוואָרן, אַז ער איז מיטגעגאַנגען, און אַלע זיינע חושים,— זיין געהער, זיינע אויגן, זיין מויל, און זיין געפֿיל, — האָבן נאָכגעפֿאָלגט דער נשמה. באַלד איז דער וואַלד געוואָרן אויס וואַלד. עס זיינען ניט געווען די טויטע ביימער, וואָס שטייען שטום און וואַקסן נאָר, מען זאָל זיי אויסהאַקן און פֿאַרברענען. יעדער בוים האָט געקראָגן אַ נשמה, און עס איז אַנטפּלעקט געוואָרן דער תכלית פֿון אים, וואָס ער וויל מיט זיין וואַקסן. דאָס רוישן פֿון די בלעטער איז נישט געווען מער קיין צופֿעליק שאָרכען פֿון ווינט. דאָס איז געוואָרן אַ געוויין איבער דעם אָן־תכלית פֿון דער וועלט, אויף וועלכער זיי געפֿינען זיך, אַ בענקעניש און אַ געבעט צו ווערן אַנגעהעפּט אָן דעם ניצוץ פֿון דער גרויסער וועלט.

און יואל שטייט צווישן זיי, און ער איז זייער שליח־ציבור, און ער דאַוונט פֿאַר זיי און בעט ביים רבונו־של־עולם רחמנות, און זיי דאַווענען שטום מיט. און באַלד ווערט דאָס רוישן פֿון וואַלד אַ געזאַנג און אַ לויב.

דאָס שאַלן דיביימער פֿאַר שמחה, זיי דערפֿילן דעם ניצוץ פֿון דעם אייביקן תּכלית, זיי פֿילן שטום דאָס גרויסע, אייביקע לעבן פֿון דער צווייטער וועלט.

דאָס לויפֿן פֿון וואַסער האָט געקראָגן אַ טעם, עס איז מקיים שטום און ערלעך גאָטס אַ שליחות, אָן קשיות, מיט דער תּמימות פֿון אַ דומם, און גאָט האָט דעריבער רחמנות און דערהייבט עס פֿון דומם, און עס דערפֿילט דעם כּוח, פֿון וואַנען עס קומט.

און אַלע באַשעפֿענישן פֿון וואַלד, פֿון דעם גרינגסטן ווערימל ביז צו דער ברומענדיקער חיה, און אַלע געוויקסן פֿון וואַלד, פֿון דעם מינדסטן גרעזל ביז צום בוים, און אַלע דוממס פֿון וואַלד, פֿון דעם גרינגסטן זעמדל ביז דעם שטיין, דערפֿילן דעם כּוח, פֿון וואַנען עס קומט דער געבאָט פֿון גאָט, זיין וואָרט און זיין רצון. זיי דערפֿילן דאָס שותּפֿות פֿון מענטש מיט דעמזעלבן כּוח, וואָס ער. און זיי ווערן שטאַלץ און גרויס, באַוואוסט, אַז זיי זיינען גאָטס באַשעפֿענישן. די גאַנצע וועלט דערפֿילט דעם ניצוץ, דעם כּוח, פֿון וואַנען זי קומט. אין דער מיטן פֿון דער וועלט, אינעווייניק אין איר, ברענט דער גרויסער ווילן פֿון גאָט, און אַלץ אין דער ערד איז אָנגעהעפֿט אָן דעם ווילן און ווערט שטאַלץ און גרויס. די גרענעצען ווערן אויסגעמישט, עס עפֿענען זיך אויף די הימלען, עס דערהייבט זיך די ערד און ווערט אָנגעהעפֿט אָן די הימלען, און עס איז נישט מער דאָ קיין טויט, נישט מער קיין דערוויייל, קיין הפסקה, — ניט קיין צוויי וועלטן, נאָר איין וועלט, איין ווילן, פֿון ערשטן ביז צום לעצטן — איין אחד!

---

ער איז געוואָרן זיבעצן יאָר, ווען ער האָט דערהערט דאָס געזאַנג פֿון דער וועלט. דאָס געזאַנג פֿון חי און דוממם, און ער האָט אָנגעהויבן פֿילן, אַז די וועלט איז נישט בלויז חומר און איז נישט בלויז אַ ליבוש און ציטלעך. ער האָט געהערט דאָס געזאַנג ביינאַכט אויף זיין געלעגער. אין שטיבל איז פֿינצטער געווען, נאָר די פֿינצטערניש האָט נישט געהאָט קיין גרענעץ און האָט זיך נישט געפֿונען אין שטיבל אַליין. עס איז געווען אַ טראָפּן פֿון דער גרויסער ים־פֿינצטערניש, אין וועלכער אַלץ איז צוגעדעקט. אין דער פֿינצטערניש האָט ער דערהערט דאָס בענקנדיקע געזאַנג פֿון דער וועלט.

ער האָט אַמאָל געקוקט אויף אַ זון־אונטערגאַנג, ווי די זילבערנע וואָלקנס שווימען אַריין אין אַ פֿלאַמענדיקער הייל, האָט ער דערהערט אַ געשריי, דאָס געשריי פֿון טאָג, ווען ער פֿאַרגייט, און דערפֿילט אין דעם געשריי די לעבעדיקע נשמה פֿון דער וועלט, ווייל איר ליבוש איז ניט אַזוי אייביק ווי זי. און ער האָט פֿאַרשטאַנען וואָס מען מיינט, ווען מען זאָגט, בשעת עס קומט די צייט, אַז די נשמה זאָל זיך טיילן פֿון קערפּער, — זי

וויינט, די בת־השמים, זי גייט צוריק צו איר פֿאָטער אין הימל מיט געוויין, ווייל זי האָט ליב געקראָגן דעם לבוש, די כּלי, אין וועלכער זי איז געזעסן אויף דער וועלט...

האָט ער אַמאָל אין דער לבנה אַריינגעקוקט, ביי קידוש־לבנה, האָט ער געהערט ווי זי זינגט, אַ זילבער קלאַנג קלינגט אָפּ אין דער וועלט פֿון איין חלל אין צווייטן, ווען די לבנה שיינט ביינאַכט. דורך דעם ווערט דער מענטש אַזוי איידל און אויסגעטאָן פֿון שלעכטס, ווען ער קוקט אין די שטערן ביינאַכט. און אפֿשר איז עס גאָר אין גאַנצן נשמות אָן לבוש, און דאָס, וואָס מיר זעען זיי, איז נישט מיט אונדזערע אויגן, נאָר אונ־דזערע נשמות זעען זייערע נשמות... דענסמאָל האָט ער דערהערט די שטים פֿון יעדן חי. יעדער גרעזל האָט זיין געזאַנג, און אַפֿילו די שטיינער פֿון דער וועלט האָבן זייער קול, און דאָס געזאַנג פֿון דער וועלט איז דאָס קול פֿון יעדן חי, צומח און דומם, — די שירות ותשבחות צו גאָט. און ער האָט געוואָלט אין דעם כּאַר אַנטייל נעמען, ניט מיט קיין ווערטער, וואָס זיינען תּפֿילות. יעדער געדאַנק קומט דאָך פֿון גאָט, — גיב איך צוריק גאָט פֿון דאָס זייניקע. די ווערטער זיינען זיינע; די קולות זיינען מיינע. איז ער אַרויסגעגאַנגען אין וואַלד און האָט געשריען צוזאַמען מיט די ביימער, מיטן רוישן פֿון וואַסער, מיטן צוויטשערן פֿון בוים־פֿויגל, מיטן שאָרן פֿון קריכעדיקן וואָרעם אויף די פֿאַרטריקנטע בלעטער, — געשריען אין איינעם מיטן חלל, מיטן הימל און מיט דער ערד.

דערנאָך האָט ער געלערנט, אַז געזאַנג און געשריי זיינען אויך נאָך צופֿיל געדאַנק, — דער גרעסטער לויב פֿאַר גאָט איז שווייגן... און געלערנט האָט ער דאָס פֿון דער נאַכט. פֿון צווישן אַלע באַשעפֿענישן, וואָס גאָט האָט באַשאַפֿן אויף דער וועלט, האָט ער זיך צום מערסטן אַנטפּלעקט אין דער נאַכט. די נאַכט איז אָן אַ קץ, און מען זעט זי נישט, נאָר מען פֿילט זי; און איז נישט פֿון דרויסן, ווי די זון, זי אי אינעווייניק, אין דיר. ביינאַכט קריגט יעדער באַשעפֿעניש צוריק זיין ריכטיקע, אינעווייניקסטע געשטאַלט, עס וואַרפֿט אַראָפּ פֿון זיך דעם דרויסנדיקן גלאַנץ, דאָס ביסעלע גרינס פֿון בוים, און דאָס ביסעלע גרינס פֿון דער ערד, און דעם קאָליר פֿון וואַסער, און די געשטאַלט פֿון אַ מענטש, — עס ווערט וואָס עס איז, מיט דער הוילער נשמה, און אַלץ ווערט צוזאַמענגעגאָסן, באַהעפֿט אין איינעם. עס זיינען ניטאָ אין דער נאַכט קיין הימל און קיין ערד, — אַ חלל אָן אַ ממשות; אַ געשטאַלט פֿון אַ מענטש, און אַ געשטאַלט פֿון אַ חי, אַלץ ווערט איינס, און דאָס איינע שווייגט. עס גיסט זיך אויס פֿון איין עק ביז צום אַנדערן, עס פֿילט אָן דעם אין־סוף, און עס שווייגט. און עס רעדט מיט זיין זיין — דאָס העכסטע וואָרט און דאָס גרעסטע געזאַנג. און ווען

ער איז אָנגעקומען צו דער מדרגה פֿון שווייגן, האָט ער דערפֿילט דעם אין־סוף . . .

---

אַמאָל, אויף אַ יאַר־מאַרק, ווען יואלס מוטער איז געשטאַנען אין גאַס ביי איר שטעל און פֿאַרקויפֿט שניט־סחורה, איז אָנגעקומען אַ פּויער פֿון אַ גאָענטן דאָרף, וואָס זי האָט געקענט, און געזאָגט פֿאַר מענטשן:

— דייך זון, זשידאָווקע, איז אַ באַהאַלטענער רבי, ער איז זייער אַ הייליקער מענטש.

די יידענע האָט זיך נישט געמאַכט דערפֿון וואָס דער פּויער האָט גע־זאָגט. נאָר די מענטשן, בעלי־מלאכות, קרעמער, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום דער קראָם און דאָס געהערט, האָבן אים אויסגעפֿרעגט:

— פֿון וואַנען ווייסטו, אַז ער איז אַ הייליקער?

— פֿון וואַנען איך ווייס? פֿרעג די פֿייגעלעך אין וואַלד, וועלן זיי דיר זאָגן. ער שטייט גאַנצע טעג אין וואַלד און מאַליעט זיך צו גאָט, און אַז ער דאַוונט, קומט אַ פֿייערל און שטעלט זיך פֿאַר אים, ווי אַ ליכטל וואָלט געברענט.

דעם גויס ווערטער זיינען באַלד פֿאַרשפּרייט געוואָרן אין שטעטל. מען האָט אָנגעהויבן דערפֿון צו רעדן אין בית־המדרש, ביי די בעלי־מלאכות. די בית־המדרש־בחורים האָבן דאָס געהערט, איז זיי די מעשה נישט גע־פֿעלן. מען האָט געוואוסט, אַז ער פּירט זיך אויף מאָדנע, פֿאַסט תּעניתים, רעדט נישט. דאָס איז שוין אַ סך נישט געפֿעלן, נאָר זיי האָבן נישט געהאַט געענוג טעם אויף אים אָנצופֿאַלן. דאָס, וואָס דער גוי האָט דערציילט וועגן גרויסן רביין, וואָס מאַליעט זיך אין וואַלד, הייסט עס, אַז דער בחור רעדט זיך איין, אַז ער איז אַ רבי, אַ הייליקער, באַדאַרף האָבן נסתּריות און יהידות. איז מען אַרומגעגאַנגען מיטן געדאַנק פֿון אים דאָס נאַרישקייט אַרויסצושלאָגן. די בית־המדרש־בחורים האָבן זיך פֿאַרגעברייט אים אַריינ־צונאַרן אין בית־המדרש און דאָרט אים אַרויפֿנעמען אויף אַ טיש און מאַכן אים די ריכטיקע „משקנתּא".

די חסידים פֿון זייער שטיבל, וואו יואל מיטן פֿאָטער האָבן געדאַוונט, זיינען געווען אויפֿגעבראַכט אויף אים פֿאַר דעם גאוות־הלב און אויך גע־וואָלט זיך מיט אים אָפּרעכענען. נאָר אַ פּאָר ווייבער און גראָבע יונגע יידן, בעלי־מלאכות, האָבן יאָ געגלויבט, נישט געגלויבט: אפֿשר אַ לאַמעד־וואָווניק, אַ פֿאַרבאָרגענער, און עס האָט זיך אָנגעהויבן צו וועקן ביי זיי די פֿאָלקס־פֿאַנטאַזיע, אין געהיים געהאָפֿט, אָבער זיי האָבן דרך־ארץ געהאַט פֿאַר דעם, וואָס יידן, חסידים, למדנים, זאָגן.

דער פֿאָטער איז אויך געוואָיר געוואָרן דערפֿון און געהאַט גרויס שברות־הלב איבער דעם, וואָס דער זון גייט אַרום מיט אַזעלכע גרויסע אויגן און וויל אַזעלכע זאַכן. און ער האָט, ווי אַלע אַנדערע, געמיינט, אַז די געדאַנקען זיינען געקומען צו יואלן מפּני גאוות־הלב און גרויסע אויגן, און ער האָט געהאַט עגמת־נפש.

---

עס איז געווען אַ זומער־פֿאַרנאַכט, אין די טעג פֿאַר תשעה־באב. אַ טרויעריקייט האָט אַרומגעהילט דאָס שטעטל, גלייך ווי אַ מת וואָלט געלעגן אין שטוב.

ר׳ אהרן מאיר, יואלס פֿאָטער, וואָס האָט זיך איינגעשלאָסן די גאַנצע דריי וואָכן פֿאַר תשעה־באב אין דער קאַלטער שול אַ גאַנצן טאָג און אָפּ־געזעסן שבעה, קלאָגענדיק אויף חורבן בית־המקדש, איז ערשט אַהיים גע־קומען פֿון פֿאַסטן און פּייניקן זיך אַ גאַנצן טאָג. חיה לאה, די מאַמע, האָט ביים אויוון אָפּגעקאָכט די קליסקעס אין מילך. דאָס טישל איז געווען האַלב באַדעקט מיט אַ טישטוך, — כאָטש אין טרויער, דאָך דעם טיש, וואָס איז געגליכן צום מזבח, ניט צו פֿאַרשעמען. יואל איז אַהיים געקומען פֿון וואַלד, וואו ער האָט זיך באַהאַלטן אַ גאַנצן טאָג. זיין דינער גוף איז געווען לייכט ווי אַן אויסגעצויגענער צוויג פֿון אַ צוקער־וואוקס, און הויל ווי אַ שטאַנג, אַז עס איז געווען אַן אימה, אַז ער זאָל זיך נישט איבערברעכן. אויף דעם דאַרן, הויכן קערפּער האָט זיך געוואַקלט זיין גרויסער און שווערער קאָפּ, וואָס האָט אויסגעזען, גלייך ער וואָלט זיך געהאַלטן אויף דעם דינעם, קינדערשן האַלדז, ווי דורך אַ נס. אַ הויכער ברייטער שטערן, אַ שטאַרקער און אַ גלאַנצעדיקער. פֿון ביידע זייטן שלייפֿן האָט זיך אַרויסגעשניטן דער שאַרפֿער בייז פֿון שטערן — ווי אַ שטיק שטאָלענע בלעך, און אַ געוועב פֿון בלויע אָדערן האָט אַנגעפּילט דעם הויל פֿון די שלייפֿן־ווינקלען. שטרענגע אויגן, גרויע, וואָס האָבן געקוקט בייז, ניט פֿריינטלעך פֿון זיינע שיטערע, גרוי־באַוואַקסענע ברעמען; די נאָז איז ביי אים געווען אַ הויי־קערדיקע, מיט אַ ביין אין מיטן, ווי זי וואָלט געווען דורכגעהאַקט, נאָר אַרום די ברייטע ליפּן, אין די קין־גריבלעך, האָט זיך באַהאַלטן אַ קינדיש־ווייכער שמייכל. ער איז געזעסן ביים טיש מיטן פֿאָטער, אַ פֿאַרכמאַרעטער, אַ פֿאַרטראַכטער און אַ שווייגנדיקער. דער פֿאָטער האָט שוין אייניקע מאָל געברומט אונטער דער נאָז, אַ וואָרט אין דער וועלט אַריין:

— בעל־חשק, דאָס קומט פֿון איינריידעניש... מיט דעם זעלבן כּוח וואָס דער בעל־עבירה... דעם יצר־הרעס אַ מעשה.

יואל האָט געשוויגן אויף דעם פֿאָטערס פֿאַרוואורף. אויף זיינע ליפּן האָט זיך נאָר געוויזן אַ ביטערער שמייכל און די אויגן זיינען אים גרויס געוואָרן.

די מאַמע איז געזעסן אין אַ ווינקל, געהאַלטן דאָס טעלערל אין האַנט און געקוקט אויפֿן מאַן מיטן זון. זי האָט אויך אין גאַס געהערט דערציילן אויפֿן זון. אינעווייניק, אין האַרצן, האָט עס זי געפֿרייט, אַ פֿאַרבאָרגענע האָפֿענונג און ליבע האָבן אָנגעהויבן צו וועקן איר פֿאַנטאַזיע. דאָך האָט זי געשוויגן און מורא געהאַט מיט אַ וואָרט זיך אַריינמישן אין די גרויסע, פֿאַרבאָרגענע זאַכן, וואָס קומען פֿאָר צווישן איר מאַן און קינד.

— הייסט עס, אַז כבוד איז ביי דיר אויך שוין גאָרנישט, אַז דו שווייגסט. און אפֿשר ביסטו שוין מבטל די עשות פֿון דער תורה — אַ קשיא אויף נסתרות?

— טאַטע, — האָט זיך יואל אָפּגערופֿן מיט גרויס שרעק איבער דעם וואָרט, וואָס דער פֿאָטער האָט געזאָגט, — איך לערן ניט קיין קבלה.

— אם כן, וואָס דען איז עס? וואָס איז, ווידער, דער וואַלד? וואָס איז דאָס נסתרות? דאַווענען און לערנען קאָן מען דאָך אין בית־המדרש אויך?

יואל האָט געשוויגן. ער האָט ניט געקאָנט דעם פֿאָטער דערציילן, וואָס ער דענקט אין וואַלד און פֿאַרוואָס ער גייט צווישן חי און דומם אַרום, — זיי אויפֿצוהייבן, כדי צו פֿאַרשטיין דעם כוח פֿון וואַנען זיי ווערן, אַז אַזוי אַרום זאָלן זיי זיך פֿילן אָנגעבונדן אין נצחיות. ערשטנס, איז עס געווען זיין סוד, וואָס ער האָט פֿאַר קיינעם נישט געקאָנט דערציילן. און וויפֿיל ער האָט נישט געוואָלט איצט מקיים זיין די מצווה פֿון כבוד־אב און שטיין פֿאַרן טאַטן ווי אַן עבד מפני רבו, — ווייל ער האָט זיך ווירקלעך געשראָקן פֿאַר מצוות כבוד אב ואם, — האָט ער דאָך דעם פֿאָטער נישט געקאָנט דערציילן פֿון גאָרנישט. יואל האָט געקאָנט דעם פֿאָטער און גע־וואוסט זיין דרך. עס איז געווען דער דרך פֿון אַ סוחר, וואָס באַטראַכט די וועלט פֿאַר אַ יאַר־מאַרק, אויף וועלכן מען איז אַראָפּגעקומען איינ־האַנדלען זיך מצוות און מעשים־טובים פֿאַר דער צווייטער וועלט... און אויף דעם דרך האָט ער אים אויך געפֿירט, ווען ער איז געווען אַ יינגל. לערנען אַ סך, דאַווענען אַ סך, קויף איין אַ סך, און דאָרט וועט מער דיר דער־פֿאַר באַצאָלן. ער האָט שוין געוואוסט, אַז די מדרגה על מנת לקבל פרס, איז די מדרגה פֿון קנעכט. ער איז אָבער שוין צוגעקומען צו דער מדרגה פֿון בן, פֿון יורש. ער איז דאָ אויף דער וועלט, די יצירה, וואָס פֿירט אין זיך מערסטן דעם ניצוץ פֿון גאָט, פֿון אחד און פֿון אייביק, — און זיין אויפֿגאָבע איז דאָ ניט צו האַנדלען, נאָר צו טאָן אויף דער וועלט, אין אַ קלענער מאָס, דאָס, וואָס דער כביכול טוט אויף יענער וועלט, — קלאָר צו מאַכן דעם כוח פֿון יעדערן, אַז ער זאָל פֿילן אין זיך דעם ניצוץ פֿון

גאָטס ווילן, כּדי זיך אָנצובינדן אין נצחיות, — איז ווי אַזוי קאָן ער דאָס זאָגן דעם פֿאָטער, פֿאַרשעמען אים, חלילה?

אין שטיבל איז געווען שטיל. דאָס לעמפּל האָט געברענט. פֿאָטער און זון זיינען געזעסן ביים טיש שווייגנדיקע, דאָס עסן אויפֿן טיש נישט אָנגערירט, און די מאַמע אין ווינקל, אויפֿן קעסטל, מיטן טעלערל אין האַנט, און האָט מורא זיך אַריינצומישן אין דעם גרויסן געשפּרעך. און די שאָטנס פֿון אַלע דריי ציען זיך אויס איבער דער וואַנט, קריכן אויפֿן באַלקן, און שפּילן נאָך דאָרטן דאָס שטילע שווייגן, וואָס די לעבעדיקע ביים טיש.

---

צו מאָרגנס אין דער פֿרי, ווען יואל איז אַריינגעקומען אין בית־המדרש מיטן תּפֿילין־זעקל און געוואָלט צוגיין צום ספֿרים־שאַנק אַרויס־נעמען אַ ספֿר צו לערנען, האָט ער דעם ערשטן פּאַטש געקראָגן פֿון לייבל בער, דעם מקווה־ייד, דעם גבאי פֿון בית־המדרש. ביי לייבל בערן האָבן זיך אָנגעצונדן די אויגן מיט קנאָהשן פֿייער, און דאָס שוואַרצע, שפּיציקע בערדל האָט זיך ביי אים אויפֿגעשטעלט:

— שייגעץ, אַרויס פֿון דאַנען!

יואל האָט אים אָנגעקוקט מיט די גרויסע, גרויע אויגן, מיט זיין גלייכגילטיקן בליק, אָן אויסדרוק, און די ליפּן האָבן געשמייכלט, געשוויגן. ער האָט געוואָלט ווידער צוגיין צום ספֿרים־שאַנק, נאָר הענט האָבן אים געכאַפּט פֿון הינטן און געטראָגן אים מיט אימפּעט צו אַ טיש.

— מאַכט פּלאַץ, מאַכט אַ וואָרע, דער נסתּר גייט, דער קדוש־וטהור.

— וואו וועט ער אָפּריכטן טיש? — האָבן אַנדערע געפֿרעגט — אָט אַ דאָ! אָט אַ דאָ!

עס זיינען געווען בחורים מיט בלאַסע פּנימער ווי יואל, דאַרע און אויסגעהונגערטע, מיט גליענדיקע אויגן, מיט אַרויסשטאַרנדיקע קראַקס פֿון די העלדזער, טייל מיט פּאות, טייל אָן פּאות; אַלע האָבן זיך צונויפֿ־געפֿלאָכטן אין איינעם און יואל איז געווען אַריינגעקנאָטן אין זיי. זיי האָבן אים אַרויפֿגעלייגט אויף אַ טיש, פֿאַרדרייט אים אויף דער צווייטער זייט, און זיין אָרעמער, דינער קערפּער איז איבערגעגעבן געוואָרן אין זייערע הענט.

— שטייט, וואַרט, אָט אַזוי פּראַוועט מען טיש ביים נסתּר! — האָט אויסגערופֿן דער זעלבער לייבל, וואָס איז געווען אַליין אַ לאַנגע צייט אַ בית־המדרש־בחור, און כאָטש שוין התונה געהאַט, חברט ער זיך אַלץ מיט די בחורים. ער האָט אים דערלאַנגט דעם ערשטן פּאַטש, און די בחורים נאָך אים.

אַז זיי האָבן אים אָפּגעלאָזט, איז יואל געבליבן ליגן נאָך אַ לאַנגע צייט אויפֿן טיש. דערנאָך האָט אים ווער געהאָלפֿן אויפֿשטיין. זיין פּנים האָט זיך גאָרנישט געהאַט געענדערט. דער זעלבער גלייכגילטיקער בליק פֿון די גרויע אויגן, דאָס זעלבע גאָרנישט זאָגנדיקע, פֿאַר־זיך־אַליין־שמייכעלע אויף די געשפּאָלטענע גראָבע ליפּן. ער האָט זיך נישט געשעמט, עס איז געווען ווי ער וואָלט געזאָגט: איך וועל דווקא אַזוי טאָן, — און אַלע האָבן עס געזען.

אַ לענגערע צייט איז ער געזעסן אויף דער באַנק. אַרום אים — אַ גרופּע בחורים. זיי האָבן אים שוין נישט געשלאָגן. אין אַ טייל בליקן איז געלעגן רחמנות. נאָר יואל האָט קיינעם נישט געזען, — נישט די בחורים אַרום, נישט זייערע בליקן. זיינע אויגן האָבן ערגעץ־וואו ווייט, ווייט געקוקט...

דערווייל האָט זיך דערהערט אין געסל, אַז די בחורים שלאָגן דעם „הייליקן" אין בית־המדרש. די קצבים, וועלכע זיינען געווען אין מאַרק ביי די יאַטקעס, זיינען אויפֿגעקאָכט געוואָרן.

— פֿאַרוואָס האָבן זיי אים צעשלאָגן? איז ער נישט קיין הייליקער, קומט אים צו שלאָגן? — האָט זיך אָנגערופֿן איינער פֿון זיי.

— נאָר איינער, עס קרענקט זיי, פֿאַרוואָס זיי זיינען נישט קיין הייליקע, שלאָגן זיי אים.

— בערל, דו גייסט מיט אַרונטער? זיי וועלן אים דערפּייניקן, — האָט געזאָגט קומענדיק צו לויפֿן אַהרן היטל־מאַכער, וואָס איז שטענדיק געווען גרייט צו גלויבן אין אַן אַנדערן, און פֿון יואלן האָט ער שוין געהערט און לאַנג אים געהאַלטן פֿאַר אַ הייליקן.

אין בית־המדרש זיינען אַריינגעקומען אַ צוויי יונגע קצבים, מיט אַהרן היטל־מאַכער. עס האָט זיך מיט זיי מיטגעשלעפּט נאָך פֿישער, אַ ייד, וואָס גלויבט זייער אין כּישוף. אַרומגעקוקט זיך און דערזען יואלן זיצן אויף דער באַנק, אַן אָפּגעריסענעם, אַן אויסגעקנייטשטן, מיט רויִקע, קלאָרע אויגן, וואָס האָבן געקוקט פֿאַר זיך, זיינען די אַריינגעקומענע אויפֿגעציטערט געוואָרן פֿאַר כּעס:

— ווער האָט אים געשלאָגן, ווער? — האָט זיך צעשריִען חיים קצב.

— איך וועל אייך די קעפּ שפּאַלטן, פּרעסערס!

— זיי זיינען בייז אויף אים, וואָס ער קאָן יאָ און זיי נישט, שלאָגן זיי אים. איך וועל אייך דאָ וויַיזן שלאָגן.

די בחורים האָבן געציטערט פֿאַר מורא. די הויפּט־שלעגערס, מיט לייבל בערן, האָבן זיך איינציקווייז אַרויסגערוקט און אַנטלאָפֿן.

— רב יואל, ווער האָט אייך געשלאָגן? עס טוט אייך וויי? אפֿשר אַ גלאָז וואַסער?

— גיב אים אַ גלאָז וואַסער. זעהסט דאָך, וואָס די עכברושים, די גנבים, האָבן געמאַכט אויס אים, — רופֿט זיך אָן דער היטל־מאַכער.

יואל האָט זיך ניט אָפּגערופֿן, ניט געענטפֿערט, געקוקט אויף דעם היטל־מאַכער מיט זיינע גליענדיקע אויגן, ווי אויף די בחורים, וואָס האָבן אים געשלאָגן. און ווען דער היטל־מאַכער האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט, אַזוי ווייך און מיט ליבע ווי ער האָט נאָר געקאָנט, האָט ער אים אַוועקגעמאַכט די האַנט און ווייטער געשוויגן.

— איך וועל זיי דאָ דעם טויט מאַכן, די גנבים. ווער האָט עס געטאָן? ווער? — האָט דער היטל־מאַכער פּלוצלינג זיך צעהיצט און אָנגעהויבן פּאַטשן אָן אומשולדיקן בחור, וואָס איז געשטאַנען דערביי. — ער איז אַ הייליקער, אַ רבי. די גויים, להבדיל, האָבן אים אַפֿילו דערקענט, אַז ער איז אַ הייליקער, — האָט דער היטל־מאַכער אויסגערופֿן, קוקנדיק מיט שרעק אויף יואלס גלעזערנע אויגן.

און ווי דער היטל־מאַכער האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער, אַזוי האָט ער מיט זיי דערוועקט אָן אימה ביי די אַנדערע מענטשן. די קצבים־יונגען האָבן זיך געשראָקן נעענטער צוצוגיין צו אים און באַטראַכט אים פֿון דער־ווייטנס. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי דערזעען אין אים עפּעס אומגעוויינ־לעכס, אַז אויף זיין פּנים רוט אַ הייליקער גלאַנץ, וואָס מען טאָר עס נישט זען, און באַלד וועט זיך זיין מויל עפֿענען און זיי וועלן דערהערן פֿון אים עפּעס אַזוינס, וואָס זיי וויסן אַליין ניט.

נאָר יואל האָט זיך פּלוצלינג אויפֿגעהויבן פֿון אָרט, איז צוגעגאַנגען וואַקלדיק צום כּיור, זיך אָפּגעוואַשן די הענט, אַריין אין אַ ווינקל, פֿאַר־שטעלט דאָס פּנים אין דער וואַנט, אָנגעטאָן זיך די תּפֿילין און גענומען דאַווענען.

לאַנג און שטיל האָט געדויערט זיין דאַווענען. מען האָט גאָרנישט אָנגעזען, נאָר אויף די קצבים־יונגען און אויף דעם היטל־מאַכער, און אַפֿילו אויף די אַנדערע בעלי־הבתּים, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין בית־המדרש, נאָר ביז איצט גאָרנישט באַמערקט יואלן און נישט אינטערע־סירט זיך מיט דעם, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען, — זיין דאַווענען האָט געמאַכט אויף זיי אַ שטאַרקן און רירנדיקן איינדרוק. וואָס לענגער עס האָט געדויערט און וואָס שטילער עס איז געווען און וואָס ווייניקער זיי האָבן געזען זיין פּנים, אַלץ מער זיינען זיי גערירט געוואָרן. זיי האָבן נאָר געזען, ווי ער האָט איינגעגראָבן זיין פּנים אין די הענט און איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך אַ לאַנגע, לאַנגע צייט, אַזוי ווי ער וואָלט געשלאָפֿן שטיי־ענדיקערהייט. פֿון צייט־צו־צייט האָט זיין דינער קערפּער געגעבן אַ צוק, זיך אַ ריר געטאָן, און זיין גרויסער קאָפּ האָט זיך אַ שאָקל געטאָן, און עס

האָט זיך געוויזן זיין פּנים, ווי מיט אַ מאַסקע איבערגעצויגן, בלייך ווי דער טויט, און דאָך לעבעדיק און ציטערדיק; די אויגן פעסט פאַרשלאָסן און דאָס מויל מיט די ליפּן קראַמפּיק פאַרביסן. דאָס האָט נאָר געדויערט אַ מינוט. באַלד האָט ער ווידער צוריקגעוואָרפן דאָס פּנים צו דער וואַנט און זיין גאַנצער גוף איז ווי איינגעשלאָפן.

די יידן, וואָס האָבן שוין אין יואלס באַוועגונגען אַנטפּלעקט עפּעס אויסערגעוויינלעכס, זיינען דערציטערט געוואָרן פון זיין דאַוונען. אַ סך פון זיי האָבן זיך דערמאָנט אָן מעשיות פון הייליקע צדיקים, לאַמעד־וואָווניקעס.

— האָסט געזען? האָסט געזען? — האָט דער היטל־מאַכער אין דער שטיל, מיט אימה געזאָגט צו די אַרומשטייענדיקע.

— זע ווי ער צוקט, זע, דאָס רעדט ער מיט די מלאכים.

— נאָר איינער, איז ער דען איצט דאָ? ער איז איצט נישטאָ. ער איז ערגעץ אַנדערש־וואו, איך ווייס ניט וואו ער איז, ער איז איצט נישטאָ, — האָט זיך אָנגערופן אַ קליין יידל, אַ שוסטערל, וואָס קיינער האָט אים ביז איצט נישט באַמערקט און קיינער האָט נישט געוואוסט, אַז דאָס קליינע שוסטערל, דער דאָרף־גייער, וואָס זאָגט תהילים אַ גאַנצן שבת, זאָל וויסן פון אַזוינע זאַכן און זיך אַריינמישן.

די פּראָסטע ווערטער, „ער איז איצט נישטאָ", האָבן אַלעמען דערציטערט. מען האָט דערזען אין זיין אומבאַוועגלעכן שטיין און צוקן מיטן קערפּער וואונדערלעכע זאַכן.

נאָר פּלוצלינג האָט זיך יואלס קערפּער אָנגעהויבן וואַקלען ווי שיכור. די פיס האָבן זיך אים אָנגעהויבן טרייסלען און ער האָט זיך איינגעבויגן, ווי אַ ווינט לייגט אַוועק אַן אליין־שטייענדיקן בוים: צוערשט אויף איין זייט, דערנאָך האָט ער זיך געגעבן אַ וואַקל אויף דער צווייטער זייט און איז אומגעפאַלן. די אויגן און די ליפּן זיינען געווען פאַרשלאָסן און פאַרהאַקט ווי פריער, נאָר דאָס פּנים איז געווען פינצטער און אַ רויטער בלוט־פלעק, וואָס איז אים איבערגעבליבן, אַ נישט־אָפּגעוואַשענער, אונטער אַן אויער, האָט איצט, ביים פאַלן, זיך צעבלוטיקט, און דאָס רויטע בלוט אויף דעם שוואַרצן, אויסגעמאַטערטן פּנים, האָט אַרויסגערופן אַ ציטער־ניש ביי די אַרומשטייענדיקע. מען איז צוגעלאָפן צו אים, אים אויפגעהויבן, און דער היטל־מאַכער האָט אָנגעהויבן שרייען:

— וואַסער, וואַסער, דערלאַנג וואַסער!

מען האָט דערלאַנגט וואַסער. יואל האָט ניט געוואָלט עפענען די ליפּן. אַ קליינער ווייסער שוים האָט געשלאָגן פון מויל און געבלעזלט זיך צווישן די ציין. דער היטל־מאַכער האָט אים אויפגעריסן דאָס מויל, אַריינגעגאָסן

וואַסער. יואל האָט אַ צוק געטאָן מיטן קערפּער און אַ שוידער האָט אויפֿגעציטערט די מוסקולן פֿון זיין פּנים. ער האָט אויפֿגעעפֿנט די אויגן און פֿרעמד זיך אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט נישט געוואוסט אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט ער געפֿינט זיך, און איינקאַרטשענדיק זיך ווי אַ וואָרעם, איז ער ווידער געלעגן, הויך און שווער אָפּגעהעשעט, פֿאַרשליסנדיק די אויגן.

— זיי האָבן אים פֿאַרמוטשעט, — האָט דער היטל־מאַכער געזאָגט.

— גיי שוין, גיי, דו מיינסט, אַז דאָס איז פֿון שלאָגן. פֿון דאַווענען, נאַר, — האָט געזאָגט אַ צווייטער.

— וואָס פֿון דאַווענען? ער קומט איצט פֿון ערגעץ אַנדערש־וואו. ער איז ערגעץ־וואו געווען און איצט קומט ער צוריק. איך ווייס נישט, וואו ער איז געווען, — זאָגט ווידער דאָס קליינע שוסטערל מיט זיין סודותדיקן טאָן און מינע.

אַז יואל איז געקומען צו זיך, האָט ער זיך אויפֿגעהויבן, און וואַקלענדיק זיך אויף די פֿיס, האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצוגיין.

דער היטל־מאַכער, פֿון איין זייט, און דאָס קליינע שוסטערל, פֿון דער צווייטער, האָבן אים אָנגענומען ביי די הענט און געפֿירט איבערן געסל. יואל האָט זיך געלאָזט.

— האָסט געזען? האָסט געזען? ער איז דאָך מיט די תּפֿילין אויפֿן קאָפּ אַרויסגעגאַנגען?

— די תּפֿילין אויפֿן קאָפּ. יאָ, נאָ, זע, אָט גייט ער דאָך מיט די תּפֿילין אויפֿן קאָפּ!

— און וואו האָט ער געהאַט די תּפֿילין, ווען ער איז געפֿאַלן?

— זיי זיינען אים פֿון קאָפּ ניט אַראָפּגעפֿאַלן.

— דו הערסט, די תּפֿילין זיינען אים פֿון קאָפּ נישט אַרונטערגעפֿאַלן.

און דאָס, וואָס די תּפֿילין זיינען אים פֿון קאָפּ נישט אַרונטערגעפֿאַלן, ווען ער איז געפֿאַלן, איז געווען דאָס וואונדער, וואָס האָט מיט אַמאָל אַלעמענס הערצער געוואונען פֿאַר דעם באַהאַלטענעם הייליקן.

די בעלי־מלאכות האָבן אים מיט די תּפֿילין אויפֿן קאָפּ אין שטיבל אַריינגעפֿירט. אין אַ ווינקל איז די מאַמע געזעסן, אַ פֿאַרצאָגטע, מיט אויסגעוויינטע אויגן. זי האָט שוין אין גאַס געהערט פֿון איר זונס שאַנד.

יואל האָט גאָרנישט גערעדט, האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל, שטום, מיט גלאַנצנדיקע, פֿאַרטראַכטע אויגן. די מאַמע האָט וויינענדיק פֿאַר אים אַנידערגעשטעלט אויפֿן טישל אַ טעצל קאַווע מיט אַ זעמל. דאָס זעמל האָט ער נישט געגעסן, נאָר די קאַווע האָט ער געטרונקען.

אַלץ, וואָס יואל האָט איצט געטאָן, איז שוין באַטראַכט און באַמערקט געוואָרן פֿון מענטשן, וואָס האָבן געקוקט דורך די פֿענצטער, דורך אַ

שפּאַרע אין דער טיר, און יעדער זאַך איז געוואָרן אויסגעטייטשט פֿאַר אַ נס. און דאָס, וואָס די תּפֿילין זיינען אים פֿון קאָפּ נישט אַראָפּגעפֿאַלן, האָט זיך מיט דער שנעלקייט פֿון אַ בליץ פֿאַרשפּרייט איבערן שטעטל און האָט געוואונען הערצער פֿאַר אים.

נאָך דעם זעלבן אָוונט איז יואל ערגעץ־וואו פֿאַרשוואונדן...

---

ער איז אַוועק פֿון דער היים. ביינאַכט איז ער געגאַנגען אויפֿן וועג צום נעענטסטן דאָרף. ער איז מיד געוואָרן און אַוועקגעזעצט זיך אויף אַ שטיין. האָבן שקצימלעך דערזען ווי אַ ייד זיצט אויף אַ שטיין פֿאַרטראַכט, האָבן זיי אין אים געוואָרפֿן שטיינדלעך און גערופֿן אים: „זשיד, זשיד!"

יואל האָט זיי באַטראַכט מיט די זעלבע בליקן, וואָס נעכטן די בחורים. ער האָט אָפּגעקערט פֿון וועג און איז ווידער אַריין צווישן פֿעלדער און סעדער, אין אַ וואַלד אַריין, ווידער אויפֿגעזוכט אַ וואַסער, און פֿאַר מידקייט און הונגער איז ער אַנידערגעפֿאַלן און איז איינגעשלאָפֿן. ער איז געלעגן אַ פּאָר שעה אונטער דער זון און האָט גאָרנישט געפֿילט. אַז ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט ער דערפֿילט אַ שוואַכקייט און אַ פֿאַרלאַנג נאָך עסן. דער הונגער האָט אים געפּייניקט. ער האָט געפּרואווט פֿאַרגעסן דעם הונגער מיט זיינע געוויינלעכע מיטלען, וואָס ער האָט זיך מכוון געווען צו געדענקען עס בלויז אין דער נשמה, נישט אין קערפּער, נאָר פֿון הונגער זיינען זיינע געדאַנקען אָפּגעשוואַכט געוואָרן און ער האָט קיין כּוח נישט געהאַט זיך צוזאַמענצונעמען. ער האָט אָנגעהויבן צו וויינען און צו בעטן גאָט: „טאַטע, טאַטע, באַפֿריי מיך פֿון דער מענטשלעכער הצטרכות".

ער האָט אַזוי לאַנג, הילפֿלאָז, קינדיש און שוואַך געוויינט, ביז ער איז ווידער אומגעפֿאַלן און פֿאַרזונקען געוואָרן אין אַ חלום. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז אימעצער גלעט אים איבערן קאָפּ, און ער ווערט פֿון עפּעס פֿריי, אַ שווערע לאַסט פֿאַלט פֿון די פּלייצעס אַראָפּ און ער ווערט לייכט, די הענט און פֿיס זיינען גרינג, זיי הייבן זיך, הייבן זיך, און מיט אַמאָל האָט ער זיך געפֿונען אין דער לופֿטן, צווישן הימל און ערד, און באַלד האָט ער זיך געבאָדן אין זילבערנע וואָלקנס, — פֿון איין זילבערנעם וואָלקן אַרויס, אין צווייטן אַריין. און ווען ער איז געווען אין די זילבערנע וואָלקנס, האָט ער געהערט מוזיק שפּילן און אַ שטיל, שטיל געזאַנג, און דאָס געזאַנג האָט אים געזעטיקט; דאָס געזאַנג האָט אָנגעפֿילט זיינע ביינער מיט אַ זעטיקייט, און באַלד איז ער אַליין געוואָרן אַ געזאַנג... ניין, אַ זילבערנער וואָלקן און אַ געזאַנג, און ער וויקלט זיך און וויקלט

זיך מיט די אַנדערע וואָלקנס, דאָ דערהייבט ער זיך מיט זיי, דאָ רייסט ער זיך אָפּ פֿון זיי און שווימט און זינקט אין ווייטן, ווייטן, אין קץ אַריין...

אַזוי איז ער געלעגן אַ גאַנצע צייט און געהאַלטן אין איין שווימען, אין איין זינגען, ביז מענטשן האָבן אים אויפֿגעוועקט. ער האָט געזען פֿאַר זיך פּויערים אין העמדער, מיט העק אין די הענט. ער האָט גע־קוקט אויף די פּויערים און האָט זיי נישט דערקענט. ער האָט געדענקט, אַז ערגעץ האָט ער געזען אַזעלכע ברואים, אָבער ער האָט נישט געוואוסט ווו ער האָט זיי געזען און ווי מען רופֿט זיי. זיי האָבן גערעדט צו אים, ער האָט זיי פֿאַרשטאַנען און געוואָלט ענטפֿערן, האָט ער אָבער נישט גע־קענט, ער האָט פֿאַרגעסן די מענטשלעכע שפּראַך. זיי האָבן אים גענו־מען אונטערן אָרעם און געפֿירט אים, און אים האָט זיך נאָך אַלץ געדאַכט, אַז ער פֿליט און זינגט אין די וואָלקנס. זיי האָבן אים אַריינגעבראַכט צום יידישן קרעטשמער. ער האָט דערפֿילט זויער־מילך, דעם ריח פֿון עפּל, און האָט דערקענט יידן. דאָרט האָט מען אים אָנגעטרונקען מיט מילך, געגעבן אים ברויט צו עסן. די אויגן זיינען אים ליכטיקער געוואָרן, ער האָט דערזען אויף וואַסער וועלט ער געפֿינט זיך, — און אַ בענקעניש האָט אים אַרומגענומען.

---

דערווייל האָט די שטאָט זיך אויפֿגעכאַפּט מיט דער נייס, אַז דער פֿאַרבאָרגענער צדיק איז פֿאַרשוואונדן. אין בית־המדרש, צום דאַווענען, איז געוואָרן אַ געקאַך, אַ גערודער און אַ געשריי ווי אין אַן אויפֿגערעגטן בינשטאָק. מיט אַ מאָל האָבן אַלע דערזען אין יואלס טאָן, ריידן און דרכים עפּעס אויסערגעווענלעכס. שוין אָפּגערעדט פֿון דעם וואונדער ביי זיין נעכ־טיקן דאַווענען, וואָס די תּפֿילין זיינען ביי אים פֿון קאָפּ נישט אַראָפּגעפֿאַלן, בשעת ער איז געפֿאַלן, און ער איז מיט זיי אַהיים געגאַנגען איבער דער גאַס, האָבן מענטשן אָנגעהויבן זיך דערמאָנען זאַכן, וואָס זיי האָבן שוין פֿון לאַנג באַמערקט אין אים און קיינעם ביז איצט נישט געוואָלט דערציילן. אַפֿילו זיינע חברים, די בית־המדרש בחורים, וואָס האָבן אים ערשט נעכטן געשלאָגן, האָבן זיך דערמאָנט וועגן אים אַ סך זאַכן. איינער האָט דערציילט, אַז ווען ער איז אַמאָל אין מיטן דער נאַכט אַריינגעקומען אין בית־המדרש אַריין, האָט ער געזען ווי יואל זיצט ביי אַ גמרא און לעבן אים זיצט אַן אַלטער, פֿרעמדער מאַן, מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד, און לערנט עפּעס מיט יואלן און גיט אים עפּעס צו פֿאַרשטיין. אָבער ווי נאָר ער איז צוגע־קומען נעענטער צום טיש, וואו יואל מיטן אַלטן פֿרעמדן זיינען געזעסן, איז דער פֿרעמדער פֿאַרשוואונדן און געבליבן איז נאָר יואל אַליין.

אַנדערע בחורים האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן געטראָפֿן יואלן מיט דעם אַלטן פֿרעמדן שפּאַצירנדיק אין די פֿאַרנאַכטן צום בית־עולם צו. דער פֿרעמדער אַלטער האָט קיין אַנדערער נישט געזאָלט זיין ווי אליהו הנביא, אָדער דער רא״י הקודש, וואָס איז אַראָפּגעקומען לערנען מיט יואלן די סתרי־תּורה. אַנדערע האָבן ווידער דערציילט ווי יואל איז געשטאַנען און געדאַוונט און פּלוצלינג האָט זיך דאָס ליכט פֿון עמוד, וואו יואל איז געשטאַנען, אַליין אָנגעצונדן.

נאָכן אָנבייסן האָט דער היטל־מאַכער מיטן קליינעם שוסטער זיך אַרויפֿגעכאַפּט אויף אַ קצבישער פֿור און אַרויסגעפֿאָרן אין וואַלד זוכן דעם צדיק. זיי זיינען פֿאַרפֿאָרן צו דעם גוי, וואָס האָט יואלן געטראָפֿן אין וואַלד דאַווענען, און זיינען געוואויר געוואָרן, אַז ווען יואל האָט געדאַוונט אין וואַלד, האָט אַ ליכט געברענט פֿאַר אים און פֿייערדיקע שטראַלן האָבן באַלויכטן זיין קאָפּ. אויף דעם אָרט, וואו ער איז געשטאַנען, איז פּלוצלינג, איבער דער נאַכט, אויסגעוואַקסן אַ הויכער, געזונטער, יונגער דעמב, אויף וועלכן דער פויער האָט זיי אָנגעוויזן אין וואַלד.

— הונדערט יאָר האָט עס געדאַרפֿט נעמען אַזאַ דעמב זאָל אויסוואַקסן, — און דאָ איז ביז איצט קיין דעמב נישט געווען. איך קען דעם וואַלד ווי מיין האַנט, — דערציילט דער גוי.

דער היטל־מאַכער האָט אין שטאָט איבערדערציילט דאָס וואונדער, דאָס וואָס די גויים האָבן געגלויבט אין אים, האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט אין זייערע אויגן יואלס הייליקייט.

יואלן אַליין האָט מען אָבער אין ערגעץ נישט געקאָנט געפֿינען. די מאַמע האָט געוויינט — פֿאַר צער, און אפֿשר פֿאַר נחת — און איז אַרומגעלאָפֿן מיטן היטל־מאַכער און מיטן שוסטער זוכן יואלן. דער פֿאָטער איז געזעסן אין דעם קאַלטן חברה־תּהילים־שטיבל אויף דער ערד און אָפּגעריכט חצות יעדן טאָג, — נאָר דער צדיק איז אַלץ נישט געווען.

דערווייל איז יואל געזעסן אין דאָרף ביים ייד, דעם קרעטשמער, אַ צען־צוועלף וויאָרסט פֿון שטעטל. דער ישובניק האָט צו אים אַזוי געזאָגט: „הער נאָר, בחור, וועסטו לערנען מיט מיינע קינדער, וועל איך דיר געבן עסן און טרינקען; וועסטו נישט לערנען מיט מיינע קינדער, נעם דאָס פּעקל, און היידאָ!״

יואל איז איבערגעבליבן אין דאָרף ביים קרעטשמער. די קינדער זיינען געווען קליינע, אומוויסנדיקע, און ער האָט געאַרבעט אַריינצוברענגען אין זיי דעם אלף־בית. זיינע תּפֿילות האָט ער אָפּגעריכט אין וואַלד. קיין ספֿרים האָט ער נישט געהאַט, ער האָט אָבער איצט נישט געדאַרפֿט קיין ספֿרים. ער איז יעדן טאָג אַרויס אין וואַלד, האָט אויסגעזוכט דאָס פֿאַר־

באָרגענע אָרט און זיך אַוועקגעשטעלט מכוון צו זיין זיך צו באַהעפֿטן די וועלט מיט נצחיות.

אַזוי האָט ער פֿאַרבראַכט גאַנצע טעג.

איינמאָל, אין אַ שיינעם נאָכמיטאָג, זיינען פֿאַרפֿאָרן צום קרעטשמער עטלעכע פֿורן מיט יידן פֿון שטאָט. צווישן זיי איז אויך געווען דער היטל־מאַכער, דער קליינער שוסטער, קצבים־יונגען, גלאַט אַזוי באַלעבאַטים און אויך אַ נגיד פֿון שטאָט, אַ סוחר פֿון ווייץ. די יידן האָבן זיך געפֿרעגט אויפֿן בחור, דעם מלמד פֿון די קינדער. דער קרעטשמער האָט זיך דערשראָקן, האָט זיי אָנגעוויזן אויפֿן וואַלד, וואו ער פֿאַרברענגט גאַנצע טעג. די יידן האָבן זיך ביים קרעטשמער נאָכגעפֿרעגט אויפֿן בחור, צי האָט ער נישט באַמערקט אין אים עפּעס אויסערגעוועגלעכס, און האָבן אים דערציילט, וואָס פֿאַר אַ פֿאַרבאָרגענער צדיק דער בחור איז.

ווען דער קרעטשמער האָט דערהערט, אַז דער בהור איז אַ פֿאַרבאָרגענער צדיק, איז ער נאָך מער דערשראָקן געוואָרן און פּלוצלינג אויך אָנגעהויבן דערציילן פֿון בהור גבורות־ונפֿלאות. אַלע צוזאַמען זיינען זיי אַריין אין וואַלד, אים אויפֿגעזוכט, און געבליבן שטיין פֿון דער וויטנס. זיי האָבן אים געטראָפֿן אין דעם זעלבן עקסטאַז ווי אין בית־המדרש, נאָר דאָ, אין פֿרייען וואַלד, צווישן די ביימער, אין דער איינזאַמקייט, האָט זיין דאַווענען, זיין וואַרפֿן־זיך און זיין עקסטאַז געמאַכט אויף זיי נאָך אַ פֿיל שטאַרקערן איינדרוק. זיי האָבן אָפּגעוואַרט ביז ער איז ווידער אומגעפֿאַלן, זיינען זיי צוגעקומען און אים אויפֿגעהויבן.

אַז ער האָט געעפֿנט די אויגן און דערזען אַרום זיך די עדה יידן, איז ער דערשראָקן געוואָרן און געוואָלט אַוועקגיין.

— רבי, מיר זיינען געקומען צו אייך. איר זאָלט אונדזער רבי זיין. מיר ווייסן, אַז איר זייט אַ פֿאַרבאָרגענער צדיק.

יואל האָט שטום געקוקט מיט זיינע אויגן, האָט נישט געענטפֿערט און געוואָלט גיין ווייטער.

— רבי, קומט מיט אונדז אין שטאָט אַריין, מיר וועלן אייך מאַכן אַ שיין הויז און איר וועט אונדזער רבי זיין, — רופֿט זיך אָפּ דער נגיד פֿון שטאָט.

יואל האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ צו דער ערד, ערגעץ־וואו אַריינגעגבערט זיין בליק און אַזוי געזאָגט:

— דער מענטש, גאָטס אויסדערוויילטע בריאה, איז וויניקער פֿון אַלע געטלעכע באַשעפֿענישן מסוגל צו באַנעמען די אמתע סיבה, פֿון וואַנען ער קומט, צו פֿילן דעם ניצוץ און אָנצובינדן זיך אין נצחיות, ווייל ער האָט אַ פֿרייען ווילן. דער פֿרייער ווילן פֿאַרשטעלט פֿון מענטש דעם ריכטיקן

כּח און ער מיינט, אַז אַלצדינג קומט פֿון אים, מידיו, און אַזוי אַרום זינקט ער און פֿאַרלירט זיך אין טויט אין דער־וועלט. דער דומם, דער צמח, און אַפֿילו דער חי, ביי וועלכע דער איינציקער ווילן איז נישט אַזוי שטאַרק, זיי זיינען תּמימים. און אויב זיי קאָנען נישט מיטן אייגענעם כּח אָנקומען צום מקור, ווייל דער נשמה־ניצוץ איז ביי זיי זייער קליין, זיינען זיי אָבער מסוגל דורך אַן אַנדערן אויפֿגעהויבן צו ווערן. דורך דעם באַדאַרף איך זיך געפֿינען נאָר צווישן די דוממס, צמחס און חיס. דענסמאָל וועל איך שטענדיק קאָנען פֿילן דעם ניצוץ און תּמיד אָנהעפֿטן זיי אין דער נצחיות...

זיי האָבן נישט פֿאַרשטאַנען די ווערטער, נאָר טאַקע דערפֿאַר זיינען זיי דערשראָקן געוואָרן. און ווען ער האָט זיי פֿאַרלאָזט, זיינען זיי אים פֿון דערווייטנס נאָכגעגאַנגען.

— וואָס האָט ער געזאָגט? וואָס? — האָט געפֿרעגט דער קליינער שוסטער דעם היטל־מאַכער.

— פֿרעגט נישט, קדוש, הייליקייט! אַלץ, וואָס ער רעדט, איז קדוש, — האָט אים דער היטל־מאַכער אָפּגעענטפֿערט.

דער עולם איז אים פֿון דערווייטנס נאָכגעגאַנגען. יואל איז צוריק אַהיים געקומען צום קרעטשמער און באַלד איז שוין געמאַכט געוואָרן אַ מחיצה צווישן אים און דעם פֿאָלק. אין איין שטיבל איז געווען יואל, אין אַן אַנדער שטיבל די עדה, און דער היטל־מאַכער האָט זיך אַוועקגע־שטעלט ביי דער טיר אויפֿן שוועל און קיינעם נישט אַריינגעלאָזט צום „רבין". דער „רבי" איז געווען אַליין, געשטאַנען ביים פֿענצטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסן, און געבענקט נאָכן וואַלד מיט די לאָנקעס.

צום רבין האָט מען נאָר אַריינגעלאָזט דעם נגיד, דעם סוחר פֿון ווייץ, און ער איז טאַקע געזעסן לעבן אים און געהיט, ער זאָל נישט אַנטלויפֿן דורכן פֿענצטער. דער נגיד האָט געהאַט אַן איין־איינציקע טאָכטער, אַ יפֿת־תּואר, און געלט אויך, — דער רבי איז אַ בחור...

דער נגיד האָט געשיקט די פֿור אין שטאָט אַריין צו ברענגען דעם פֿאָטער זיינעם, און אויך ר' איציקל חסיד. פֿאַרנאַכט אין די פֿור צו־ריק געקומען. דער פֿאָטער האָט נישט געוואָלט קומען. ר' איציקל איז יאָ געקומען. ר' איציקל איז געווען דעם נגידס אַ מעקלער. אַ יודע־ספֿר און אַ חסיד אַן אַ רבין. זייט דער אַלטער ראַדזימינער איז נפֿטר געוואָרן פֿאַרט ער נישט, נישטאָ צו וועמען. פֿון יונגן רבין האַלט ער נישט, איז ער דורך דעם צעקריגט מיט די חסידים און חברט זיך מיט די באַלעבאַטים, און צום מערסטן מיט דעם נגיד, וואָס גיט אים צו פֿאַרדינען אַ קערבל ביי מעקלעריי. איציקל איז צוערשט געקומען מיט שפּאָט און חוזק, ווי דער

שטייגער איז פֿון חסידים, נאָר אַז ער האָט געזען, אַז דער נגיד האַלט פֿון יואלן, האָט ער געטראַכט, אפֿשר איז עס אַן ענין. איציקל איז אַריין שמועסן מיטן רבין. נאָר וואָס ווייניקער יואל האָט אים געענטפֿערט, אַלץ מער איז ער איציקלען געפֿעלן געוואָרן. און אַז יואל האָט אים סוף־כּל־סוף געזאָגט דאָס, וואָס ער האָט פֿריער אָפּגעענטפֿערט די באַלעבאַטים, אַז ער ווייסט נישט, אויב ער איז ביכולת בשר־ודמס אויפֿצוהייבן, ווייל זיי זיינען נישט מבטל זייערע רצונות, דוממס און צמחס קען ער יאָ אויפֿהייבן,ווייל זיי זיינען תמימים, האָט איציקל אָפּגעענטפֿערט:

— פּרוּאוּוט מען.

און אַז דער נגיד האָט געפֿרעגט, וואָס ער מיינט, האָט איציקל אָפּ־געענטפֿערט:

— אַ הויכער ענין.

און די בעלי־מלאכות האָבן זיך שוין גערוימט אין די אויערן:

— איציקל חסיד זאָגט אַליין, אַז עס איז גרויס!

זיי זיינען געווען גליקלעך. דער אַרענדאַר האָט זיך אָנגעטאָן די שבת־דיקע קאַפּאָטע לכּבֿוד דעם רבין, און די אַרענדאַרקע — די שבתדיקע הויב. מען האָט אָנגעגרייט עסן פֿאַר דער גאַנצער עדה, און אָנגעצונדן ליכט אין אַלע שטיבער, — אַלץ אויפֿן חשבון־הנגיד. און אַז עס איז גע־קומען צו מנחה־מעריב, האָט מען געדאַווענט מיט מנין, געוואַרט אויפֿן רבינס אויסגיין שמונה־עשרה. און אַז עס איז געקומען צום עסן, האָט דער רבי נישט אָנגערירט, נישט געוואָלט עסן בציבור, האָט מען אויסגעטייטשט, אַז ער ברוגזט זיך נאָך...

האָט דער נגיד זיך געסודעט מיט איציקלען אין אַ ווינקל וועגן פֿאַר־שיידענע זאַכן, און צווישן אַנדערע אויך וועגן זיין טאָכטער, דער יפֿת־תּואר, און וועגן איציקלס גבֿאות...

און יואל איז אַלץ געשטאַנען אין פֿענצטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסן, און געזען די נאַכט, ווי זי דעקט צו דאָס פֿעלד און דעם וואַלד — האָט ער געבענקט נאָכן געזאַנג, נאָך דעם דרויסן...

---

ביינאַכט איז ער ווידער פֿאַרשוואונדן. ער איז געגאַנגען אין נעענטסטן שטעטל אַריין, נאָר זיין שם איז שוין פֿאַרויסגעגאַנגען פֿאַר אים. קוים האָט ער זיך באַוויזן אין בית־המדרש פֿון דעם פֿרעמדן שטעטל, איז באַלד גע־וואָרן אַ געסודעריי אין די אויערן. מען איז צוגעקומען צו אים, מען האָט אים אָפּגעגעבן שלום־עליכם מיט הכנעה. באַלד איז געוואָרן אַ שטופּעריי; אַלע האָבן געוואָלט זען דעם פֿאַרבאָרגענעם צדיק, וואָס טוט וואונדער, אַלע האָבן געוואָלט האָבן די זכיה צו באַרירן זיין האַנט, און באַלד האָט

אויך אין דעם שטעטל זיך געפֿונען אַ נגיד, וואָס האָט אים גענומען צו זיך (דער נגיד האָט אויך געהאַט אַ טאָכטער). און עס האָט זיך געפֿונען אַן אַנדער היטל־מאַכער, וואָס האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף דער וואַך ביים רבין און נישט צוגעלאָזט קיינעם, אַ חוץ די אויסדערוויילטע. דאָס שטעטל איז געשטאַנען אַרום די פֿענצטער.

אין דעם פֿרעמדן שטעטל, וואו קיינער האָט יואלן נישט געקענט, קיינער האָט אים נישט געדענקט ווי אַ יינגל און קיינער האָט זיין פֿאָטער און מוטער נישט געקענט, נאָר געהערט פֿון זיין נאָמען, איז זיין שם געוועזן נאָך פֿיל גרעסער. נאָר באַלד זיינען אָנגעקומען די פֿורן פֿון יואלס שטעטל, מיטן נגיד, דעם וויי‌צן־סוחר, מיט איציקל חסיד, מיט דעם היטל־מאַכער און דעם קליינעם שוסטער, מיט די קצבים און בעלי־מלאכות. דערהערט, אַז דאָס צווייטע שטעטל וויל ביי זיי אויסכאַפּן דעם צדיק און באַהאַלטן פֿאַר זיך, זיינען זיי גרייט געווען זיך צו שלאָגן, דאָס לעבן איינצושטעלן, אַבי נאָר אַרויסצוקריגן דעם צדיק. דאָ האָט זיך שוין געהאַנדלט אין פּרנסה, אין וועלכן שטעטל דער צדיק זאָל וואוינען, אין וועלכן שטעטל די הונדערטער און אפֿשער טויזנטער חסידים — מענער און פֿרויען, קראַנקע און געזונטע, וואָס וועלן קומען צום צדיק עצות פֿרעגן — זאָלן זייער געלט איבערלאָזן. דאָס שטעטל וואו יואל איז געבוירן געוואָרן, האָט געפֿירט די גערעכטע טענה: דער צדיק איז זייערער. דאָס צווייטע שטעטל האָט אָבער אָפּגעענטפֿערט, אַז ביי זיי האָט מען דעם צדיק געשלאָגן און אַרויסגעטריבן פֿון שטאָט.

דערווייל זיינען אַלץ מער פֿורן אָנגעקומען פֿון יואלס שטעטל דעם צדיק אַהיים צו נעמען. אַלע האָבן איצט געוואָלט זיך אָנכאַפּן אָן צדיק. עס האָט געהאַלטן ביי אַ געשלעג צווישן די צוויי שטעטלעך. דער סוף איז געווען, מען האָט זיך אויסגעגלייכט, געגעבן אָפּטרעט־געלט און מען האָט יואלן אַהיים געפֿירט אין זיין געבורט־שטעטל, מיטבאַגלייט מיט באַלייכטונג, בהדרת מלך.

דאָס גאַנצע שטעטל ווייבער און קינדער איז דעם צדיק אַנטקעגן געגאַנגען. ליכט אין די פֿענצטער האָט מען אָנגעצונדן פֿון זיינעטוועגן, און וואָלט עס נישט געווען אין די דריי וואָכן, וואָלטן די כּלי־זמר געשפּילט. פֿאַרפֿאַרן איז מען צום נגיד אין הויז, אָפּגעגעבן דאָס גאַנצע הויז פֿאַרן רבין, אויס דעם זאָל דעם רבינס שטוב געמאַכט, גרויסע ספֿרים־שענק אַריינגעשטעלט אַהין, ספֿרי־תּורות, שיינע טישן מיט טייערע טישטיכער, אַ גרויס, טיף פֿאָטער־שטול. אין דעם הויז האָט מען אויך טאַטע־מאַמע אַריינגעבראַכט. עס האָט דאָך שוין נישט געפּאַסט, אַז דעם צדיקס מאַמע זאָל אין גאַס האַנדלען. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געגלויבט אין צדיק, און

די, וואָס האָבן נאָך ספֿקות געהאַט, האָבן מורא געהאַט דאָס מויל אויפֿ־צועפֿענען. עס האָט זיך געהאַנדלט אין פּרנסה פֿאַרן שטעטל, און אין פּרנסה זיינען אַלע פֿאַראינטערעסירט געווען. דער מקווה־ייד און בחורים, וואָס האָבן אים געשלאָגן, זיינען אַריינגעגאַנגען צום צדיק אין די זאָקן, און אַוועקגעשטעלט זיך ביי דער טיר, און געבעטן מיט טרערן אין די אויגן „מחילה״. זיי האָבן מורא פֿאַר זייער׳ע יונגע יאָרן.

ר׳ איציקל חסיד איז געוואָרן גבאי, דער היטל־מאַכער — שמש, דער נגיד — דער ערשטער מקורב, און דאָס גאַנצע שטעטל — חסידים.

די ערשטע פֿאַר נעכט האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ וואָך איבערן רבינס שטוב און געהיט דעם רביך. און אויף שבת נחמו איז זיך צונויפֿגעפֿאָרן אַן עולם פֿון די אַרומיקע שטעטלעך. טייל אויס נייגיריקייט האָבן געוואָלט זען, וואָס דאָס איז אַזוינס, אַנדערע זיינען געקומען, ווייל דער נגיד און איציקל חסיד האָבן געשיקט נאָך זיי. מען איז געקומען האַלב אין ספֿק — און אַנדערע אַפֿילו מיט לצנות. פֿרייטיק אין אָוונט, צו קבלת שבת, ווען דער עולם איז שוין געווען אין די שטריימלעך און אין די אַטלעסנע קאַפּאָטעס, פֿאַרזאַמלט צום דאַווענען, האָט דער רבי זיך פֿאַרשלאָסן ביי זיך אין חדר און נישט געוואָלט אַרויסגיין מיטן עולם דאַווענען. דער נגיד און איציקל חסיד האָבן אָנגעקלאַפּט אין טיר, געשריען, געבייזערט זיך. — עס האָט נישט געהאָלפֿן, יואל האָט נישט געוואָלט עפֿענען. און דאָ וואַרט דער עולם מיטן קבלת־שבת.

דער סוף איז געווען, אַז מען האָט אַריינגעשיקט צו אים דעם פֿאָטער מיט דער מוטער. דער פֿאָטער האָט פֿון אָנהויב גאָרנישט געגלויבט און נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך. נאָר ער האָט אָנגעהויבן איצט שוין מבטל צו מאַכן זיין דעה פֿאַר דעות־הרבים, ווי זיין געוואוינהייט איז געווען. איצט איז ער געגאַנגען צום ערשטן מאָל רעדן מיטן זון. די מאַמע האָט געגלויבט פֿון דער ערשטער מינוט אָן און איר פּנים האָט געשטראַלט פֿאַר נחת און גדולה. אָנגעטאָן איז זי געווען איצט אין שיינע קליידער, מיט דער נגידותטעס שענסטער הויב אויפֿן קאָפּ און אַ שנור קרעלן אויפֿן האַלדז, און די גרויסע מאַמע־אויגן האָבן באַלויכטן איר פּנים. און זי איז אַריינ־געגאַנגען בדחילא ורחימא, מיט טרערן פֿון פֿרייד און געבעטן זיך:

— קינד, פֿאַרשעם מיך נישט פֿאַר מענטשן!

און אַז יואל האָט אייגעקנייטשט זיין הויכן, גרויסן שטערן, פֿאַרביטן די ליפּן פֿאַר צער און געזאָגט ממש מיט געוויין:

— מאַמע, איך ווייס נישט, אויב איך וועל קענען. זיינען דאָך בשר־ודמס פֿאַרזונקען אין אייגענעם רצון.

האָט דער פֿאָטער זיך אָנגערופֿן:

— אַז דו האָסט אָנגעהויבן, מן־הסתם האָסטו דאָך אַ דרך.

האָט ער געענטפֿערט:

— מיין דרך איז נאָר פֿאַר תּמימים, פֿאַר דוממס און צמחס.

האָט דער פֿאָטער שוין נישט פֿאַרשטאַנען:

— מה־דאָך, איז דאָך די בריאה, וואָס קדוש־ברוך הוא האָט איר אָפּ־געטיילט פֿון זיין חלק, אוודאי און אוודאי, — און מען מוז דאָך עפּעס האָבן אמונה אויך.

האָט ער דעם פֿאָטער נישט געקענט געבן צו פֿאַרשטיין. און דערווייל וואַרט דער עולם הינטער דער טיר. פֿון דער צווייטער שטוב הערט זיך דער רעש פֿון פֿאָלק, ווי דאָס גערויש פֿון אַ ים. זיי זיינען אומגעדולדיק און ווילן אָנהייבן קידוש־השבת אָן דעם רבין. עס ווערט שפּעט, און לענגער וואַרטן ווילן זיי שוין נישט. ר׳ איציקל קומט אַריין אַ צעשוויצטער, דאָס שטריימל אַרויפֿגערוקט, די קאַפּאָטע אויפֿגעשפּיליעט און פֿאָדערט: דער עולם וואַרט, עס וועט זיין אַ חרפּה נישט נאָר פֿאַר אים, נאָר פֿאַר די אַלע, וואָס האָבן געגלויבט אין אים, — און דער עולם וויל שוין נישט לענגער וואַרטן, — עס ווערט שפּעט, און ער מוז געדענקען, אַז ער איז שוין נישט אַליין. און גייט ער נישט אַרויס באַלד, גייט ער אַריין צום עולם און הייסט דאַווענען...

און יואל שטייט ווי אַ דומם און שוויגט, און קוקט אין פֿענצטער אַרויס צו די ביימער מיט בענקשאַפֿט.

האָבן פֿון דער מאַמעס אויגן טרערן אַרויסגעשפּריצט, אַזוי גרויס ווי פּערל, און זי האָט געזאָגט:

— קינד, דער צער פֿון דער מאַמען וועט זיין גרויס. ווי אַזוי וועט זי קאָנען אַריבערטראָגן די חרפּה!

האָט ער רחמנות געהאַט, — די ערשטע פֿרייד פֿון דער מאַמען צעש־טערט; און ער האָט געזען ווי די גרויסע שבת־אויגן ווערן ווידער פֿאַר־טרונקען אין די וואָכעדיקע קנייטשן, — די קנייטשן און די אָפּגעשיילטע הויט פֿון אָפּגעברענטקייט אויפֿן פּנים זיינען גובר איבער די אויגן, — פֿון דער מאַמען ווערט צוריק די יידענע, וואָס האַנדלט אין גאַס מיט די פּויערים.

האָט ער נישט געקאָנט מער, האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און איז אַריין אין דער צווייטער שטוב צום עולם.

די שטוב איז פֿול, עס גלאַנצן די זיידענע קאַפּאָטעס און עס שימערן שוואַרצע פֿוטערנע שטריימלען. ליכט ברענען, אין אַלע ווינקלען אָנגעפּראָפּט מיט יידן. ער גייט־צו צו דער וואַנט, גראָבט איין זיין פּנים אין

די הענט, דער חזן זינגט לכו־נרננה מיט אַ פֿריילעכן ניגון. צוזאַמען מיטן קול הייבט ער זיך אָן מכין־זיין אויסצוטאָן פֿון זיך יעדע גשמיות, צו פֿילן די נשמה אין זיך. דורך איר הויבט ער אָן זיך אָנבינדן אָן דעם מקור, פֿון וואַנען זי קומט, — עס איז אים לייכט, ער פֿילט דעם ניצוץ, ער איז שוין ניט אויף דער־וועלט, ער ווייסט שוין ניט, וואָס עס טוט זיך אַרום אים, ער זעט שוין גאָרניט — נאָר ליכט, ליכט און ליכט, וואָס אַמאָל טיפֿער גייט דאָס ליכט, און וואָס טיפֿער, אַלץ העלער, אַלץ ליכטיקער, — און פֿון דאָרט, פֿון אינעווייניק, גייט דאָס געזאַנג, — דאָס ליכט זינגט. באַלד ווערט ער אַליין אַ שטיק ליכט, און אַ געזאַנג, און שווימט־מיט. ער האָט געפֿילט ווי צו זיין נשמה ציען זיך פֿיל, פֿיל שנירלעך ליכט און באַ־העפֿטן זיך אָן אים. באַלד ווערן די שנירלעך גרעבער, עס ווערט איין שנור, דערנאָך ווערט עס איין ליכטיקע מאַסע. ער האָט געפֿילט, ווי ער טוקט זיך אין אַ ליכטיקן ים, און זיין נשמה ווערט דורך דעם לייכטער און פֿלינקער, — אַלץ ווערט איינס, עס זיינען שוין ניט קיין איינצלנע חסידים, איינצלנע נשמות, — פֿון אַלע נשמות איז געוואָרן איין נשמה, אַ גרויס, גרויס ליכט — און דאָס ליכט שווימט אַריין אין גרויסן וועלט־ליכט און עס זינגט שוין מיט, און אויס אַלץ ווערט איין ליכטיק שטיק וואָלקן, וואָס טונקט זיך און באָדט זיך אין אַ ליכטיקן ים, און גייט וואָס אַמאָל טיפֿער, טיפֿער...

ביים קדיש איז ער שוין געווען מיטן עולם וועיט, ווייט אין הימל, און ער איז מיט זיי אַריינגעשוואומען אין אַ טיפֿן בלויען שבת אַריין...

דער טיש איז געווען באַדעקט מיט דעם שענסטן טישטוך, באַלויכטן מיט צענדלינגער ליכט, וועלכע האָבן געשימערט אין די זילבערנע לייכ־טערס. זילבער און רויט־בלוטיקע ווײַנען האָבן געפֿינקלט. אַ טיש, באַ־שטעלט מיט די באַטעמטסטע מאכלים, וואָס האָבן פֿאַרשפּרייט זייער גע־שמאַק איבער דער שטוב. ביי ביידע זייטן טיש האָבן זיך געשאָקלט ווי ביימער אויף ביידע זייטן וועג חסידים אין זיידנס און סאַמעט, אין שוואַר־צע פֿוטערנע היטלען. די מאַמע און דער טאַטע, ביידע אין בגדי־שבת, זיינען געזעסן לעבן אים. די מאַמע אויך, — אַזוי האָט ר' איציקל גבאי איינגעריכט. און יואל איז געזעסן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, האָט קויב באַ־רירט מיט די הענט די מאכלים, וואָס זיינען באַלד געוואָרן צעכאַפּט אין שטיקלעך פֿון די חסידים, — שיריים. דאָס ליכט האָט אים אַריינגעשיינט אין די אויגן דורך די פֿאַרמאַכטע הייטלעך, און ער האָט גערעדט, ווי צו זיך, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פֿאַרשטיין, גערעדט מיט אַ נידעריקער שטימע, אָפּגעהאַקטע ווערטער.

— זייט ווי דוממס — תמימים, געפֿאַנגען נאָר אין דער וועלט, אָבער ניט מיטן גוטן ווילן, און געדענקט שטענדיק אין דער נשמה — וואָרים

דורך איר בינדט איר זיך אָן צום מקור, און אַזוי אַרום ברענגט איר אַריין די וועלט אויך בחשבון, וואָרים עס ווערט איין אחד, פֿאַרבונדן מיט דעם זעלבן תּכלית...

די פֿאַרשטענדיקע האָבן פֿאַרשטאַנען; די וואָס האָבן ניט פֿאַרשטאַנען, האָבן געזען און געגלויבט. די חסידים זיינען זיך אַלע צעפֿאָרן און האָבן פֿאַרשפּרייט זיין נאָמען איבער דער וועלט.

---

וואָס מער יואל האָט גערעדט וועגן התפשטות־הגוף פֿאַר די חסידים, אַלץ מער איז ער אַליין געפֿאַנגען געוואָרן אין הבלי־עולם־הזה. ער האָט אַליין ניט געזען ווי אַזוי עס איז געקומען און אַליין גאָרניט געפֿילט, נאָר עס איז געווען ווי די הנאהס פֿון דער וועלט האָבן געמאַכט אַ שטילן בונד און געוועבט אַ געשפּין־וועבעכטס אַרום יואלן און אים דערינען אַריינגענומען. שוין דאָס צימער אַליין, וואו ער האָט זיך געפֿונען, מיט די ספֿרים־שראַנקען, מיט די שיינע טישן און דעם שיינעם געהאָפּטענעם טישטוך, איז געוואָרן אַ שייכות צו אים, אַ זאַך, וואָס איז אים זייער געפֿעלן. אַרום זיין קערפּער איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ גאַנצע וואַך. די מענטשן אַרום אים האָבן געהאַלטן אין איין קלערן ווי אַזוי צו שטאַרקן זיין אויסגעמאַטערטן, אויסגעמוטשעטן קערפּער. מען האָט אויסגעזוכט פֿאַר אים דאָס טייערסטע און דאָס בעסטע און געמאַכט פֿאַר אים פֿאַרשיידענע געריכטן. און האָט ער געקעמפֿט קעגן דעם און ניט געוואָלט עסן, איז די מאַמע געקומען, איז געקומען די מחותּנתטע, דעם נגידס ווייב, ר׳ איציקל גבאי און גלאָט מקורבים, און אָנגעהויבן זיך בעטן ביי אים, אַז ער זאָל רחמנות האָבן אויף די חסידים זיינע, אויף דער עדה, וואָס גלויבט אין אים, ער זאָל זיך ניט פֿאַרהונגערן און, חלילה, אַוועקגענומען ווערן פֿון זיי. און איז עס דען געווען נישט מער ווי די גראָבע הנאה פֿון זינדיקן עסן, וואָס די וועלט האָט פֿאַר אים אָנגעגרייט? קעגן די גראָבע הנאהס האָט ער זיך נאָך געקאָנט ווערן. נאָר די וועלט האָט אויך געהאַט פֿאַר אים אַזעלכע גייסטיקע הנאהס, אַזאַ רוחניות, וואָס האָט געקאָנט ביישטיין קעגן די הנאהס פֿון יענער וועלט. שוין דער שבת אַליין, די הנאה פֿון שבת, די הונדערטער חסידים, וואָס זיינען זיך צוזאַמענגעפֿאָרן אויף אַ שבת, די זיידענע קאַפּאָטעס, די שטריימלען, די באַלייכטונג, דאָס דאַווענען, און דאָס וואָס ער, דער רבי, הייבט זיי אויף און נעמט זיי מיט זיך מיט אין אַנדערע עולמות, — דאָס איז געווען אַזאַ הנאה, וואָס קעגן איר האָט ער נישט געקאָנט קעמפֿן. אין דער הנאה איז געווען אויסגעמישט דאָס הימלשע מיטן ערדישן און ער האָט שוין נישט געוואוסט אירע גרענעצן...

און אַפֿילו דאָס באַהעפֿטן זיך מיטן ניצוץ, דאָס איבערגיין אין אַן אַנדער וועלט, איז איצט, ווען די חסידים זיינען געווען אַרום אים, און ער האָט דאָס באַדאַרפֿט, — אַפֿילו די הנאה פֿון התפשטות־הגוף, איז עפּעס געוואָרן ביי אים אַ הנאה פֿון דער־וועלט; אַפֿילו דאָס פּייניקן־זיך, דאָס פֿאַסטן און לייטערן־זיך, כּדי צו קאָנען אַריינגיין אין די עולמות, — דאָס זיינען איצט אַלע געוואָרן הנאהס פֿון דער־וועלט. ער האָט געהאַט כּבוד דערפֿאַר, הונדערטער חסידים זיינען געפֿאָרן צו אים, — ווייבער און יידן, לומדים און פּראָסטע בעלי־מלאכות האָבן געלויערט אויף זיינע טירן, גע־שאַרט זיך צו אים, געבראַכט זייערע צרות פֿאַר אים, און פֿאַר זיי האָט ער באַדאַרפֿט זיך מתדבק זיין אין כּוח, כּדי ער זאָל גלויבן אין זיך און ער זאָל קאָנען זיי מאַכן גלויבן אין אים. אָבער די הנאה, די ריינע הנאה איז פֿאַרשוואונדן אין אים.

ער פֿלעגט זיך נאָך איצט פֿון צייט צו צייט אין די פֿאַרנאַכטן אַרויס־גנבענען אין די פֿעלדער, אין וואַלד, און דאָרט פּרואוון זיך מתדבק צו זיין אין כּוח, — נאָר פֿון דערווייטנס האָט אים דער שמש געהיט, און טיילמאָל אויך די מקורבים, און אַז ער איז צוריקגעקומען, האָבן אַלע גערעדט דער־פֿון און אַלע האָבן געקוקט אויף אים מיט דאַנק; און די הנאה פֿון יענער וועלט איז פֿאַרשוואונדן, און עס איז נאָר געבליבן אַ הנאה פֿון דער־וועלט.

און וואָס מער ער איז געוואָרן איינגעטונקען אין עולם־הזה, אַלץ שווע־רער איז פֿאַר אים געוואָרן מתדבק צו זיין זיך אין יענער וועלט. עס איז געווען, ווי די הנאהס פֿון עולם־הזה האָבן פֿאַרטריבן די הנאהס פֿון עולם־הבא, דער קערפּער — די נשמה, דער חומר — דאָס רוחניות, און נאָך מער, ער האָט מיט דער צייט אַפֿילו אויפֿגעהערט בענקען נאָך זיי...

ער האָט אָנגעהויבן זוכן דאָס רוחניות אין דער־וועלט. די תּורה איז נישט געגעבן געוואָרן פֿאַר יענער וועלט, — האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם שפּרוך. געזוכט מצוות צו טאָן. צדקה צו פֿאַרטיילן, אַ סך מתפּלל צו זיין. און די תּפֿילה איז שוין נישט געווען אַ מיטל צו באַהעפֿטן זיך דורך איר מיט די עולמות, נאָר אַ תּכלית — אַסך צו עסן, כּדי ברכהס צו מאַכן; אַ סך צו לערנען, כּדי חלק־לעולם־הבא צו האָבן.

לכתּחילה, אַז דער נגיד האָט גערעדט וועגן חתונה האָבן מיט זיין טאָכטער, און דער פֿאָטער איז אַריינגעגאַנגען צו איר איבעררעדן, האָט ער נישט געוואָלט גאָר הערן דערפֿון. און אַז דער פֿאָטער האָט געפֿאָדערט בשם־התּורה ובשם־המצוה, האָט ער אָפּגעשטופּט, אָפּגעשלעפּט. חסידים זיינען בייז געוואָרן: „שרוי בלא אשה”. איציקל האָט זיך געקאָכט, דער נגיד האָט געסטראַשעט און די מקורבים האָבן גערעדט, — ער האָט אַלץ

דוחה געווען. און מען האָט גאָרנישט געקענט מאַכן מיט אים. „ער האָט זיין דרך, מן הסתם ווייסט ער וואָס ער וויל".

איצט האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן דער מצוה מיטביידע הענט. אַלע זיינען געווען גליקלעך. די מאַמע האָט געשטראַלט פֿאַר גליק, חסידים זיינען געווען מלא־שמחה און פֿון נגיד רעדט מען דאָך נישט.

אַ חתונה האָט מען אָנגעגרייט, וואָס אַזוינס איז נאָך נישט געווען. די גרעסטע רבנים פֿאַר אונטערפֿירער, כּלי־זמר געבראַכט פֿון עק וועלט, הונדערטער עופֿות געשאַכטן אַכט טעג פֿריער, אַ חתונה פֿאַר אָרעמע־לייט; פֿון דער גאַנצער וועלט זיינען זיך צוזאַמענגעפֿאָרן אָרעמע־לייט, פֿון דער גאַנצער וועלט — חסידים. מען האָט געהוליעט אַכט טעג פֿריער און אַכט טעג שפּעטער, — דער בחור־הקודש האָט חתונה, — חסידים האָבן אין דעם געזען אַ געוויסן רמז, אַז אַ ישועה וועט אויף דער וועלט קומען. משיח וועט קומען, אויב דער בחור־הקדוש האָט פֿון זיך די גזירה אַראָפּגענומען.

ער האָט זיך מכוון געווען קיין הנאת־הגוף נישט צו האָבן פֿון דער מצווה, און אָנגעשטרענגט זיין גאַנצע גייסטיקע קראַפֿט, נאָר עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. עס איז געווען ווי דער אויסגעמוטשעטער גוף, וואָס איז אַזוי לאַנג געווען אין געפֿאַנגענשאַפֿט ביי דער נשמה, וואָלט גע־זוכט די נשמה בייצוקומען. דער קערפּער, וואָס האָט איצט געקראָגן זיין שפּייז און געפֿאָדערט זיין שפּייז מיט חוצפּה, איז שטאַרק געוואָרן, קאָכעדיק, און ביי דעם גרעסטן ערדישן גליק האָט ער בייגעקומען די נשמה...

יואל האָט עס דערפֿילט און איז אַרומגעגאַנגען דעם צווייטן טאָג שרוי־בצער. קיינער האָט נישט פֿאַרשטאַנען דעם טעם דערפֿון. יואל האָט זיך נישט נאָר געשראָקן פֿאַר דער ממשלה פֿון זיין גוף איבער דער נשמה, נאָר אויך פֿאַר דעם, וואָס אין דעם גרעסטן ערדישן גליק וואָס ער האָט געגאָסן צום ערשטן מאָל, האָט ער דערפֿילט אַזאַ אומבאַגרענעצטע רייכ־קייט פֿון געפֿילן, די רייכקייט פֿון דעם גוף, וואָס קען דאָ זיך פֿאַרמעסטן מיט יעדער רייכקייט פֿון דער נשמה... און ער האָט אויף אַ מינוט גע־צווייפֿלט, וואו די וועגן ליגן...

און פֿון דער נאַכט אָן, ווען יואל האָט דערפֿילט דאָס העכסטע ערדישע גליק, וואָס דער קערפּער האָט צו פֿאַרטיילן, איז ער געווען ביים גוף אין די הענט...

---

אין דעם טיפֿן פֿאָטער־שטול איז געזעסן דער יונגער רבי, און אויס אָן אײדעלן, לאַנגן ציבעק, אַ מתנה פֿון אַ רייכן חסיד, האָט ער געדויכערט דעם האָוואַנישן טאַבאַק, און דינע וואָלקנדלעך רויך האָבן זיך געהויבן

ווי אַ זיידן דין געוועב איבער זיין קאָפּ. ער האָט זיך מיט דער האַנט גע־קרייזלט די פאות, געקרייזלט זיין שיטער בערדל. פֿון דער צווייטער שטוב, הינטער דער טיר, האָבן זיך געשטופּט מענער, ווייבער און קינדער, טייל קראַנקע אין קערפּער, טייל אין דער נשמה. און עס האָבן זיך אַריינגעריסן בענקענדיקע בליקן און פֿאַרשטיקטע קרעכצן פֿון דער זייט טיר. נאָר אויף דער וואַך ביי דער טיר איז געשטאַנען אַ שמש און קיינעם נישט אַריינ־געלאָזט. דער רבי איז נאָך אַליין, ער נעמט נאָך נישט אָן. דער גוף זיינער, וואָס איז אַזוי לאַנג געווען אויסגעמוטשעט און האָט איצט מיט אַ מאָל געקראָגן אַזוי פֿיל אָנגענעמלעכקייט, איז שטאַרק געוואָרן, קנאַפּיג. אַרום אים האָט זיך איצט געקנייטשט זיידנס און אַטלאַס און אָנגענעם אים באַ־רירט, און באַקוועם איז ער געזעסן אין דעם ווייכן, טיפֿן, לעדערנעם שטול, וואָס האָט זיך אויסגעבעט אַרום זיין גוף און אים פֿעסט געהאַלטן. די בליקן פֿון זיינע אויגן האָבן געגלעט דעם אָנגענעמען בלוט־רויטן קאָליר פֿון די שענק פֿול מיט ספֿרים, געבונדענע אין ווייסן פּאַרמעט און רויטן לעדער, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום דער שטוב. די שטראַלן פֿון פּערל און שטיינער, וואָס האָבן זיך געפֿינקלט אויפֿן זיידענעם פּרוכתל, האָבן זיינע אויגן באַלעבט. אַ בוים ליכט, געוועבט פֿון שטויב־שטראַלן, וואָס איז געפֿאַלן פֿון דעם זיידענעם פֿאַרהאַנג ביים פֿענצטער, האָט אים אַרומ־גענומען און באַלויכטן. פֿון דעם אָפֿענעם פֿענצטער האָבן זיך געטראָגן די ריחות פֿון לאַנקעס און דער בשׂמים־געשמאַק פֿון עפּל, דער פֿע־פֿערדיקער ריח פֿון יאַשמין, קאַפּפֿער און טוי־בלומען, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין די גראָזן. פֿון דער צווייטער שטוב האָט זיך דערהערט זיין יונג ווייבלס הילכיק קולכל, וואָס האָט געפּישטשעט ווי אַ פֿידעלע און האָט דערוועקט אין אים אַנגענעמע געפֿילן... ביי דער צווייטער טיר איז געשטאַנען ר' איציק חסיד, זיין פּנים איז איצט ברייט און פֿעט געווען, און די שטיקלעך באָרד, וואָס זיינען אַרויסגעוואַקסן, האָבן זיך פֿאַרלוירן אין זיין ברייטן פּנים. ער האָט זיך געדרייט אין הויז ווי אַ בן־בית און אַריינגערופֿן אין שטוב אַריין מיט ברייטקייט:

— לאָמיר דערלאַנגען דעם רבין עפּעס דאָס האַרץ צו דערכאַפּן.

באַלד איז אַריינגעקומען דער היטל־מאַכער, אָנגעטאָן אין רבינס אַ קאַפּאָטע, און האָט געהאַלטן אין האַנט אַ טעצל איינגעמאַכטס, און אין אַן אַנדער טעצל — קיכעלעך, האָט דאָס אָװעקגעשטעלט מיט אַ געוויס חנדל, וואָס איז געקומען פֿון ליבע צום רבין, פֿאַר יואלן. יואל האָט עס נישט באַמערקט, האָט געלאָזט שטיין דאָס איינגעמאַכטס און די קיכעלעך און איז ווייטער געזעסן פֿאַרטראַכט.

— רביצין, רביצין, דער רבי עסט ווידער נישט! און דער דאָקטאָר האָט אים געהייסן דאָס האַרץ דערכאַפּן יעדער שעה, — האָט דער גבאי געזאָגט צו דער יונגער רביצין.

די יונגע רביצין איז אין שטוב אַריינגעקומען. זי האָט אויסגעזען ווי מען וואָלט גענומען אַ מיידל און פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ ווייבל. אירע בעקלעך זיינען געווען רויט, פֿריש, און אירע יונגע אויגן — שיין און קינדעריש; דאָס מויל — אַ קליינס, צוויי צוזאַמענגעצויגענע ליפּעלעך, ווי אַ בלום, וואָס האָט זיך נאָך נישט אינגאַנצן אויפֿגעעפֿנט; און איבערן קאָפּ, ביז טיף אין די אויגן אַריין, אַ טיכער טשעפּטשיק פֿון ווייסע, זיידענע בענדער, מיט פּערל באַפּוצט. זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט פֿאַר אים פֿון דערווייטנס:

— יואל, דו האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט, אַז דו וועסט דיר נישט מער לאָזן דאָס האַרץ פֿאַרגיין...

— וואָס ווילט איר פֿון מיר? איך פּאַשע מיר שוין מיין גוף, איך פֿיטער מיר שוין מיין חומר, איך דין שוין צו אים, איך דין שוין! — האָט ער געזאָגט ברוגזדיק, מיט טרויער.

דאָס יונגע ווייבל האָט זיך דערשראָקן און געוואָלט אָפּטרעטן. זי האָט זיך אומגעקוקט אויף איציקלען, וועלכער איז געשטאַנען אין דער טיר און געוויזן איר מיט די אויגן, אַז זי זאָל נישט אָפּטרעטן.

— יואל, איך ווייס נישט, אויב דו טוסט גוט, — האָט זי געזאָגט, — דער דאָקטאָר האָט געהייסן דיר דערמאָנען, דו פֿאַרגעסט דאָך צו עסן! און דיין געזונט איז דאָך אַזוי טייער פֿאַר אַלעמען.

יואל האָט געשוויגן, איינבויגנדיק דעם קאָפּ. דענסמאָל האָט דער היטל־מאַכער געוואַגט נעענטער צוצורוקן צום רבין די טעצלעך, און דאָס ווייבל האָט זיך אָפּגערופֿן:

— טו עס פֿאַר מיר, יואל!

יואל האָט עס געטאָן פֿאַר דער ווייבל. ער האָט געטראַכט וועגן דער מצווה, פֿון דער ברכה, און ער האָט צוגערוקט צו זיך די טעצלעך, הויך און פֿרום אַ ברכה געמאַכט, און דאָס ווייבל האָט אָפּגעענטפֿערט אַ פֿרומען „אמן".

נאָר באַלד האָט אין דער טיר זיך באַוויזן די מאַמע. אַ פֿרעמדע אָרעמע פֿרוי, וואָס האָט מיט ציטערניש און פּחד זיך געהאַלטן ביי דער טיר, האָט זיך מיטגעשלעפּט מיט דער מאַמען.ביים פֿאַרטוך פֿון דער פֿרעמדער פֿרוי האָט זיך געהאַלטן אַ ייִנגל, וואָס האָט מורא געהאַט אַריינצוגיין, נאָר די מאַמע האָט אים געשטופּט. דאָס ייִנגל איז געווען יום־טובדיק אָנגעטאָן, נאָר זיינע שקאָציש עאויגן האָבן פֿרעך אַרויסגעקוקט פֿון אונטער זיין שבתדיקן זיידענעם היטעלע. דעם רבינס מאַמע, וועלכע איז איצט געווען

אָנגעטאָן ווי אַ נגידותטע, אַ רביצין, מיט אַ רייכער טיפֿער הויב, מיט בענדער באַפּוצט, מיט אוירינגלעך אין די אויערן, — האָט געוואַגט נעענטער צוצוטרעטן צום זון, האָט זיך אָבער דאָך אָפּגעשטעלט אַ טריט פֿון דערווייטנס און געזאָגט, אויסשטרעקנדיק די הענט:

— רבי, העלף דער פֿרוי, ס׳איז אַ גרויס רחמנות.

די פֿרוי ביי דער טיר האָט געפּרואווט איר יינגל שיקן פֿאָרויס פֿאַר זיך. אירע אויגן, וועלכע זיינען געווען רויט פֿון טרערן, האָבן איצט נישט געוויינט. ס׳איז נישט שיין געווען פֿאַרן רבין צו וויינען, נאָר זי האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן צו דער ערד, דאָס קינד פֿאַר זיך, איז געשטאַנען מיט אונטערטעניקייט פֿאַרן רבין.

יואל האָט אויפֿגעהויבן די אויגן און האָט אָנגעקוקט די מאַמע. זיין פּנים, וואָס האָט נאָך אויסגעדריקט די פֿרעמדקייט איבער דעם גרויסן שאַרפֿן שטערן, האָט זיך מיט אַ מאָל געענדערט, איז בלייך געוואָרן, האָט פֿאַרלוירן זיין קאָליר, און די גראָבע ליפּן האָבן זיך צוזאַמענגעביסן, די אויגן זיינען אים אַזוי אַרויס, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז יעדן אויגנבליק פֿאַלן זיי אַרויס.

— מאַמע, וואָס מיינסטו, אַז איך בין, חלילה, דער בורא עולם? אין מיין האַנט איז עס? וואָס בין איך ביכולת? עס איז דאָך דאָ אַ גרויסער בורא עולם. איז איר שלעכט, זאָל זי וויינען, זאָל זי בעטן צו אים.

— אָבער, זון, די פֿרוי איז אונדזער בעסטע שכנטע געווען, און אַז איך בין אַוועק אינדערפֿרי אין מאַרק אַריין און האָב דיך נישט געהאַט ביי וועמען איבערצולאָזן, האָט זי דיך צוגענומען און געהאַלטן דיך מיט אירע קינדער, ווי אַ מאַמע, ביז איך בין צוריקגעקומען.

די פֿרוי, אויף וועלכער מען האָט געזאָגט די לויב־ווערטער, האָט פּלוצלינג אויפֿגעהויבן די אויגן. דער צער פֿון איר אימה איז באַלד פֿאַרשוואונדן און אויף איר פּנים האָט זיך געוויזן אומבאַשרייבלעכע פֿרייד און גליק איבער דער זכיה, וואָס זי האָט געהאַט.

— וואָס זאָל איך איר טאָן? וואָס בין איך ביכולת? — האָט שוין יואל געשאָקלט אויף זיך מיטן קאָפּ מיט רחמנות.

— זי וויל גאָרנישט, יואל, נאָר איר קינד, וואָס זי האָט געבראַכט צו דיר, זאָל באַגערן צו לערנען און זאָל אויפֿוואַקסן אַן ערלעכער ייד און דינען השם־יתברך, — האָט געזאָגט דעם רבינס מוטער און צוגעשטופּט דאָס יינגל צו אים, ווי זי וואָלט וועלן דער יידענע באַצאָלן פֿאַר איר אַמאָליקער טובה מיטן גאַנצן האַרצן.

דאָס יינגל, אין דער נאָענטקייט פֿון רבין, האָט זיך פֿאַרלוירן, דאָס פּנימל זיינס, וואָס איז נאָך אַלץ שקאַציש געווען אַפֿילו אין שבתדיקן היטל, איז

בלייך און דערשראָקן געוואָרן; די פֿינקלדיקע אויגן — שוואַך, באַהאַלטן אונטער די הייטלעך ווי ביי אַ הון. נאָר דער מאַמעס נאָענטקייט האָט אים אַ ביסל דערמוטיקט, האָט ער געקוקט אויף דער מאַמען. דער רבי האָט אַרויפֿ־געלייגט די הענט אויף זיין קעפּל, פֿאַרמאַכט די אויגן און האָט עפּעס פֿאַר זיך געזאָגט. דערנאָך האָט ער אָפּגעלאָזט דאָס קינד און אָוועקגעבויגן זיין קאָפּ צו דער וואַנט. דעם רבינס מאַמע האָט אָנגענומען דאָס יינגל און אים איבערגעגעבן דער מוטער.

— ביים השם־יתברך איז אַלץ מעגלעך, אַלץ טוט דער רבונו־של־עולם. זאָל זי וויינען צו אים, בעטן, און מיטן גאַנצן האַרצן בעטן. דער רבונו־של־עולם האָט ליב די הערצער פֿון די פֿראָסטע און פֿון די מוטערס.

די מוטער האָט צוגענומען איר קינד און האָט מורא געהאַט אים צו באַרירן — פֿאַר דער הייליקייט, וואָס שוועבט אויף אים פֿון רבינס ברכה. אירע אויגן זיינען פֿול געווען מיט טרערן פֿון גליק און פֿרייד. זי האָט זיך טיף פֿאַרבויגן, נישט פֿאַרן רבין, — אַהין האָט זי מורא געהאַט צו קוקן, נאָר פֿאַר זיין מוטער, וועלכע האָט פֿאַרלאָזט איר זון מיט דעם געפֿיל פֿון אַ מאַמע, וואָס האָט געבוירן אַ קעניג.

באַלד נאָך דעם איז איציקל צוגעגאַנגען צו דער טיר, וואו דאָס פֿאָלק האָט געוואַרט, האָט אויפֿגעעפֿנט אַ קליינעם שפּאַלט, אַריינגערעדט עפּעס און אַריינגעלאָזט דאָס פֿאָלק צום רבין.

עס זיינען געקומען פֿאַרשיידענע יידן, בעלי־מלאכות, למדנים, קינדער, קראַנקע און געזונטע, וואָס האָבן אויף קוויטלעך אין זייערע הענט געהאַט אויפֿגעשריבן זייערע צרות און זייערע בקשות. אַריינגעקומען זיינען זיי ווי מען קומט אַריין אין הימל, פֿון וואַנען מען קען זיך אַלץ, אַלץ אויסבעטן און באַקומען. יואל האָט געהאַלטן דאָס פּנים צוגעווענדט צו דער וואַנט, די אויגן פֿאַרמאַכט, ווי ער וואָלט זיך געשעמט די מענטשן צו קוקן אין פּנים אַריין. עס זיינען אַריינגעקומען יידן, וואָס האָבן גאָרנישט באַגערט און גאָר־נישט געוואָלט, נאָר נישט מער ווי אָנקוקן דעם רבין און האָבן די זכיה זיין האַנט צו באַרירן. אַנדערע, וואָס זיינען געקומען דאַנקען פֿאַר די ישועות וואָס ער האָט זיי געגעבן. אַ טייל פֿון זיי האָבן זיך נישט געוואָלט פֿאַרלאָזן אויף דעם טרוקענעם, סקאַרבאָוון לשון פֿון דעם קוויטל און האָבן אָנגע־הויבן פֿאַרן רבין צו פֿאַרטרויען זייערע אינטימסטע, פֿאַרבאָרגנסטע סודות. טייל האָבן געבעטן אַ רפֿואה פֿאַרן קערפּער, אַנדערע — פֿאַר דער נשמה. מאַמעס האָבן געבראַכט זייערע קינדער, דער רבי זאָל זיי בענטשן. אַנדערע האָבן מתוודה געווען פֿאַר אים זייערע זינד און געבעטן אַ תשובה. אַ סך, גע־טריבן פֿון חרטה, זיינען אַרויסגעגאַנגען פֿון זיין שטוב, באַפֿרייטע, ווי ער

וואָלט צעבראָכן די קייטן פֿון דער משא, וואָס האָט זיי געדריקט. טייל האָט ער געטרייסט מיט אַ בליק, אַנדערע — מיט אַ וואָרט. — אַלעמען האָט ער געזאָגט, אַז ער אַליין קאָן גאָרנעשט טאָן, ער איז גאָרנישט ביכולת, אַלץ קאָן טאָן דער רבונו־של־עולם און צו אים דאַרף מען בעטן און וויינען. און וואָס קלענער ער האָט זיך געמאַכט, וואָס ווינציקער מאַכט ער האָט זיך צו־גערעכנט, אַלץ מער גלויבן האָט ער דערוועקט. פֿאַרלאָזענע און אומגליק־לעכע זיינען זיי אַריינגעקומען, פֿול מיט האָפֿענונג און ריינערע זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען. שוין דאָס טראַכטן אַליין וועגן אים האָט דערוועקט פֿרומ־קייט, צניעות, ריינע געדאַנקען ביי די טויזנטער, וואָס זיינען געקומען זוכן הילף אויף דער שוועל פֿון זיין טיר.

יעדן מאָל נאָך דעם אויפֿנעם האָט ער זיך געפֿילט אומגליקלעך און זינדיק. דאָס בענקעניש נאָך זיינע פֿריערדיקע טעג, נאָך דער ריינער נשמה, האָט אים אַרומגענומען און געפּייניקט. ער האָט זיך פֿאַרשלאָסן אין צימער און קיינעם נישט אַריינגעלאָזט צו זיך. מנחה און מעריב האָט ער געדאַוונט ביחידות, אָפּגעשלאָסן. אַ צעבראָכן האַרץ האָט ער געהאַט. יעדן מאָל נאָכן אויפֿנעם האָט ער געדאַוונט מעריב מיט אַ צעבראָכן געמיט. דאָס האָט אים אַ ביסל באַרואיקט און די הויז־מענטשן האָבן געוואָגט אַריינצוגיין צו אים נאָך מעריב, אַז ער זאָל עפּעס נעמען אין מויל אַריין. נאָך דעם אָוונט האָט דער שווער זיינער, ר׳ עוזרל ווייצן־סוחר, מיט ר׳ איציקל גבאי, גע־וואָלט אַריינפֿירן צו אים זייער אַן אָנגעזעענעם נגיד, אַ וואָזשנעם חסיד פֿון אַן אַנדערן רביץ, וועלכן זיי האָבן געוואָלט געווינען פֿאַר יואלן.

ווען דער רבי האָט זיך נאָך געהאַט אָפּגעגעבן מיטן פּראָסטן פֿאָלק, האָט ער זיך נאָך האַלב געפֿילט באַרואיקט, ווייל זיי גלויבן בתמימות. מיט אַזעלכע געסט אָבער, וואָס מען האָט אַריינגעפֿירט צו אים נישט ווייל זיי דאַרפֿן עפּעס, נאָר ווייל מען וויל זיי געווינען, האָט ער זיך געפֿילט זייער שלעכט און זינדיק. ער איז שטום געווען און טרויעריק און האָט נישט אָפּ־געענטפֿערט. טייל אַזעלכע וואָזשנע מקורבים האָבן זיך געפֿילט באַליידיקט און זיינען מער נישט געקומען. נאָר אַנדערע איז זיין שטום האַלטן־זיך דווקא געפֿעלן געווען און זיי האָבן זיך אָנגעקלעפּט אָן אים. דער נגיד, וועלכן מען האָט היינט געוואָלט אַריינפֿירן צו אים, איז געווען צו־וויכטיק, אַז מען זאָל ריזיקירן. עס האָט זיך געהאַנדלט אין אָפּנעמען אַ „פֿעסטונג" פֿון אַן אַנדער רביץ, איז צוערשט אַריינגעגאַנגען דער שווער, ר׳ עוזרל, מיטן גבאי, איבערצורײדן מיט יואלן.

נאָך דער רבי איז היינט געווען שלעכט אויפֿגעלייגט. דאָס דאַווענען האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. ער איז מטושטש געווען אין עולם־הזה און ער האָט בפֿירוש געזען, אַז מען לאָזט אים מער נישט אויפֿן הימל

אַרויף, אַז מען לאָזט אים נישט מער זיך באַהעפטן מיטן ניצוץ. שוין אַ האַלב יאָר — זינט ער האָט חתונה געהאַט, זינקט ער אין גשמיות, און קיינמאָל לאָזט מען אים נישט מער זיך אויפהייבן, און קיינמאָל איז נאָך ביי אים די תשוקה און דאָס בענקעניש נישט געווען אַזוי שטאַרק צום מקור ווי אין דעם היינטיקן אָוונט. איז ער אַריינגעפאַלן אין צער. און ווען ער איז אַריינגעקומען אין צער, איז עס געווען ביי אים אַ סימן, אַז ער ליגט צוגעבונדן צו דער ערד, וואָרים דער צער איז געווען די מוטער פון דער ערד, און די שמחה — די מוטער פון הימל.

ווי דער רבי האָט דערהערט, וואָס זיי פאַרלאַנגען פון אים, האָט ער אָנגעהויבן שרייען:

— וואָס מיינט איר, איר האָט מיך געדונגען, איך זאָל אַ וואָגן אָנגעלאָדן מיט שטיינער שלעפן אין הימל אַריין, ווייל איר פיטערט מיין גוף? גיט מיר שפייז פאַר דער נשמה, וועל איך אייך שלעפן אין הימל אַריין. איר בינדט מיך צו צו דער ערד, און איר ווילט, אַז איך זאָל אייך שלעפן צום הימל.

זיינען זיי אַרויס פון אים און אַריינגעשיקט דאָס ווייבל. וואָרים זינט די פרוי זיינע איז טראַגעדיק געוואָרן, האָט ער איר גאָרנישט געקאָנט אָפזאָגן.

אַ שולדיקע, אַ שווייגנדיקע, האָט דאָס ווייבל זיך געשטעלט אין דער טיר, האָט געקוקט אויף אים מיט בקשה אין אירע יונגע אויגן.

— וואָס ווילסטו? דער טאַטע האָט דיך געשיקט? — האָט יואל געזאָגט, ניט צו קוקן אויף איר.

— יואל, איך בין אַריינגעקומען, אַז דו זאָלסט עסן. שלמה טראָגט דיר אַריין דאָס עסן. איך וועל ניט אָפטרעטן פון דער טיר ביז דו וועסט נישט האָבן אויפגעגעסן. ס'איז שוין שפעט נאָך מעריב און דו האָסט נאָך גאָרנישט גענומען אין מויל אַריין.

און טאַקע באַלד האָט דער היטל־מאַכער אַריינגעטראָגן אַ טאַץ מיט עסן און אָוועקגעשטעלט אויפן טיש, און אַן אַנדער שמש מיט אַ שעפ וואַסער און אַ ריינעם האַנטוך האָט זיך אָוועקגעשטעלט ביים כיור, גרייט דעם רבין צו באַדינען.

יואל האָט דערזען איר טראַגעדיקע פיגור, כאָטש ער האָט נישט געקוקט אויף איר פנים. איר טראַגעדיקייט האָט אים געמאַכט שולדיק. ער האָט געהאַט דאָס געפיל יעדן מאָל, ווען ער האָט זי געזען, אַז זי איז די נשמה, וואָס ער האָט געהאַט בחורוויז, נאָר די נשמה איז פאַרזינדיקט געוואָרן דורך זיין שולד. און די שולדיקייט האָט אים פאַרפליכטעט צו דער זינד, אין וועלכער זייביידע שטעקן. ער האָט גאָרנישט מער גערעדט. איז

צוגעגאַנגען צום כּיור, געוואַשן זיך און אָװעקגעזעצט זיך ביים טיש עסן. און זי איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביי דער טיר, האָט נישט גערעדט, נאָר געוואַרט. און איר שטיין פֿאַר אים איז געווען ווי זי דערמאָנט אים, אַז ער האָט מער קיין רעכט נישט אויף יענער וועלט.

— נו, גוט, נו, גוט, זאָג דעם טאַטן, זאָל ער אים אַריינפֿירן. איך וועל אים מקבל זיין, בסבר פּנים־יפֿות וועל איך אים מקבל זיין.

---

דער רבי איז אַריינגעפֿאַלן אין עצבות. ער איז געזעסן גאַנצע שעהן, אַרום אים די חסידים און מקורבים ביים טיש, און ער האָט געשוויגן. נאָר דאָס שוויגן איז נישט געווען דאָס טיפֿע שווייגן פֿון שמחה, נאָר פֿון עצבות. דער ערשטער, וואָס האָט דאָס באַמערקט, איז געווען דווקא אַ פּשוטער ייד, — דאָס קליינע שוסטערל.

דאָס קליינע שוסטערל, וואָס האָט דער ערשטער געהאַט נביאות גע־זאָגט אויף דעם בחור, אַז ער איז אַ קדוש, איז געווען דער, וואָס האָט געוואָגט צו זאָגן, אַז דער רבי איז טרויעריק און זיין דאַוונען איז נישט דאָס.

געווען איז עס אַ פֿרייטאָג־צונאַכטס, וואָס איז אויסגעפֿאַלן שבועות. צום רבין האָבן זיך צונויפֿגעקליבן חסידים פֿון דער גאַנצער וועלט, געקומען זיך משמח זיין מיט קבלת־התורה. דאָס נייע בית־המדרש, וואָס מען האָט אויסגעבויט פֿאַרן רבי, האָט זיך געבראָכן פֿון חסידים. אַ גרויסער עולם אין הויף, — אַלע אין אַטלעס, אַלע אין פֿוטערנע שטריימלען. פֿון דער טונקלקייט בלישטשען אַרויס די צניעותדיקע פֿרומע שבת־ליכט, — שבת איז איבער דער וועלט, און זומער. די נאַכט רוקט זיך ערשט צו, ניט מיט טרויעריקייט, נאָר מיט אַ שטילקייט און מיט פֿרומקייט. די אונטער־געגאַנגענע זון באַהערשט נאָך דעם הימל, באַלייכט די שטיקער ליפֿנדיקע וואָלקנס, כאָטש מען זעט זי שוין לאַנג נישט. פֿון אַלע הייזער שיינען אַרויס שבת־ליכט. דער חזן זינגט דעם פֿריילעכן לכה־דודי, און דער רבי שטייט אין ווינקל, דאַכט זיך, ווי תּמיד. מען זעט גאָרנישט, אַז ער איז דאָ, ער באַוועגט זיך, נאָר מיט דעם קאָפּ אָנגעליינט אויף איין האַנט, פֿאַרטראַכט. וואו איז דאָס ליכט, וואָס ציט זיך פֿון זיי צו אים? וואו איז דער ניצוץ, וואָס ער האָט תּמיד געפֿילט אין זיך בשעתן דאַוונען? אַרום אים גראָבע חומרס, וואָס שוויצן, און מען פֿילט דעם שווייס, און ער שטייט אין מיטן, צווישן זיי, און זאָגט טרוקענע ווערטער. ער פֿאַרשטייט דעם פּירוש־המילות, נאָר די ווערטער זיינען אַלט, אַלע זאָגן זיי, יעדן שבת זאָגט מען זיי: „לכו־נרננה". אַ געזאַנג, מיינען זיי, צו גאָט? פֿון איינעמס „לכו־נרננה" הערט זיך אַ געשריי נאָך אַ שטיקל ברויט, פּרנסה; פֿון אַן אַנדערנס — אַ גוט

געשעפֿטל, דער מסחר פֿון וואַלד זאָל זיך אים איינגעבן; און אַ דריטנס — אַ מצווהלע, אַ קליינס, אַ שטיקעלע חלק־לעולם־הבא. יעדערער וויל עפּעס אַנדערש, — נישט פֿאַר זיין נשמה, נאָר אַ שטיקעלע, אַ ביסעלע פֿאַר זיין אָרעמען שטאַרבנדיקן חומר. בעטלערס שטייען אַרום און שנאָרן ביי גאָט: דער אַ שטיקל ברויט, דער אַ ביסל גדולה, אַן אַנדערער אַ מצווהלע, און פֿון אַלע פֿילט זיך דער שלעכטער ריח, דער ריח פֿון דעם פֿוילנדיקן חומר, און ער שטייט צווישן זיי — און וואָס וויל ער? אים האָט מען געזאָלבט פֿאַר דעם מלך פֿון שנאָרערס, אַז ער זאָל פֿאַר זיי אויסבעטלען שטיקלעך הנאות־הגוף. קען ער דאָס? ניין, ער נאַרט זיי אָפּ.

מיט די געדאַנקען האָט ער זיך אויסגעדרייט צום עולם. דאָס קליינע שוסטערל איז געשטאַנען הינטער אים. ער האָט זיך יעדן שבת געשטופּט אין שטיבל אַריין צום רבין. און ווי נאָר דאָס קליינע שוסטערל האָט אין זיין פּנים אַריינגעקוקט, האָט ער אַלץ געוואוסט.

— האָסט געזען? האָסט געזען? — האָט ער געפֿרעגט די חסידים אַרום.

— וואָס? וואָס?

— דעם רבינס פּנים, ער איז דאָך טרויעריק!

חסידים האָבן אים געוואָלט שלאָגן, צעטרעטן מיט די פֿיס. ער האָט זיך פֿון זיי אַרויסגעדרייט.

ביים טיש האָט דער רבי אַ לאַנגע צייט געשוויגן. די מקורבים, וואָס זיינען געזעסן אַרום טיש, האָבן געוואַרט, — מען האָט געוואַרט מיט די מאכלים אויפֿן רבינס תורה. האָט ער אָנגעהויבן עפּעס צו זאָגן, ווידער וועגן התפּשטות־הגוף, און וועגן אָנבינדן זיך אָן דעם ניצוץ און וועגן דערהויבן־זיך. נאָר פּלוצלינג האָט דער רבי דערזען דאָס קליינע שוסטערל, ווי ער איז געשטאַנען הינטער אַ חסידס רוקן און געקוקט אים גלייך אין פּנים אַריין. האָט דער רבי זיך דערמאָנט, אַז ער האָט ערגעץ־וואו געזען דאָס קליינע שוסטערל. ער האָט זיך דערמאָנט אָן יענעם דאַווענען אין בית־המדרש און ער האָט פּלוצלינג אויפֿגעהערט זאָגן תורה, איבערגעהאַקט.

חסידים און מקורבים האָבן זיך פֿאַרוואונדערט. נאָר שבת נאָכן טיש איז דאָס קליינע שוסטערל אַרומגעגאַנגען צווישן די חסידים און געברומט עפּעס אונטערן נאָז און געצויגן מיט די קליינע קרומע אַקסלען:

— עס איז עפּעס וואָס קאַליע געוואָרן. איך ווייס נישט, וואָס איז קאַליע, נאָר עס איז קאַליע.

פֿאַר די רייד האָט ער געכאַפּט צוויי פֿלאַמעדיקע פּעטש פֿון אַ חסיד, אַ בעל־הבית פֿון שטאָט:

— מיש זיך נישט אין אַזעלכע זאַכן, עם־הארץ!

האָט דאָס קליינע שוסטערל צוגענומען די צווי פּעטש, אָװעקגעשטעלט זיך אין אַ ווינקל ביים אויוון און געזאָגט זיין וואָכעדיקן תּהילים מיט אַ שבתדיקן ניגון.

---

דער וואַלד האָט געשוויגן, — אַן אָנגעוואַקסענער חומר, גראָבע ביימער מיט אַ סך צווייגן, צווייגן אַרום צווייגן, בלעטער גרינע, — אַלץ קומט אַרויס פֿון דער ערד, — צו וואָס? אַזוי ווי קראַנקע שוואָמען, וואָס דער רעגן ברענגט־אַרויס פֿאַרברענט צו ווערן, — און ער אין מיטן, אַ קראַנ־קער, אָנגעשוואָלענער שוואָם, אַרויס פֿון דער ערד, רייסט זיך אָפּ, קריכט־אַרום איבערן גראָז ווי יעדער חי, פֿאַרפֿוילט צו ווערן, אָפּשטאַרבן — און ווידער אויס, ביז דער גרויסער סוף וועט קומען און די גאַנצע וועלט וועט ערגעץ־וואו אַוועקגיין, אויסלאָזן זיך, אַ פּאַרע ווערן, אַוועקטראָגן זיך, — און ווידער אַן אַנדער קראַפֿט ווערן. אומזיסט האָט ער געפּרוּווט אויפֿהייבן זיך, געדענקען דעם ווילן, דעם כּוח פֿון דעם, וואָס האָט דאָס געשאַפֿן. אַ מינוט האָט זיך עס אים, חלילה, אויסגעוויזן, אַז דער, וואָס האָט דאָס געשאַפֿן, איז אויך אַזאַ כּוח, וואָס איז דורכדרינגלעך, און בייט איבער יעדן מאָל זיין לבוש. ער האָט זיך געשראָקן פֿאַרן געדאַנק.

עס איז געווען פֿאַרטאָג. די גראָזן זיינען געווען נאַס און די ביימער האָבן זיך געוועקט פֿון שלאָף. די אלול־זון, מיט ליכט, אָבער אָן היץ, ווי אַ פֿאַרמשפּטער צום טויט, וואָס וואַרט אויפֿן יום־הדין, איז אַרויס איבערן הימל. פֿון דערווייטנס האָט אַ פֿויגל אין אַ בוים געקלאַפּט, ווערים האָבן געסווישטשעט, ווידוי אָפּגעזאָגט. פֿון דערווייטנס האָבן זיך געהערט קולות: „רבי! רבי!" יואל האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער פֿייכטער ערד, די פֿיס האָבן אים געבראָכן פֿון דער פֿייכטקייט, און אַ מידקייט און אַ שלעפֿעריקייט האָבן אים אַרומגענומען. ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס ער האָט געטאָן די נאַרישקייט, צו וואָס איז ער געגאַנגען ביינאַכט אין וואַלד אַריין, — ער האָט פֿאַרגעסן דעם טעם דערפֿון...

נאָר עפּעס אַ בענקשאַפֿט האָט זיך געוועקט אין אים. ער האָט געהאַט דאָס געפֿיל, אַז ער האָט עפּעס פֿאַרלוירן און ניט געוואוסט וואָס. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן, אַרויסגעקראָכן פֿון די געדיכטע בלעטער. דער היטל־מאַכער איז שוין געשטאַנען פֿון דערווייטנס, געהאַלטן אַ וואַרעמע קאַפּאָטע און אים איינגעהילט. דער צווייטער שמש האָט אים אַ וואַרעמע שאַל אַרום האַלדז אַרומגעוויקלט. זיי זיינען אים נאָכגעגאַנגען אין שטעטל אַריין, מיט מורא, מיט אימה.

אויפֿן וועג איז זיי אַנטקעגן געקומען פֿון שטעטל דאָס קליינע שוס־טערל. ער האָט געהאַלטן אויף דער פּלייצע אַ זעקל מיט כּלים, געגאַנגען

אין אַ דאָרף אַרבעטן, געגאַנגען און געזונגען קאַפּיטלעך תּהילים מיט אַ שבתדיקן ניגון.

אַז דער רבי האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אָפּגעוואַרט ביז דאָס שוסטערל איז אָנגעקומען. נאָר דאָס שוסטערל האָט דעם רבין אַזוי ווי גאָרנישט באַמערקט, איז פאַרבייגעגאַנגען מיטן זעקל אויף דער פּלייצע, מיט אַ פריילעכן תּהילים־ניגון.

לאַנג האָט זיך דער רבי צוגעהערט צום שוסטערלס ניגון און זיך אָן עפּעס דערמאָנט...

ווידער איז די גאַנצע וועלט חסידים זיך צונויפגעפאָרן אויף שבת חול־המועד. דער רבי איז געוואָרן אַ בעל־שמחה, ער מאַכט אַ ברית. די מקורבים־נגידים האָבן געבראַכט מתּנות פאַר דער יולדת און פאַר דעם בכור. ר' חיימלען דעם גאָסטינינער האָט מען געבראַכט מוהל צו זיין. פיש איז געשיקט געוואָרן פון דער גאַנצער וועלט. אַ סעודה איז אָנגעגרייט געוואָרן ווי פאַר אַ חתונה, און שבת נאָכן ברית — טאַקע שבת חול־המועד סוכּות, האָט דאָס שטעטל זיך געבראָכן פון חסידים. די געסלעך האָבן זיך געשוואַרצט פון די זיידענע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס.

פרייטאָג נאָכמיטאָג, — אַ זומערדיקער נאָכמיטאָג נאָך, כאָטש ווינטיק. חסידים האָבן זיך אין מקווה געפּאָרעט. נאַסע פּאות און ווייסע קעלנער פון העמדער, שוואַרצע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, ווייסע זאָקן, — אַלע איילן זיך צום רבין. דאָס שטיבל איז שוין פול אַ שטיק פאַר ליכט־בענטשן. דער גאַנצער בית־המדרש ברעכט זיך, דער הויף אָנגעפּראַפּט. אין רבינס גאָרטן, אונטער די עפּל־ביימער, זיצן גרופּעס יונגע חסידים און זינגען שיר־השירים. אַנדערע — גלאָט אַזוי אַ פרומען ניגון. יינגלעך רייסן די איבער־געבליבענע עפּל פון די ביימער און טיילן אויף אַ ברכה. אין הויף און פון הויף גייען אַריין און קומען אַרויס מקורבים, סאַמע קאַרפּן־קעפּ, יידן מיט ברייטע פּלייצעס, לייכטנדיקע פּנימער און שוואַרצע בערד, די זיידענע קאַפּאָטעס אַריבערגעהאַנגען איבער די אַקסלען און די הויכע, פוטערנע שטריימלעך פאַררוקט אויף אַ זייט. יעדערן פון זיי קען מען. רופט מען אָן אַ נאָמען, קוקט מען זיך אום: דאָס איז ר' בערל זאַמאָשטשער, אַליין אַ האַלבער רבי; און דער, דער גרויסער רב, דער עלוי פון פּלאָצק; און אָן אַנדערער, דער גרויסער וואַרשעווער נגיד, וואָס איז געקומען מיט זיין בריטשקע און דריי פערד געשפּאַנט נאָשפּיטץ. אַנדערע זיינען גאָר אָרעמע, אין אָפּגעריסענע קאַפּאָטעס, אויסגעפליקטע שטריימלעך. נאָר מען האָט מער דרך־ארץ פאַר זיי ווי פאַר די נגידים. זיי אַלע קומען אַריין אין הויף, ווילן אַריין צום רבין פאַר קידוש־השבת. נאָר קיינעם לאָזט דער רבי נישט צו צו זיך. ר' איציקל קומט אַרויס, נעמט אַרום די מקורבים און סודעט זיך

עפּעס. באַלד ווערן עס געוואויר די יונגע חסידים און אַ ברומען און אַ סודען זיך גייט איבער פֿון איין אויער צום אַנדערן: דער רבי לאָזט קיינעם נישט צו צו זיך, ער איז זיך מכין.

באַלד ווערט מען געוואויר נאָך אַ וואונדערלעכע זאַך: דער רבי וועט אַליין מקדש זיין דעם שבת — און אויף דער פֿרייער וועלט. ער וויל די חסידים אַרויספֿירן פֿון די ענגע ד׳ אמות, און דאָרט, פֿאַר דער וועלט, פֿאַר הימל און ערד, מקדש זיין דעם שבת. די פֿרומקייט און די צניעות שטאַרקן זיך ביי יעדערן. אַ ציטערדיקע, דערהויבענע פֿרייד גייט אַדורך אַלע און אַ דערהויבנקייט פֿילט זיך נאָך איידער דער שבת קומט אָן.

הינטערן רבינס הויף זיינען די ברייטע פֿעלדער ביים ראַנד פֿון וואַלד, פֿאַשען זיך דאָרט די שטאָטישע בהמות, און ווען די זון גייט אַוועק אין וואַלד אַריין, ווערט ניט נאָר דער הימל איבערן פֿעלד באַלויכטן מיט אַן אויסטערליש ליכט, נאָר דאָס פֿעלד און אַלץ, וואָס אויפֿן פֿעלד, ווערט באַלויכטן מיט אַ הערלעך ליכט. און איצט זיינען אויפֿן פֿעלד פֿאַרשפּרייט גרופּקעס חסידים. דאָס שוואַרצע זיידנס שלאָגט צוריק פֿון זיך אַ ליכט פֿון פּערל און עס הערט זיך אַ שטיל ברומען, ווי אַ געזאַנג. וואָס אַמאָל מער ווערט דאָס פֿעלד פֿול מיט יידן, און אומעטום שלאָגט־אָפּ דאָס שוואַרץ־זיידענע און אַטלאַסענע מיט פּערל־גלאַנץ. אין אַן אַנדער ווינקל שטייען די פֿרויען מיט זיידענע געהאָפֿטענע טיכער אַרומגעהילט, פּערל און בריליאַנטן שפּריצן מיט שטראַלן, דער שטאַרבנדיקער זון אַנטקעגן, ווי זיי וואָלטן איר געוואָלט אַוועקגעבן זייער ביסל ליכט, זי זאָל ניט אויסגיין...

און אָט ווערט אַלץ שטיל, מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם, און ניט נאָר די חסידים, נאָר די גאַנצע וועלט. מיט רואיקע טריט קומט־אָן דער רבי פֿון זיין הויף. ער גייט מיט שטאָלץ און די אונטערגייענדיקע זון באַגיסט אים אין גאַנצן מיט אַ געל ליכט. און ער גייט נאָך דער זון, און די חסידים נאָך אים, מיט שטילע, קליינע טריט. אַלץ איז שאַ, שטיל, מיט איינגע־האַלטענעם אָטעם, ווי מען וואָלט געוואַרט אויף אַ נס, אויף אַ קץ. און דער רבי גייט אַלץ ווייטער, פּאַמעלעך, — נאָך דער זון נאָך, ביז ער קומט צום ראַנד פֿון וואַלד. עס ווערט טונקל און שטיל, וואָס אַמאָל טונקעלער און שטילער. פּלוצלינג הערט זיך אַ פֿייפֿל פֿייפֿן. קיינער הערט ניט, ווען עס האָט אָנגעהויבן פֿייפֿן מיט אַ לייכטן טאָן, און וואָס־אַמאָל שטאַרקט זיך דאָס פֿייפֿן. באַלד ווייעט־אַדורך אַ שטיקל געמורמל: דער רבי פֿייפֿט אויף אַ פֿייפֿל, ער איז מקדש־שבת מיט דעם פֿייפֿל. ער זאָגט קיין ווערטער ניט, ער וויל אַלץ זאָגן מיטן ניגון, מיטן פֿייפֿן. דער וואַלד איז שוין דאָ — און דער וואַלד פֿייפֿט־מיט, און די ביימער שאָרכען־מיט, און די גראָזן באַוועגן זיך, און באַלד דאַכט זיך, אָט־אָט הייבט עס אָן ווידער צו זינגען, עס הייבט־

אַז ווידער צו פֿילן אין זיך דעם כּוח, — עס ווערט באַלעבט. די ביימער הייבן זיך אָן וועקן פֿון אַ שווערן, לאַנגן שלאָף, — זיי דערפֿילן עפּעס, שאָקלען זיך וואָס־אַמאָל מער, שטאַרקער. די פֿייגל שרייען שוין, און אַפֿילו די גראָזן הייבן שוין אָן רעדן. אָט דערפֿילן זיי שוין דעם כּוח אין זיך, — זיי פֿאַרשטייען, וואָס מען מיינט, — און אָט וועט ער באַלד מיט זיין פֿייפֿל אויפֿוועקן דאָס געפֿיל פֿון דער וועלט, און זי וועט פֿאַרשטיין דעם כּוח, מיט וועלכן זי קומט, און דעם חלק, וואָס זי האָט אין בורא עולם, און אויפֿוועקן זיך פֿון חומר, און אָנבינדן זיך אָן דער אייביקייט, אָן דער גרויסער יצירה. און אָט פֿילט ער שוין אַלץ און פֿאַרשטייט דעם שבת, — דעם כּוח הכּל, דעם תּכלית. פּלוצלינג שרייט ווער אויס:

— עוכר ישראל, מחלל שבת בפּרסיה!

חסידים קוקן זיך אַרום. אַ טונקלער וואַלד, שבת, שטערן שיינען, און דער רבי פֿייפֿט אויף אַ פֿייפֿל, און דאָס קליינע שוסטערל שטייט קעגן דעם רבין און שרייט: „מחלל שבתניק, שטערן שיינען!"

אין באַזונדערע וועגן, איינציקווייז, איז דער עולם צוריקגעגאַנגען פֿון וואַלד, אַ פֿאַרשעמטער. אָן רבין האָט מען פֿאַרגעסן. ער איז ערגעץ־וואו אין וואַלד פֿאַרשוואונדן. אַ לאַנגע צייט האָט מען גאָרנישט געדענקט וועגן אים. געדאַוונט באַזונדער, ביי זיך אויף די קוואַרטירן. שבת־צו־נאַכטס זיינען זיי זיך צעפֿאָרן, ווי נאָכן עגל, — און דער רבי איז אַלץ נישט געווען.

נאָך הבדלה האָט דאָס ווייב און דער שווער געדונגען פֿורן און געשיקט אין וואַלד אַריין זוכן דעם רבין, — מען האָט אים ניט געפֿונען. צעשיקט פֿורן איבער די וועגן, און ער איז אין ערגעץ נישט געווען צו געפֿינען.

אין אַ יאָר אַרום האָט מען דערציילט, אַז עס גייט איבער די וועגן אַ דאַרער חסיד, נע־ונד. ער מיידט אויס שטעט און מענטשן און האַלט זיך אויף אין פֿעלדער און אין וועלדער, ביים וואַסער, עסט ווילדע גראָזן און איז ווילד באַוואַקסן. פּויערים האָבן אים געזאָלט האָבן באַגעגנט אין די באַהעלטענישן פֿון די וועלדער און געמאַכט אַ געיעג אויף אים, אָבער קיינער האָט אים נישט געקאָנט כאַפּן. טייל זאָגן, אַז דאָס איז דער בחור־הקודש, וואָס האָט אויף זיך גענומען די תּשובה איבער אַ גרויסער עבירה.

# איקוף פארלאג

## לידער און פּאָעמעס

| | |
|---|---|
| **חיים גראַדע** — דורות (לידער און פּאָעמעס) | $1.75 |
| **דוד האָפּשטיין** — איך גלויב (לידער) | 1.50 |
| **ז. וויינפּער** — דאָס געזאַנג פון אַ גלויביקן | 1.50 |
| **ז. וויינפּער** — ביים גרענד־קעניאָן | 1.50 |
| **דאָרע טייטלבוים** — אינמיטן וועלט (לידער) | 1.00 |
| מלכּה לי — קינות פון אונדזער צייט (לידער) | 1.25 |
| **אַ. סוצקעווער** — די פעסטונג (לידער און פּאָעמעס) | 1.00 |
| **אַ. סוצקעווער** — לידער פון געטאָ | .50 |
| **איציק פעפער** — די שאָטנס פון ווארשעווער געטאָ (פּאָעמע) | 1.00 |
| פאָלקס־געזאַנגען לויטן נוסח פון ח. קאַטיליאַנסקי (מיט נאָטן) | 5.00 |

## דערציילונגען און ראָמאַנען

| | |
|---|---|
| שלום אַש — דער ברענענדיקער דאָרן | 2.50 |
| שלום אַש — דער תהלים־ייד (ראָמאַן) | 3.00 |
| שלום אַש — **ערשטער באַנד** דאָס שטעטל, ר׳ שלמה נגיד, דער פאַרבאָרגענער בחור | 2.50 |
| **יהושע אַלקאָן** — די מלחמה אין מידלוויל | 2.50 |
| **ש. אַפּטער** — אין דער רוימישער געטאָ (ראָמאַן) | 3.00 |
| **ש. אַפּטער** — דער בונט און אַנדערע דערציילונגען | .25 |
| **אַברהם ביק** — ר׳ יעקב עמדין (אָוועלע) | 2.50 |
| **דוד בערגעלסאָן** — פרינץ ראובני (דראַמע) | 1.25 |
| **ראובן ברײַנין** — מיין לעבנס־בוך | 3.00 |
| **מ. גאָלדשטיין** — ביראָבידזשאַנער אויפן אַמור און אַנדערע דערציילונגען | 1.00 |
| **אַהרן גאָרעליק** — שטורעמדיקע יאָרן | 3.00 |
| **ז. וויינפּער** — אויף די זאַמדן פון יהודה (ראָמאַן) | 2.00 |
| שלום לעווין — אונטערערדישע קעמפערס (זכרונות) | 2.50 |
| **חיים מאַרגאָלעס דאַווידסאָן** — פאַרהאַנג | 2.50 |
| **יעקב מילך** — אויטאָביאָגראַפישע סקיצן | 2.50 |
| **מענדעלע מוכר ספרים — געקליבענע ווערק,** | |
| **באַנד 1,** דאָס קליינע מענטשעלע, די טאַקסע | 2.50 |
| **באַנד 2,** די קליאַטשע, מסעות בנימין השלישי | 2.50 |
| **באַנד 3,** פישקע דער קרומער, דער פריזיוו | 2.50 |
| **באַנד 4,** דאָס ווינטשפינגערל | 2.50 |

**ל. קאָברין** — ריווערסייד דרייוו (**דראַמע אין 3 אַקטן**) .25

**לעאָ קאַץ** — נקמה (**ראָמאַן**) **יידיש י. ס.** 2.50

**אַ. ראַבאָי** — איז געקומען אַ ייד קיין אַמעריקע 1.50

**אַ. ראַבאָי** — מיין לעבן, **באַנד 1,** 2.00

**באַנד 2,** 2.00

## קריטיק און קולטור־פּראָבלעמען

**נ. בוכוואַלד** — טעאַטער 3.00

**דע־לוקס אויסגאַבע** 5.00

**אַברהם ביק** — חסידות־מאָטיוון אין דער יידישער ליטעראַטור 1.00

**מ. ווינער** — יידישע ליטעראַטור אינם 19טן יאָרהונדערט (**1טער באַנד**) 2.50

**מ. ווינער** — יידישע ליטעראַטור אינם 19טן יאָרלונדערט (**2טער מאַנד**) 3.00

**ד״ר חיים זשיטלאָווסקי** — ייד און וועלט 2.50

**ד״ר חיים זשיטלאָווסקי** — דער זין פֿון מענטשלעכן לעבן 2.50

**ד״ר חיים זשיטלאָווסקן** — אונדזער נייער קולטור־ווילן .20

**אַברהם טייטלבוים** — וויליאַם שעקספּיר 3.00

**נחמן מייזיל** — י. ל. פּרץ (זיין לעבן און שאַפֿן) 2.50

**נחמן מייזיל** — פֿאָרגייער און מיטציילער 3.00

**פֿרידריך ענגעלס** — לודוויג פֿייערבאַך (**איבערגעזעצט פֿון ש. ווינער**) 1.00

**בריוו און רעדעס פֿון י. ל. פּרץ** — **צונויפֿגעזאַמלט פֿון נחמן מייזיל** 3.00

**י. א. ראָנטש** — אַמעריקע אין דער יידישער ליטעראַטור 2.00

**קעגן די אָנפֿאַלער אויף ד״ר ח. זשיטלאָווסקי (זאַמלונג)** .35

אַדרעס:

**YKUF, 189 Second Avenue, New York 3, N. Y.**